געקליבענע ווערק פון

# וויליאַם שעקספּיער

אידיש: י. י. שווארץ.

---

יוליוס צעזאַר

## האַמלעט

---

ערשטער באַנד.

## וויליאַם שעקספּיער

# יוליוס צעזאַר

טראַגעדיע אין פינף אַקטען

אידיש: י. י. שווארץ

מיט אַן אַלגעמיינעם פאָרוואָרט צו דער אידי־שער איבערזעצונג פון דזשאָזעף איראַן און י. י. שוואַרץ. איינלייטונג צו „יוליוס צעזאַר" פון געאָרג בראַנדעס. איבערזעצט פון הלל ראָגאָף.

אַרויסגעגעבן פון
פאָרווערטס, 1918, ניו־יאָרק.

## אינהאַלט:

# פאָרוואָרט צו דער אידישער איבערזעצונג

וויליאם שעקספיר, דער גרעסטער דראמאטישער דיכטער פון דער מאָדערנער צייט, איז געבאָרען געוואָרען אין יאָהר 1564 און געשטאָרבען אין יאָהר 1616, אין סטראַטפאָרד ביי דעם טייך אוואָן, א שטעדטעל אין ענגלאנד, וואָס זיין גאנצע בעפעלקערונג איז דאן בעשטאנען פון ארום אכט הונדערט נפשות.

דאָס שטעדטעל געפינט זיך אין וואָרווידקשייער קאונטי, אין רעכטען מיטעלפונקט פון ענגלאנד, וואָס איז דער איינציגער וואלדיגער געגענד פון בריטישען אינזעל; און אין דעם שטעדטעל וואָס ליגט אין הארץ פון וואלד האָט דער צוקונפטיגער געניאלער דיכטער פערבראכט די ערשטע פיער און צוואנציג יאָהר פון זיין לעבען.

בכלל ווייסען מיר זעהר ווייניג פון שעקספיער׳ס לעבען. דאָס ביסעל וואָס מיר ווייסען פון זיין פריהיגער יוגענד איז, אז ער איז געגאנגען אין דער שטעדטעלשער שוהל, וואו ער האָט געלערענט ענגליש פון דער ביבעל, אביסעל לאטייניש און האָט בעקומען אן עלעמענטארע ערציהונג אזוי ווי די אנדערע קינדער פון דער סביבה. דערפאַר אָבער האָט דער געניאלער דיכטער געהאט די געלעגענהייט צו לערנען די נאטור פון די ערשטע קוועלען. דער אייביגער וואלד מיט זיינע פערשיעדענע צמחים, חיות און פויגעל — איז געוועזן דאָס לאבאָראטאָריום אין וועלכען דאָס אינגעל האָט געלערענט נאטור־וויסענשאפט. און שפעטער, אין זיין „מיטזומערנאכט׳ס חלום“ ווערען דערמאָנט אלע חיות, צמחים און פויגעל פון ענגלאנד מיט אזוי פיעל אינטימע קענטשאפט און דורכדרינגענדע ליעבע.

אין יענער צייט, האָבען געוואנדערט אין די וועלדער פון וואָרוויקשייער שייקעס וואגאבונדען, וואָס זיינען בעקאנט אין דער ענגלישער ליטעראטור מיט דעם נאָמען „ראָווערס“. דאָס זיינען געוועזן מענשען וואָס זיינען ארויסגעשטויסען געוואָרען פון דער געזעלשאפט און האָבען זיך אויפגעהאלטען אין די וועלדער. זיי האָבען פול געמאכט דעם וואלד מיט די לעבענסלוסטיגע אלטע

פאָלקס־ליעדער און באַלאַדען, וואָס זיינען דאַן געזונגען געוואָרען פון גרויס און קליין אין לוסטיגען ענגלאַנד (מערי ענגלאַנד) און די היסטאָרישע לעגענדען, וואָס זיינען ארומגעגאַנגען אין פאָלק — און דורך וועלכע דאָס אינגעל שעקספּיער האָט פון ערשטען קוואַל זיך בעקאַנט מיט די אייגענטימליכע ענגלישע פאָלקס־לעגענדען און מיטען, וואָס געפינען שפּעטער זייער אויסדרוק מיט אזא גענויער פּינקטליכער קענטשאַפט אין זיינע ווערק.

און גראַד אזוי ווי די לעבעדיגע נאַטור אַרום האָט איהם גע־דיענט אלס א נאַטור־וויסענשאַפט׳ס לאַבאָראַטאָריום, אזוי האָט אויך דאָס לעבען פון דער פּרימיטיווער, אָבגעשלאָסענער סביבה איהם געדיענט אלס פּסיכאָלאָגישע לאַבאָראַטאָריום. אין קיין אנדער פּלאַץ קאָנען זיך מענשען ניט אזוי גענוי, אויסגעבונדען, מיט אלע זייערע מעלות און חסרונות, סימפּאַטיען און אַנטיפּאַטיען, ווי אין א קליין שטעדטעל. עס איז גענוג צו דערמאָנען, אז דאָס קליינ־שטעדטעל האָט כמעט אויף יעדען איינעם פון איהרע תושבים א צונאָמען, וואָס כאראַקטעריזירט כמעט תמיד, אויף א געלונגענעם אופן, די כאַראַקטער־אייגענשאַפטען און אייגענטימליכקייט פון מענ־שען. זיין נאָהענטע שיכות מיט די אַרומיגע, דאָס וויסען אויסגע־בונדען יעדען איינעם פון זיינע מיט־מענשען — זייער גוטס און שלעכטס, טרייהייט און פאַלשקייט, ליעבע און אייפערזוכט, קנאה און גאוה, — געפינען זייער אָבקלאַנג אין דעם איינדרוקספאָלען אויפנעהמענדען מארך, און דיענען איהם אלס דער אוצר פון וועל־כען ער שעפּט זיינע טיפּען, כאַראַקטערען און בילדער־גאַלעריען.

צו אכצעהן יאָהר איז ער געצוואונגען צו הייראַטען מיט איי־נע, מיסס אננא האַטהאַווי, וואָס איז עלטער פון איהם מיט ניין יאָהר, און וועלכע האָט איהם געבאָרען א קינד איינינגע מאָנאַטען נאָך דער הייראַט. ווי ווייט מיר ווייסען, איז די הייראַט ניט געווען קיין גליקליכע. עס איז אונמעגליך געווען, ווי עס זעהט אויס, פאַר דעם געניאַלען שעקספּיער, זיך איינצושפּאַנען אין די טאָג־טעגליכע קליינליכע אינטערעסען פון פאַמיליען־לעבען מיט אן איינ־פאַך, אונבעדייטענד פויערען־מיידעל. די דאָזיגע הייראַט איז פיעלייכט פעראַנטוואָרטליך פאַר זיין אַנטלויפען פון דעם קליינעם שטעדטעל. און אזוי געפינען מיר שעקספּיער׳ן אויף דעם פיער און צוואַנציגסטען יאָהר פון זיין לעבען אין לאָנדאָן.

II.



דער גלאוב טהעאטער אין לאנדאן. דער ערשטער טהעאטער, וואו מען האט געשפיעלט שעקספיער'ס פיעסען און וואו שעקספיער האט מיטגעשפיעלט אויך מיטגעהאלפען.

נאָך זייענדיג אין זיין פערוואָרפען שטעדטעל האָט שעקספּיער געהאַט די געלעגענהייט פון צייט צו צייט צו זעהן אַ טרופּע גאַסט־ראָלירענדע אַקטיאָרען. צו יענער צייט זיינען נאָך איבער אַלע דערפער און שטעדטלעך פון ענגלאַנד ארומגעגאַנגען טרופּען וואַנדערענדע אַקטיאָרען מיט אַ מין פּורים־שפּיעל דראַמען, וואָס זיינען בעקאַנט אונטערען נאָמען „מיראַקעל און מיסטערי פּליים“. מען קאָן זיך פאָרשטעלען דעם רושם וואָס די דאָזיגע טרופּען האָבען געמאַכט אויף דעם צוקונפטיגען געניאַלען דראַמאַטיקער. און עס איז גאַנץ נאַטירליך, וואָס קומענדיג נאָך לאָנדאָן האָט ער אָנגעפאַנגען זיך צו דרעהען אַרום טהעאַטער־קרייז.

די בעפעלקערונג פון לאָנדאָן האָט זיך צו יענער צייט געצעהלט אַרום דריי מאָל הונדערט טויזענד נפשות. לאָנדאָן, די מעטראָפּאָלים פון ענגלאַנד און קאָסמאָפּאָלים פון דער וועלט, איז דאַן געשטאַנען אויף דער העכסטער מדרגה פון ענטוויקלונג. עס איז געווען די צייט פון ענגלאַנד׳ס ערשטע עראָבערונגען. אין מזרח — די אָסט־אינדים, וואו זי האָט אָנגעפאַנגען צו פערזעען איהר קולטור; אין מערב — דאָס קאָלאָניזירען און ציוויליזירען פון די יועסט־אינדים, אַמעריקאַ. די צייט פון דער צושטערונג פון דער גרויסער שפּאַנישער אַרמאַדאַ, און די ערוואַכונג פון ענגלישען נאַציאָנאַלען זעלבסטבעוואוסטזיין, ד. ה. די ערוואַכונג פון די גאונישע גייסטער, ווי סער וואָלטער ראַלי, אַוואַנטוריסט־עקספּלאָראַטאָר, געאָגראַפער און היסטאָריקער; עדמונד ספּענסער, דער גרעסטער ליריקער און אַלעגאָריקער אין דער ענגלישע שפּראַך; סער פיליפּ סידני, דער געניאַלער סאָלדאַט, דיכטער און ערשטער ליטעראַטור־קריטיקער אין ענגלאַנד; לאָרד פרענסיס בייקאָן, דער גרעסטער נאָמען אין דער געשיכטע פון דער ענגלישער פילאָזאָפיע; קריסטאָפער מאַרלאָו, פאָטער פון דער ענגלישער ראָמאַנטיק, דער מענש וואָס איז צו 29 יאָהר געשטאָרבען מיט אונשטערבליכקייט; בען דזשאַנסאָן, דער ענגלישער קלאַסיקער וואָס האָט נאָך זיך קיין גלייכען ניט געלאָזט, און וועלכער האָט שעקספּירען דערמוטיגט און אָבגעשעצט, אָבוואָהל ער האָט אימער געדיינקט, אַז שעקספּיער שטעהט פיעל נידעריגער פאַר איהם, דערפאַר וואָס ער האָט ניט פערמאָגט זיין קלאַסישע ביכער־בילדונג, און אַנדערע. די אַלע גאונישע גייסטער האָבען זיך אין יענער צייט גרופּירט אַרום דעם

ענגלישען טהעאטער אין דעם אונשטערבליכען קאפע־הויז „מערמעיד“.

מאסען איבערזעצונגען פון לאטייניש און גריכיש: האמער און ווירגיל, סענעקא און פלאוטוס, פלוטארכ׳ס „לעבענס“, אוויד׳ס מעטאמארפאזען און אנדערע; מאנטעין, דער גרויסער פראנצויזישער פילאזאף און עססייאיסט; דער גרעסטער איטאליענישער ליריקער פעטראַרקא און פערשיעדענע איטאליענישע נאוועלען־שרייבער פון פופצעהנטען און זעכצעהנטען יאהרהונדערט און כמעט אלע אנדערע גאונים פון עלטערטהום און רענעסאנס־צייטען האבען שוין דאן געהאט זייערע ענגלישע איבערזעצער.

דער יונגער שעקספיער, קומענדיג נאך לאנדאן, האט זיך ארייגעווארפען אין לייענען און שטודירען מיט זיין גאנצער ענערגיע. עס האבען זיך פאר איהם אויפגעעפענט פרישע שלאגעדיגע קוואלען, און די דורשטענדע לעכצענדע נאטור האט זיך מיט זיי בעטרונקען. ער קומט אין נאהענטער בעריהרונג מיט די אלע אויבענדערמאנטע ריעזען־גייסטער, הערט זיך צו, א שוויינעדיגער, צו זייערע רייד און דעבאטען אין קאפע־הויז, און זאפט איין אין זיך די ליטעראַרישע, סאציאלע און פאליטישע שטרעמונגען פון זיין צייט.

צוערשט ארבייט ער פאר דער „לארד טשעמבערליין קאמפאני“, אין „קוירטיין טהעאטער“, און שפעטער, אין יאהר 1599, געהט ער איבער מיט דער זעלבער קאמפאניע אין „גלאוב־טהעאטער“, וואו ער שפיעלט אלס אקטיאר, און אלס אזוינער האט ער די מעגליכקייט צו לערנען וויעדער אויף דער פראקטיק די ארכיטעקטור פון דער דראמע. צו דער זעלבער צייט בעשעפטיגט ער זיך אויך מיט איבערשרייבען און אויסבעסערען פערשיעדענע שונד־שטיק פאר׳ן טהעאטער.

שרייבען פיעסען — איז דאן געווען א מאניע אין ענגלאנד. דאס טהעאטער איז געווען א נייע אינסטיטוציאן, פון קיין צייטונגען האט מען נאך ניט געוואוסט, אזוי אז דאס טהעאטער איז געווען דער איינציגער קולטורעלער אויסדרוק פון דער ענגלישער אינטעליגענץ פון יענער צייט. מענשען, ניט בערופענע, וואס האבען קיינע קינסטלערישע פעהיגקייטען ניט געהאט, פלעגען פערוואַרפען דעם טהעאטער מיט זייערע פיעסען. אויף דעם אופן, איבערשרייבענדיג און אויסבעסערענדיג די שלעכטע קאמעדיען און טרא־

גערדיען, האָט שעקספּיער ערוואָרבען זיין טעכניש־דראַמאַטישע ביל־דונג אויך אויף דעם פּראַקטישען אינדוקטיווען וועג, גראַד אַזוי ווי ער האָט געלערענט די ביהנע, פּסיכאָלאָגיע און נאַטור־וויסענשאַפט, פון לעבען און ניט פון בוך. און ביסלעכווייז, דערפיהלענדיג זיין קראַפט אַלס דראַמאַטישער קינסטלער, הויבט ער אָן צו שרייבען אָריגינעלע ווערק.

זיין אָריגינאַליטעט בעשטעהט ניט אין די פּלאַטען פון זיינע טראַגעדיען און קאָמעדיען. זיינע פּלאַטען באָרגט ער פון וועלכען קוואַל עס זאָל ניט זיין. ס'איז איהם ניט וויכטיג, צי איז עס פון פּלוטאַרך'ס „לעבענס", פון האָללישענד'ס „קראָניקעל", פון סאַקסאָ גערמאַניקוס, צי גאָר איבעראַרבייטען אַ שטיק פון זיינעם אַ צייט־גענאָסע. דאָס אַלץ ווערט איינגעזאַפּט, אַסימילירט, און פערדייהט דורך זיין געניאַלען אינטעלעקט, און ווען עס קומט אַרויס אויף דער וועלט, טראָגט עס אויף זיך דעם שטעמפּעל פון זיין גאונישער אינדיווידואַליטעט. דער עיקר איז ביי איהם: דער פּסיכאָלאָגי־שער, גרויסער סאָציאַל־עטהישער אמת פון זיינע טיפּען און שילי־דערונגען.

אין דער וועלט־ליטעראַטור פאַר שעקספּיערען געפינען מיר די אַלט־גריכישע און רוימישע דראַמאַטישע כאַראַקטערען פון עסכי־לעס, יוריפּידעס, סאָפאָקלעס, אַריסטאָפאַנעס און אַנדערע, וועלכע זיינען אָבער ניט אינדיווידועל, ווי מיר זעהען זיי אין דער מאָדער־נער ליטעראַטור. די טיפּען פון דער אַלטער ליטעראַטור זיינען ניט מעהר ווי רעפלעקסיאָנען פון דעם קאָמונאַלען לעבען. דער איינצעלנער, דער יחיד, איז נאָך ניט געקומען צו דער ענטוויק־לונגס מדרגה פון זיין אייגענטימליכער אינדיווידואַליטעט. דער מענש ווערט פערשלונגען פון זיין שטאָדט, און דעריבער איז ער מעהר אַ שאָטען איידער אַ זעלבסטשטענדיגער מענש, אַ מענש פון פלייש און בלוט. אין דער עפּאָכע פון רענעסאַנס — פון דאַנטע ביז שעקספּיער — ענטוויקעלט זיך שוין די נייע אינדיווידואַליטעט מיט איהר נייע פּסיכאָלאָגיע. דער יחיד האָט שוין געפונען זיין אייגענע נשמה וואָס איז ניט מעהר דער ווידערקול פון דער קאָ־מונאַלער געזעלשאַפט, נור וואָס דריקט שוין אויס זיינע אייגענע ליידענשאַפטען און זיין אייגענטימליכען טעמפּעראַמענט. אין מי־טעלעלטער האָט דער מענש זיך אויסגעלערענט מתיחד זיין מיט זיך אליין, פערטיעפען זיך אין זיין אייגענער נשמה, און זיך פאַר־

נאָנדערקלייבען אין דעם מיסטיציזם פון קריסטענטהום. די מיטעלעלטער איז געווען די צייט ווען עס האָבען זיך געמעהרט די נזירים, וואָס האָבען זיך אָבגעשלאָסען צווישען בערג און איינזאַמע אומעטיגע שלעסער און האָבען געוואָלט דורך תפלות און תעניתים אַראָבטרייסלען פון זיך דאָס ערדישע, דעם חמר; זיי האָבען אויף דער וועלט געקוקט מיט אומעטיגע אויגען, בלויז ווי אויף דערוויילינגס, פערבייגעהענדיגס. דאָס איז געווען אַ צייט פון די היילינע, פון מענשען ניט קיין וועלטליכע, מיסטעריעזע, אין גאַנצען רוחניות'דיגע, מיט אַן אונגעהויער שטאַרקער אינדיווידואַליטעט. נאָך דער דאָזיגער עפּאָכע איז געקומען די עפּאָכע פון רענעסאַנס — אַלס פערוועלטליכונג פון מיטעלעלטער. דער מענש האָט זיך אומגעקעהרט צו דער ערד, האָט זיך צוגעכאַפּט מיט יעדען פיבער פון זיין לייב־און־זעעל צו דאָס ערדישע, דאָס רעאַלע, דאָס ליידענשאַפטליכע. זעהר אָפט פיהרט שוין דער יחיד אַן אַ קאַמפּף קעגען דעם כלל, און שטעלט מיט זיך פאָר אַ בולט'ען קאָנטראַסט פון דער סאָציאַלער סביבה. די דראַמאַטישע כאַראַקטערען, סיי די טראַגישע, ווי אין דאַנטע'ס „געטליכע קאָמעדיע"; סיי די קאָמישע, ווי אין ראַבעלעי, צום ביישפּיעל; אָדער די דראַמאַטישע פערזענליכקייטען אין קריסטאָפער מאַרלאָו — טראָגען שוין אין זיך עפּעס אונאַבהייננינעס, קאַמפּפסלוסטיגעס, און ליידענשאַפטליכעס. און די ליידענשאַפט זייערע איז דער הויפּט מאָטיוו פון זייער גאַנצע פּסיכאָלאָגיע.

שעקספּיער איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אין די דאָזיגע אינדיווידועלע כאַראַקטערען פון רענעסאַנס אַריינגעבראַכט דעם נייעם עלעמענט פון געוויסען. יעדע שטיק פון שעקספּיער פיהרט אַרויס לעבעדיגע כאַראַקטערען, און די כאַראַקטערען זיינע פיהרען ניט נור אַ פּסיכאָלאָגיש לעבען, נור אויך אַן אינערליך, עטהיש, זעלבסטבעוואוסט לעבען.

עס איז אונמעגליך איבערצוגעבען אין די ראַמען פון אַ קורצען פאָרוואָרט די הונדערטער נייע וועלט־אידעען, מיט וועלכע שעקספּיער האָט בערייכערט די וועלט־ליטעראַטור דורך זיינע טיפּען און כאַראַקטערען. מיר וועלען דעריבער בריינגען בלויז אייניגע וואָס וועלען געננוג בולט אילוסטרירען אונזער געדאַנק.

נעהמט קאָרדעליא'ן, די דריטע טאָכטער פון „קעניג ליער", די טאָכטער וואָס ווערט פערשטויסען, בעליידיגט און פערשאָלטען

פון איהר פּאָטער. קאָרדעליא דאָס איז דער אייביגער העכסטער טיפּ פון קינדער־ליעבע אין לעבען, וועלכען שעקספּיער האָט אידעאַליזירט און אויפגעהויבען צו דער העכסטער מדרגה פון פּאָלקאָמענהייט. די טאָכטער וועלכע האָט ניט פאַר וואָס דאַנקבאַר צו זיין איהר פּאָטער, וואָס האָט זיך מיט איהר אַזוי שטריינג בעגאַנגען, און וועלכער האָט זי מעביר־נחלה געוועזן — איז צום סוף מקריב איהר לעבען פאַר דעם זעלבען פּאָטער. גענוי אַזוי ווי קעניג ליער איז דער אייביגער טיפּ פון דעם ליידענדען פּאָטער, וואָס ווערט פערסם'ט דורך דער שוואַרצער געוויסענלאָזער אונדאַנקבאַרקייט.

אָדער נעהמט די אידעע פון דער אייביגער ליעבע ווי זי ווערט געשילדערט אין „ראָמעאָ און יוליעט“. איהר זעהט ניט קיין געשלעכטליכקייט אין די יונגע הייס־בלוטיגע קינדער פון איטאַליען, די ליעבע ריינינגט זיך, לויטערט זיך און ברענט אין אַ ריינעם פלאַם און ווערט אַן אייביגער סימבאָל. אַנשטאָדט ערדיש, ליידענשאַפטליך, ווי אין שיר־השירים, צום ביישפּיעל, ווערט זי אידעאַליזירט און דערהויבען, און דעריבער קומט זי אַרויס צום סוף די זיעגערין איבער אַלע שטערונגען, און איבער דעם אייביגען קאַמפּף פון די צוויי פיינדליכע משפּחות, און ווערט דאַדורך ניט בלויז די ליעבע פון איהר צייט — נור די ליעבע פון אַלע ווייטערדיגע דורות.

צי נעהמט דעם בירגער ברוטוס פון „יוליוס צעזאַר“. עס איז אַרויסגעקומען ניט דער היסטאָרישער ברוטוס, דער רוימישער פּאַטריציער מיט זיינע ענגע פּאָליטישע אינטערעסען און ענגע וועלטאַנשויאונג. שעקספּיער'ס ברוטוס איז אַ מענש מיט אַ מאָדערנעם געוויסען, דער אייביגער טיפּ פון דעם פרייהייט ליבענדען מענשען און פון דעם קעמפּפער פאַר דעמאָקראַטישע פּרינציפּען. ווען שעקספּיער וואָלט פערמאָגט די אוניווערזיטעט'ס בילדונג פון זיין חבר בען דזשאָנסאָן און זיך געהאַלטען טריי צו די היסטאָרישע איינצעלהייטען, וואָלט זיין ברוטוס געוויס אַרויסגעקומען דער ענגער היסטאָרישער אַריסטאָקראַט און די ליטעראַטור וואָלט ניט געהאַט דעם טיפּ פון פרייהייט־ליעבענדען בירגער. דער גרויסער דיכטער שאַפט ניט פאַר'ן טאָג, נור אויך פאַר די צוקונפטיגע דורות, און זעהר אָפט, אויך פאַר דער אייביגקייט.

אָדער נעהמט שיילאָק, פון „סוחר פון ווענעדיג“, אין וועלכען מיר זעהען דעם ראַסענמענשען. מיר ווייסען, אַז דער ראַסענקאַמפּף

און די ראַסען־פאָראורטיילען זיינען פעראַנטוואָרטליך פאַר די פערפאָלגונגען און בלוט־פערגיסונגען פון וועלכע די וועלט האָט געליטען פאַר טויזענד׳ער יאָהרען. אין שיילאָקען האָט שעקספּיער געשאַפען אַ ראַסענמענש, דורך וועלכען ער בעווייזט, אַז ס׳איז ניטאָ קיין אונטערשייד צווישען די פערשיעדענע ראַסען אין ביאָלאָגישען און פּסיכאָלאָגישען זין, און דאַדורך אויך אין עטהישען זין. אַלע מענשען זיינען גלייך. דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט, אַז אַ דיכטער קומט אַרויס מיט די טעאָריע פון מענשען־גלייכהייט. עס איז אמת, אַז שיילאָק האָט אויף זיך אַ סך פלעקען: זיין נעמען פּראָצענט, זיין איינגעוואָרצעלטע טיעפע ברענענדיגע שנאה צו די קריסטען, זיין אונבויגזאַמער ווילען אויסצופיהרען זיין שוידערליכע בלוטיגע נקמה אויף אַנטאָניאָ, א. ז. וו., אָבער די אַלע פלעקען זיינען נור די רעזולטאַטען פון יאָהרהונדערטער פערפאָלגונגען און רדיפות, אין תוך, אָבער, ווייזט שעקספּיער ניט נור זיין ביאָלאָגישע גלייכהייט, נור אויך זיין פּסיכאָלאָגישע און עטהישע אַלמענשליכקייט. ער וועקט אויף דאָס שטאָלצע, נאַציאָנאַלע בעוואוסטזיין אין שיילאָקען און וועקט אויך דאָס געוויסען פון דער וועלט פאַר די אונפערדיענטע גרויזאַמע רדיפות פון דער וועלט אַנטקעגען שיילאָקען.

אָדער אין „מאַקבעט“, דער מענש וואָס האָט זיך בעטראַכט אַלס איבערמענש און האָט זיך גענומען דאָס רעכט זיך אַריבערצוהויבען איבער אַלע געזעלשאַפטליכע בעגריפען פון יושר און גערעכטיגקייט אין אַ דור, ווען אַ קעניג׳ס לעבען ווערט בעטראַכט אַלס די גרעסטע הייליגקייט, ערמאָרדעט ער זיין קעניג, דעם אַלטען איידעלען דונקאַן, ווען ער שלאָפט צו־גאַסט ביי מאַקבעט אין שלאָסס. מאַקבעט טרעט אויף אַלע בעגריפען פון טרייהייט און ריטערליכע זיטליכקייט, טרינקט זיך אין בלוט פון קינדער, פרויען, זקנים, צוטרעט אַלץ און אַלעמען וואָס שטעהט איהם אין וועג, אום צו דערגרייכען צו זיין ציעל. אין קורצען, ער שטעלט זיך מחוץ למחנה פון דער געזעלשאַפטליכער עטהיק. און שעקספּיער דערוועקט אין איהם צום סוף זיין, אין בלוט־פערטרונקענעם, געוויסען, און בעשטראָפט איהם מיט דאָס ערגסטע, שוידערליכסטע אין לעבען. ער לאָזט איהם שטעהן מחוץ למחנה, מיט דער גאַנצער וועלט אַלס שונאים, אַ געשטעמפּעלטער מיט דעם איביגען קין׳ס פלעק אויף זיין שטערן. און צום סוף, ווען זיין ווייב, זיין איינציגע אָבשפּאַר, דאָס איינ־

ציגע געזעלשאפטליכע אין זיין לעבען, ברעכט צוזאמען, זעהט ער זיך ארום, אז זיין גאנץ לעבען איז נור איין גרויסער, פינסטערער, בלוטיגער קאשמאר. אדער ווי ער אליין דריקט זיך אויס:

"A tale told by an idiot."

אין אלע זיינע נייען און דרייסיג דראמען, טראגעדיען, קאמעדיען אדער היסטארישע שטיקער, איז די נשמה פון אמת דער עיקר פון אלע עיקרים. שעקספיער׳ס ידיעה אין תנ״ך, וועלכען ער האט געלערנט אלס קינד און געלעזען זיין גאנצען לעבען, האט איהם געגעבען ניט נור קאנקרעטע בילדער־שפראך, נור אויך דעם טיעפערען זין, דעם סאציאל־עטהישען זין פון לעבען. און גראד ווי ביי די אידישע נביאים זיינען די פאעטישע פארמען בלויז די חצוניות פון פיינעם עטהישען אינהאלט — אזוי איז אויך ביי שעקספיער׳ן די שעהנע פארם נור די אויסערליכע זייט פון דעם שעהנעם תוך, וואס ער בעשאפט. און אזוי ווי דער אמת פון לעבען ווערט ביי איהם ארויסגעבראכט אלס דאס איינציגסטע, טיעפסטע, און עהרליכסטע — אזוי מוז אויך זיין פארם זיין דאס פראכטפאלסטע און שעהנסטע. ער איז דער בעשעפער וואס בעשאפט זעלבסטשטענדיגע אינערליכע וועלטען און ממילא מוז זייער פארם זיין שעהן.

זיינע טיפען זיינען אייביג און רעאל. דאס זיינען גאנצע מענשען, לעבעדיגע, אייביגע, ניט־פערגעהענדע. און גראד ווי זיינע טיפען זיינען די קאנצענטרירטע מענשען לגבי דעם מענשען פון פלייש און בלוט — די זעלבע שייכות איז אויך וואס אנבעלאנגט שעקספיער׳ס שפראך און די אלטעגליכע שפראך וואס ווערט געברויכט אין אומגאנגס לעבען. ער געהט נאך א טריט ווייטער, און קימערט זיך ניט צו בענוצען מיט איבערנאטירליכע יסודות, גייסטער, מכשפים, אבערגלויבישע זעהונגען, פאר זיינע קינסטלערישע צוועקען, ווי עס טהוען נאך איהם, געטהע אין זיין „פאוסט", מעטערלינק און די מאדערנע סימבאליסטען. דער קינסטלער בעהאנדעלט ניט זאכען ווי זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט — דאס אקטועלע איז ניט די ספערע פון דעם קינסטלער — ער בעשאפט טיפען. און גראד ווי דעם ארטיסט׳ס מעטאדען זיינען צו בענוצען דאס סופעראקטועלע — אזוי האט אויך דער געניאלער דיכטער דאס רעכט זיך צו בענוצען מיט דאס איבערנאטירליכע פאר זיינע דראמאטישע צוועקען. אריעל און קאליבאן אין שעקספיער׳ס

„שטורעם", ניט קוקענדיג אויף זייער איבערנאטירליכקייט, זיינען דאָך אייביג־מענשליכע קאָנצענטרירטע טיפען פון מענשליכע גע־ניאַליטעט און מענשליכע געזונקענהייט.

איין ביישפיעל פון דעם טיעפען אמת אין שעקספיערען: די דראַמאַטישע רעפּערטואַר־קאַריקאַטורען פון יענער צייט, ווי דער נאַר, צום ביישפּיעל, וואָס פלעגט סירקולירען כמעט אין יעדער דראַמע, כדי היימליך צו מאַכען דעם גראָבען עולם מיט זיינע אומ־נעלומפּערטע מלבושים און קונצשטיק. פאַלט ער אריין ביי שעקס־פּיער'ן אין די הענט, בעקומט זיך שוין ממילא א לעבעדיגער מענש, מיט אַן איינענאַרטיגע נשמה, שעקספּיער הויכט אריין אין איהם א רוח חיים. נעהמט, צום ביישפּיעל, דעם נאַר אין „קעניג ליער" וואָס ווערט וואונדערשעהן, קלוג, טיעפזיניג, כמעט פילאָזאָפיש — דערפאַר נור ווייל ער איז וואונדערליך אמת'דיג אלס לעבעדיגער מענש. אָדער נעהמט דעם אידען ווי ער פלעגט דענסטמאָל ער־שיינען אויף דער ביהנע. זאָגאַר ביי דעם אונשטערבליכען קינסט־לער מאַרלאָו, ערשיינט דער איד באַראַבאַס אין זיין „רייכער איד פון מאַלטאַ" — ניט אלס מענש, נור אלס א ווילדע חיה, אויף וועלכען עס איז ניט צו זעהן קיין צלם אלהים; ס'איז א מאָנסטער־האַפטע בעשעפעניש, א שד וואָס איז ערשט פון גיהנם ארויס: טהוט אָב די שוידערליכסטע מעשים, פער'סמ'ט קינדער אין די וויעגען, פערברענט נאָנען אין די קלויסטערס און וויים נור פון דאָס אונמענשליכע און גאָר ניט פון דאָס מענשליכע. נעהמט זיך אָבער שעקספּיער פאַר'ן אידען שיילאָק — וויל ער איהם אפשר אויך פאָרשטעלען אלס אַן אונמענש, אום צו קיצלען דעם גראָבען געשמאַק פון זיינע קריסטליכע צייט־חברים — וואַקסט אָבער ניט ווילענדיג ארויס פאַר אונזערע אויגען א לעבעדיגער מענש, א דער־נידעריגטער און בעליידיגטער, א גרויזאַמער אין זיין האַס און שנאה, א נוקם ונוטר צו די וואָס האָבען איהם בעליידיגט.

---

צולעצט, איינינע בעמערקונגען וועגען דער וויכטיגקייט פון א שעקספּיער־איבערזעצונג אין אידיש. עס איז א סמן דלות פאַר א ליטעראַטור וועלכע פערמאָגט ניט שעקספּיער'ן אין איבערזע־צונג. מיט איינינע צעהנדליג יאָהר צוריק האָבען מיר ניט געקאָנט חלומ'ען פון שעקספּיער אין אידיש, אָבער היינט, נאָך דער וואונ־דערבאַרער ענטוויקלונג פון אידיש אלס א ליטעראַרישע שפּראַך,

וואָס קאָן אויפנעהמען און איינזאַפּען אין זיך די טיעפסטע געדאַנ־קען און פאָרמען פון דער וועלט־קולטור — קאָן זיך אידיש קוים בעגעהן אָהן דעם דיכטער וואָס איז מעהר פון יעדער אַנדערען דער פאָטער פון דער מאָדערנער וועלט ליטעראַטור. די ענג־ליש־שפּרעכענדע פעלקער נויטיגען זיך ניט אין אונזער תנ"ך מעהר, ווי מיר בענויטיגען זיך אין זייער שעקספּיער. ער איז נויי־טיג צוליעב די נייע אַלוועלטליכע שטרעמונגען וואָס ער וועט אריינ־טראָגען אין אונזער שפּראַך, ווייל ער ענטהאַלט אין זיך דעם אמת'ן אמת און זין פון לעבען, מעהרער ווי וועלכער אַנדערער דיכטער פון דער וועלט ליטעראַטור; ווייל ער איז דער גייסטיגער פאָטער פון די גרויסע מאָדערנע דיכטער, געטהע און באַלזאַק, איבסען און הויפּטמאַן, מעטערלינק און טאָלסטאָי, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס דער לעצטער האָט איהם אָבגעלייקענט.

עס איז געווען אַ גליקליכע אידעע מצד דעם „פאָרווערטס", וואָס האָט זיך פערנומען ארויסצוגעבען שעקספּיער'ן אין אידיש, פאַר וועלכע די אידישע ליטעראַטור און די אידישע לעזער וועלען איהם געוויס דאַנקבאַר זיין. בעזונדערס אין היינטיגער צייט, ווען גרענעצען פון פעלקער און זייערע קולטורעלע ווערטען בייטען זיך, און ממילא אויך די פּסיכאָלאָגיע, עטהיק, און אפשר אויך די עסטע־טיק פון פעלקער. אין אזא צייט איז פון בעזונדערען ווערט זיך אָנצוהאַלטען אָן דאָס אייביגע אין דער מלוכה פון קונסט, וואָס בעהעפט די פערגאַנגענהייט מיט דער געגענוואַרט און צוקונפט.

שעקספּיער איז איינער פון די לויכט־טורעמס אויף דעם היינ־טיגען בלוטיגען, שטורעמדיגען ים, צו וועלכען די מענשהייט דאַרף ארויפקוקען און זיך דערמאָנען, אז צו דער צושטערונג און בלוט־פערגיסונג פון היינט וועט דאָך מוזען קומען אַ סוף — און די פעל־קער וואָס האָבען געגעבען די שעקספּיערס און די געטהעס צו דער וועלט, וועלען מאָרגען ווידער האָבען אַ טאָג פון זון און פון שיין, פון שעהנקייט און פון אמת.

**דזשאָזעף איראַן און י. י. שוואַרץ.**

נאָוועמבער 28, 1917.

# דער אמת'ער יוליוס צעזאַר און שעקספּיער'ס יוליוס צעזאַר.

---

וואָס האָט צוגעצויגען שעקספּיערען צו דער דאָזיגער טהעמא? און פריהער ווי אַלץ, וואָס איז די טהעמא? די דראַמע רופט זיך „יוליוס צעזאַר"; עס איז אָבער קלאָר, אז צעזאַר גופא האָט שעקספּיערען ניט פעראינטערעסירט. דער אמת'ער העלד פון דער פּיעסע איז ברוטוס; ער האָט עס ערוועקט דעם דיכטער'ס העכסטען אינטערעס.

מיר מוזען דאָס ערקלעהרען.

מיר מוזען פריהער פערשטעהן די צייט ווען די פּיעסע איז פערפאַסט געווארען. דאָס איז געוועזן אין יענעם ערא־ייגניספולען יאָהר, ווען שעקספּיער'ס ערשטע פריינד צווישען די גרויסע פון לאַנד, די לאָרדען עסעקס און סאוטהעמפּטאן, האָבען געמאַכט זייער נאַרישע פערשווערונג געגען דער קעניגין עליזאַבעטה; און ווען זייער פערזוך האָט זיך געענדיגט מיט דעם טוידט פון דעם ערשטען און די פערהאַפטונג פון צווייטען. שעקספּיער האָט געזעהען ווי שטאָלצע, נאָבעלע מענשען קענען לייכט פערפיהרט ווערען אין פּאָליטישע טעות'ן און אויפגערייצט ווערען צו אַן אויפשטאַנד. עס איז אמת, אז די עהנליכקייט צווישען די צוויי פאַלען איז זעהר אַ קליינע — לאָרד עסעקס האָט פּרובירט מאַכען אַ הויפּרעוואָלוציע אום זיך צו בעפרייען פון זיין שקלאַפעריי צו דער קעניגינ'ס קאַפּריזען; וועהרענד די רוימישע אַריסטאָקראַטישע רעפּובליק — פון דעם יאָך פון אַ נייע־געגרינדעטע דעספּאָטיע. די עהנליכקייט איז בלויז אין דעם וואָס איןביידע פאַלען איז דער פערזוך אומצושטירצען אַ געוויסע אָרדנונג געוועזן ניט אויסגערעכענט, און געפיהרט צו טרויעריגע רעזולטאַטען.

נאָך אַ וויכטיגער פּונקט: אין דער צייט ווען שעקספּיער האָט די דאָזיגע דראַמע געשריעבען איז ער געקומען צו יענע גייסטיגע

שטופּע אין לעבען, ווען ער האָט מעהר ליעב געהאט יענע פּערזאָנען, וועלכע טראָגען זייערע נאָבעלע אייגענשאַפטען, ווערען געקריוורעט פון דעם שיקזאַל און האָבען ניט די מעגליכקייט צו פאַרווירקליכען זייערע פּלענער. אין די אינגערע יאָהרען, ווען ער האָט נאָך אליין געקעמפּפט פאַר אַנערקענונג, איז זיין אידעאַל געווען דער קעניג הענרי דער פינפטער, דער געבאָרענער זיעגער, דער מאַן מיט אַ פּראַקטישער געניאַליטעט. איצטער אָבער ווען ער איז שוין געשטאַנען אויף אַ פעסטען באָדען און איז געווען נאָהענט צו דער העכסטער מדרגה פון זיין אַמביציע, האָט ער זיך גענומען בויגען מיט אַ מעלאַנכאָלישען גאַרען צו פּערזאָנען ווי ברוטוס און האַמלעט, וועלכע האָבען, טראָץ די העכסטע בעגאַבונגען, ניט געקענט דורכפיהרען זייערע אויפגאַבען. זיי האָבען צו איהם אַפּעלירט אַלס טיעפע טרוימער און ערהאַבענע אידעאַליסטען. ער האָט עטוואָס פון זייער נשמה געפונען אין זיין אייגענער נשמה.

דעם פּלאַט פון דער טראַגעדיע האָט שעקספּיער אַרויסגענומען פון פּלוטאַרד׳ס ביאָגראַפּיעס, וועלכע זיינען אין 1579 ערשיענען אין אַן ענגלישער איבערזעצונג. אין אָט דעם בוך זיינען געדרוקט די לעבענס געשיכטע פון צעזאַר, ברוטוס און אַנטאָניוס, און די דריי קאַפּיטלען ענטהאַלטען די אַלע איינצעלהייטען פון שעקספּיער׳ס שטיק.

ערטערווייז ווענדט זיך די דראַמע אָפּ פון דעם אָריגינאַל אין געוויסע קלייניגקייטען. דאָס קומט פון שעקספּיער׳ס טעמפּעראַמענט, פון זיין לעבענס אנשויאונג אָדער די ציעל פון דער פּיעסע. פּלוטאַרך צום ביישפּיעל פעראַכטעט ניט אַזוי דעם המון און מאַכט איהם ניט אזוי לייכטזיניג. אין אַלגעמיין אָבער איז שעקספּיער געטריי צום אָריגינאַל, און ווען מעגליך בענוצט ער אַפּילו די זעלבע ווערטער. נאָך מעהר, ער מאָהלט די כאַראַקטערען פון ברוטוס, פּאָרטיא און קאסיוס, אַזוי ווי זיי ווערען געשילדערט אין פּלוטאַרך. זיין ברוטוס איז אַבסאָלוט דער זעלבער ווי פּלוטאַרך׳ס; זיין קאסיוס האָט בלויז אַן עטוואָס טיעפערען כאראקטער.

וואָס אַנבעלאַנגט די גרויסע פּערזאָן פון צעזאַר, האָט שעקספּיער טריי בענוצט די צו־וואָרפענע אַנעקדאָטען וועגען איהם אין פּלוטאַרך; זאָנדערבאַר אָבער איז, דאָס שעקספּיער האָט פון פּלוטאַרד ניט בעקומען דעם מערקווירדיגען איינדרוק וועגען צעזאר׳ס כאַראַקטער, וועלכען מיר בעקומען, און וועלכען פּלוטאַרד אליין האָט ניט אין גאַנצען בעגריעפען.

שעקספּיער האָט זיין דראַמע אַזוי אויפגעפאַסט, אַז ברוטוס זאָל זיין איהר טראַגישער העלד. ער האָט דאַרום געמוזט קאָנצענ־

טרירען זיין קונסט אויף דעם, אז די ביהנע זאל מיט איהם פול זיין. ברוטוס האט געמוזט זיין דער צענטער פון אלעם; און דארום איז צעזאר אזוי פארקלענערט געווארען, אז זיין ריעזיגע גאונות אלס קריעגס-העלד און אלס שטאאטסמאן, זעהט אין דער דראמע אויס ווי א נישטיגע קאריקאטור.

אין אנדערע דראמען געפינען מיר קלארע בעווייזען, אז שעקספיער האט זעהר גוט געוואוסט וואס פאר א מאן צעזאר איז געווען. עדווארד'ס יונגער זוהן אין „ריטשארד דעם דריטען" רעדט מיט ענטוזיאזם וועגען צעזארען אלס דער זיעגער. וועמען דער טוידט האט ניט בעזיעגט; הארציא אין „האמלעט" רעדט וועגען דעם „מעכטיגסטען יוליוס" און זיין טוידט! און קלעאפאטרא אין „אנטאניוס און קלעאפאטרא" איז שטאלץ דערמיט, וואס זי איז אמאל געוועזן צעזאר'ס מעטרעסע.

אבער דא! דא איז צעזאר ניט מעהר ווי א העלד מיט'ן מויל, און אלע זיינע אייגענשאפטען זיינען ווייט פון אנציהענד. ער מאכט דעם איינדרוק פון אן אינוואליד. עס ווערט אונטערגעשטראכען דאס ער האט די פאליגע. ער איז טויב אויף אן אויער. ער בעזיצט ניט מעהר זיין אמאליגע גבורה. ער חלש'ט ווען מען באט איהם אן די קרוין. ער איז מקנא קאסיוסען, ווייל יענער קאן בעסער שווימען פאר איהם. ער איז אבערגלויביש ווי אן אלטע פרוי. ער האט הנאה פון חניפה, רעדט אנגעבלאזען און מיט דעספאטישע גאוה, גרויסט זיך מיט זיין פעסטען כאראקטער און איז אימער וואקעלדיג. ער האנדעלט אהן פארזיכט און אהן אינטעליגענץ, און זעהט ניט די אנקומענדע געפאהר וועלכע אלע אנדערע זעהען אזוי קלאר.

דער קריטיקער גערווינוס ערקלעהרט, אז שעקספיער האט ניט געוואלט ערוועקען א צו גרויסען אינטערעס אין צעזאר'ען: ער האט געמוזט ארויסברייגען אלעס אין צעזארען וואס האט קלאר געמאכט די פערשווערונג; און נאך מעהר, פלוטארך האט דאך אויך ערקלעהרט, אז צעזאר'ס כאראקטער איז פיעל ערגער געווארען קורץ פאר זיין טוידט. א צווייטער קריטיקער, האדסאן, שטימט איין מיט אט דער מיינונג. ער האלט, דאס שעקספיער האט געזוכט פארצושטעלען צעזאר'ן אין דער זעלבער ליכט ווי ער איז ערשיענען אין די אויגען פון די פארשווערער, כדי אז מיר זאלען קענען זיי עהרליך אורטהיילען. האדסאן גיט אבער צו, אז צעזאר איז געווען „צו גרויס אז זיי זאלען איהם קענען זעהען", און דאס צעזאר איז ווייט ניט דאס ווי ער זעהט אויס אין דער דראמע; „קוים א ווארט וואס שעקספיער לייגט איהם אריין אין מויל קען בעטראכט ווערען אלס היסטאריש כאראקטעריסטיש פאר דעם העלד". האדסאן

קומט צום שטוינענדען שלום דאָס „אַ בעהאַלטענער טאָן פון איראָני לויפט דורך דער גאַנצער דראַמע; ווען אַ דראַמאַטורג מאַכט, דאָס אַזאַ ענג־קעפּיגער אידעאַליסט ווי ברוטוס זאָל איבערשטייגען דעם גרעסטען פּראַקטישען גאון וואָס די וועלט האָט ווען געזעהען, מוזען מיר אָננעהמען אַז די שילדערונג איז ניט מעהר ווי איראָניע“.

דאָס איז פּוסטע שפּין־וועבעריי. אין דער פאָרשטעלונג פון ברוטוסען איז ניטאָ קיין סימן פון איראָניע. מיר קענען אויך ניט אָננעהמען דעם ארגומענט, דאָס נאָכ'ן טויט ווערט צעזאר די הויפּט פּערזאָן אין דער דראַמא און דאָס טויטערהייד, אלס גייסט, בעזיעגט ער זיינע מערדער. ווי אַזוי קען אַזאַ קליינער מענשעל ווי דער לעבעדיגער צעזאר לאָזען הינטער זיך אַזאַ גרויסען שאטען! געוויס וויל שעקספּיער ווייזען דאָס צעזאר טריאומפירט נאָכ'ן טוידט. ער האָט ברוטוס'עס שלעכטען מלאך וואָס בעווייזט זיך צו איהם אין דעם לאַגער און אין פיליפּפּי פערוואַנדעלט אין צעזאר'ס גייסט, אָבער דער גייסט איז ניט גענוג, גרעסער צו מאַכען צעזאר'ן אין אונזערע אויגען. עס איז אויך ניט אמת, אז צעזאר'ס גרויסקייט וואָלט געשטערט דיא איינינקייט פון דער פּיעסע; פאַרקעהרט, איהר פּאָעטישע ווערטה ליידעט פון דעם וואָס צעזאר איז אַזאַ קליינליכע פּערזאָן. דיא פּיעסע וואָלט געווען אָהן אַ מאָס רייכער און טיעפער ווי זי איז, ווען שעקספּיער וואָלט געפיהלט צעזאר'ס גרויסקייט.

אין אַנדערע פּיעסען בעוואונדערט מען די ווערק וואָס שעקס־פּיער האָט געשאַפען פון אָרעמען און מאָגערען מאַטעריאל, דאָ אָבער איז דיא פּיעסע אין היסטאָרישען מאַטעריאַל אַזוי רייך, דאָס אין פערגלייך אין די פּאָעזיע ארעם און מאָגער.

לאָמיר פערגלייכען שעקספּיער'ס בעגריעף פון צעזארען מיט דעם בילד וואָס דער דיכטער האָט לייכט געקענט געפינען אין פּלו־טאַרך, אַ בילד וואָס ערקלעהרט צעזאר'ס ערהויבונג צו די הויך פון זעלבסטהערשער, ווי אויך דעם האס וואָס איז ביסלעכווייז געגען איהם אָנגעזאַמעלט געוואָרען. אויף דער צווייטער זייט אין צעזאָר'ס ביאָגראַפיע האָט דאָך שעקספּיער געמוזט לעזען דעם אַנעקדאָט ווי אַזוי צעזאָר, ווען נאָך גאָר אַ יונגער־מאַן, איז אויפ'ן וועג פון בוטהיניא געפאַנגען געוואָרען פון ים־רויבער. זיי האָבען געפאָדערט צוואַנציג טויזענד דאלער אויסלייז געלד. ער האָט גע־ענטפערט אַז זיי מוזען ניט וויסען ווער זייער געפאַנגענער איז, און האָט פארשפּראָכען זיי צו געבען פופציג טויזענד דאלאר. דאַן האָט ער אַוועקגעשיקט זיינע בעגלייטער זאַמלען דאָס געלד אין פער־שיעדענע שטעדט, און איז געבליעבען בלויז מיט איין פריינד און

צוויי דיענער צווישען די גוט־בעקאַנטע בלוט־דורשטיגע באַנדיטען. ער האָט אַרויסגעצייגט די טיעפסטע פעראַכטונג צו זיי און האָט זיך מיט זיי געשאָפּען ווי מיט דיענער; האָט זיי פאַרזאָגט אַז זיי זאָלען זיין אַבסאָלוט שטיל ווען ער שלאָפט. אַזוי האָט ער דאָרטען אַכט און דרייסיג טעג פערבראַכט, בעהאַנדלענדיג זיי ווי אַ פּרינץ בעהאַנדעלט זיין לייב־גוואַרדיע. ער האָט געמאַכט פיזישע איבונגען און געשריעבען פּאָעמען און רעדען אָהן דער מינדסטער שרעק. ער האָט די באַנדיטען אָפט פערזיכערט אַז ער וועט זיי נאָך אויפהייני־גען אָדער קרייציגען. ווען דאָס אויסלייז־געלד איז אָנגעקומען, האָט ער די ערשטע זאַך נאָך זיין בעפרייאונג אַרויסגעשיקט אַ פלאָטע, אַטאַקירט די ים־רויבער, זיי אַלעמען געפאַנגען און פערכאַפּט זייער אַנגערויבטע גוטס. ער האָט זיי דאַן אַלעמען געבראַכט צום רוימי־שען פּאָרשטעהער איבער אַזיען, וועמעס אויפגאַבע עס איז געווען זיי צו בעשטראָפען. דער דאָזיגער פּאָרשטעהער האָט געזוכט צו מאַכען געלד פון דער זאַך, און האָט געוואָלט צייט צו „איבערלייגען זיך". איז צעזאַר גלייך אַוועק צו דער געפענגניש וואו די געפאַנגענע זיינען געווען איינגעשפּאַרט און זיי אַלעמען געקרייציגט.

וואו איז אַהינגעקומען אָט די הערשענדע האַנד, אָט דער אַרי־סטאָקראַטישער חן, דער אייזערנער ווילען אין שעקספּיער׳ס צעזאַר?

שעקספּיער׳ס בעגריעף פון דער פּאָליטישער לאַגע אין רוים אין צעזאַר׳ס צייט איז אויך דורכאויס פאַלש. נאָך שעקספּיער׳ן קומט אויס, דאָס די רעפּובליק וועלכע צעזאַר האָט אומגעוואָרפען וואָלט געקענט עקזיסטירען, און דאָס צעזאַר האָט בעגאַנגען אַ קרי־מינאַלען פאַרברעכען דערמיט וואָס ער האָט די רעפּובליק פער־ניכטעט.

אין דער אמת׳ן, איז די אַלטע אַריסטאָקראַטישע רעפּובליק שוין געווען אַ צופאַלענע אויף שטיקער, ווען צעזאַר האָט די שטיקער צונויפגעשמאָלצען אין אַ נייע מאָנאַרכיע. געזעצלאָזיגקייט האָט גע־הערשט אין רוים. דער המון איז געווען פיעל ערגער ווי דער המון אין אונזערע גרויסע שטעדט: ניט אַזאַ זינלאָזע מאַסע ווי די וואָס שעקספּיער שילדערט, וועלכע איז מייסטענס רוהיג און ווערט צייט־טענווייז ווילד דורך דומהייט, וועלכע הערט זיך צו צו די רעדען איבער צעזאַר׳ס קערפּער און צורייסט ציגאַ אין שטיקער; אַ המון וועמענס אונצעהלבארע מחנות בעשטעהט מייסטענטהייל פון שקלאַ־פען, צוזאַמען מיט טויזענדער אויסלענדער פון אַלע דריי וועלט־טהיילען, געפאַנגענע פון אַזיען, נעגערס פון אַפריקא און קעלטען פון שפּאַניען און פראַנקרייך, וועלכע זיינען צונויפגעטריעבען גע־וואָרען אין דער הויפּט שטאָדט פון דער וועלט. צו די גרויסע מחנות

הויז־שקלאפען און פעלד־שקלאפען זיינען צוגעקומען טויזענדע אנטלאפענע שקלאפען, וועלכע האבען אין זייער היימאטה בעגאנגען גנבה אדער רציחה, ווענען עס איז דורך רויבערייען געלונגען קיין רוים זיך צו דערשלאגען און וועלכע האבען איצטער זיך אויפגעהאלטען אין די זומפען פון דער שטאדט. אבער אויסער די ברויטלאזע פרעמדע און שקלאפען, זיינען דארט געווען מאסען בעפרייטע שקלאפען, וועלכע זיינען פערדארבען געווארען אין שקלאפעריי און פאר וועמען פרייהייט האט בעדייט בלויז די לייכטערע מעגליכקייט שלעכטס צו טאהן. עס זיינען אויך געווען דארטען מחנות גלאדיאטארען, גלייכגילטיג צו די לעבענס פון אנדערע ווי צו זייערע אייגענע לעבענס, אימער גרייט צו דיענען דעם יעניגען וואס האט זיי בעצאהלט. די דאזיגע באנדעס האבען אנגעפיהרט שלאכטען געגען די גלאדיאטארען און הירטען וואס דער סענאט האט געבראכט פון אנדערע לענדער זיך צו בעשיצען. קיין גאסען־פאליציי און פייערלייט זיינען אין שטאדט ניט געווען. ווען פאלקס אומגליקען האבען פאסירט, ווי צום ביישפיעל, פערפלייצונגען, אדער פייערען, האט די בעפעלקערונג זיי בעטראכט אלס א ווארנונג פון די געטער און האבען זיך געווענדעט צו די וואהרזאגער. די ריכטער האט קיינער ניט געפאלגט; בעאמטע זיינען אטאקירט געווארען און אפט זאגאר געטוידט געווארען. אין סענאט האבען די רעדנער איינע די אנדערע פארווארפען מיט שימפפערייען און אויף די פאלקס־פערזאמלונגען האט מען געשפיגען איינער דעם אנדערען אין פנים. ביי יעדען וואהל זיינען פארגעקומען אמת׳ע שלאכטען; און קיין בעוואוסטע פערזאן האט ניט געוואגט ארויסצוגעהן אין גאס אהן א וואך פון גלאדיאטארען און שקלאפען.

פערגלייכט אלזא מיט דעם בילד פון רוים, שעקספיער׳ס בעגריעף וועגען אן אמביציעזען צעזאר וואס שטרעבט צו גרינדען א מאנארכיע אין א גוט איינגעארדענטע רעפובליק!

יעדער איינער וואס איז געקומען אין בעריהרונג מיט צעזארען איז בעצויבערט געווארען פון זיינע איינגעבארענע איידעלקייט, זיין העפליכקייט, דעם חן פון זיין פערזענליכקייט. ווי פערטאהן ער פלעגט ניט זיין, פלעגט ער אימער געפינען צייט צו טראכטען וועגען זיינע פריינד און צו וויצלען זיך מיט זיי. זיינע בריעף זיינען פרעהליך און ליעבליך. ביי שעקספיער אבער, איז ער ענטוועדער א „גוטער ברודער“ מיט יעדען איינעם, אדער אן אנגעבלאזענער הערשער.

פינף און צוואנציג יאהר נאכאנאנד האט צעזאר אלס פאליטיקער בעקעמפפט מיט אלע זיינע מיטלען די אריסטאקראטישע פאר־

טיי אין רוים. ער האט פון אנפאנג אן בעשלאסען צו ווערען דער הערשער איבער דער וועלט, ווייל ער איז געווען זיכער דאס די רעפובליק וועט פון זיך אליין צופאלען ווערען אין שטיקער. צו פיער און פערציג יאהר האט ער אנגעפאנגען זיין מיליטערישע קאריערע און איז געווארען פיעלייכט דער גרעסטער גענעראל אין דער וועלט־געשיכטע, אן אונפערגלייכבארער זיעגער און ארגאניזאטאר. אין די מיטעלע יאהרען האט ער בעוויזען אונערווארטעטע און פאר־טרעפליכע אייגענשאפטען. שעקספיער אבער גיט אונז קיין אהנונג ניט פון דעם דאזיגען אוצר און פיעלזייטיגקייט אין צעזאר'ס בע־גאבטע נאטור. ער מאכט איהם פאר א בעל־גאוה.

דער זעלבער צעזאר, וועלכער איז אין רוים דער „שפיעגעל פון דער מאדע" האט זיך אויפ'ן שלאכט־פעלד ניט געקימערט פאר זיין בעקוועמליכקייט. אפט פלעגט ער דארטען שלאפען אונטער'ן פרייען הימעל און פלעגט עסען פארשימעלטע שפייזען. אין זיין לאגער־געצעלט פלעגען צו דער זעלבער צייט שטעהן רייך־געדעקטע טישען און די אריסטאקראטישע יוגענד פלעגט אהין קומען זיך אונטערהאלטען.

ווי פערשיעדען איז דער אמת'ער צעזאר געווען פון דעם אנ־געבלאזענעם נפש, וואס שעקספיער שילדערט:

„עס ווייסט געפאהר גאנץ גוט
אז צעזאר איז געפעהרליכער פאר איהר:
מיר זיינען ליבען צוויי געבארען אין איין טאג —
און צעזאר איז דער עלטסטער און געפעהרליכסטער".

צייטענווייז האט צעזאר געקאנט זיין גרויזאם. אין זיינע מלחמות פלעגט ער אויף זיינע שונאים אנווארפען א שרעק מיט זיין שרעק־ליכע ראכע. ער האט אלע סענאטארען פון ווענעטי אראפגעהאקט די קעפ. ער האט אראפגעשניטען די רעכטע האנד פון יעדען סאל־דאט וואס האט געגען איהם געקעמפפט אין אוקסעלאדאנום. ער האט דעם העלדישען ווערסינגעטאריקס געהאלטען פינף יאהר פער־שפארט אין געפענגניש. אום איהם צו פיהרען אין קייטען אין זיין טריאומף־מארש, און דערנאך האט ער איהם געלאזען הינריכטען.

דאך ווען שטרענגקייט האט זיך ניט געפאדערט, איז ער געווען טאלעראנט און מילד. ניט נור האט ער מוחל געווען אלע די וואס האבען געקעמפפט געגען איהם אין פארסאליא, ער האט נאך פיעלע פון זיי געגעבען א היבשע טהייל אין זיין הערשאפט. ער האט ברו־טוסען בעשיצט פאר דער שלאכט און איהם בעשאטען מיט כבוד נאך דער שלאכט. ברוטוס איז ווידער און ווידער ארויסגעטראטען

געגען צעזארען, אבער צעזאר האט איהם יעדען מאל מוחל געווען; ער איז קיין מאל ניט מיעד געווארען ברוטוסען צו פערצייהען. ווי עס שיינט האט צעזאר אריבערגעטראגען אויף ברוטוסען די ליעבע וואס ער האט אין זיינע יונגע יאהרען געהאט פאר ברוטוסעס מוטער, וועלכע האט איהם אויך שטארק געליעבט.

די נארישע מענשען וועלכע גלויבען, דאס ניט שעקספיער נור דער גרויסער געלעהרטער סער פרענסיס בייקאן האט געשריעבען שעקספיער'ס דראמען, גיעבען אלס איינעם פון זייערע ארגומענטען, דאס בלויז א געלעהרטער האט געקענט אזוי טיעף פאשטעהן די רוימישע געשיכטע ווי דער פערפאסער פון „יוליוס צעזאר" צייגט ארויס אין דער דראמע. גראד פערקעהרט. די פיעסע איז געשריעבען פון א מאן וועמענס לומדות איז געשטאנען פיעל נידעריגער ווי זיין טאלאנט. די חסרונות פון דער דראמע, אזוי גוט ווי איהרע מעלות, זיינען א בעווייז דאס שעקספיער אליין איז געווען דער פערפאסער פון שעקספיער'ס ווערק. די אומגעלומפערטע קריטיקער בעגרייפען ניט אויף ווי וויט געניאליטעט קען פערנעהמען דעם פלאץ פון געלערענטקייט און אויף ווי פיעל עס איז וויכטיגער פון געלערענטקייט. פון דער אנדערער זייט אבער מוז מען צוגעבען דאס אין געוויסע ערטער קען דער גרעסטער טאלאנט אדע גאון ניט פערנעהמען דעם פלאץ פון דעם וויסענשאפטס מענש — דער גרעסטער גאון פאלט אמאל דורך ווען ער זוכט צו שאפען א היסטארישען טיפ דורך זיין פארשטעלונגס־קראפט אדער געשטיצט אויף א מאגערען וויסען.

אט אזא פאל איז מיט צעזארען. צעזאר איז א היסטארישע פערזאן, וועלכע איז אין דער ווירקליכקייט פאעטישער ווי פאעזיע, טראגישער ווי טראגעדיע. דער דיכטער וואס וויל איהם מאלען מוז בעזיצען די היסטארישע פאקטען. שעקספיערען האט אבער געפעהלט די היסטארישע און קלאסישע קולטור און דערפאר האט ער ניט בעגריפען צעזאר'ס אמת'ע גרויסקייט. ער האט צעזארען פארקלענערט, נידעריג געמאכט, אום פלאץ צו מאכען פאר די ענטוויקלונג פון דער צענטראלער פיגור אין זיין דראמע—מארקוס ברוטוסען, וועמען ער האט אבגעמאלען אלס א סטאאיקער, כמעט אלס א מענשען אהן שום חסרונות.

---

## ברוטוס דער העלד פון דער דראמא.

קיין קריטיקער, אויסער אזא נאאיווער רעפובליקאנער ווי סווינבארן, קען ניט גלויבען, דאס דערפאר האט שעקספיער ברוטוס'ן געמאכט פאר'ן הויפט העלד פון דער דראמע, ווייל אין שעקספיער'ס נשמה האט געהערשט א געוויסע ליעבע צו פרייע

רעגיערונגען. ער האט זיכער ניט געהאט קיינע סיסטעמאטישע פאליטישע איבערצייגונגען. אין אנדערע דראמען צייגט ער זאגאר ארוים לאיאלע און מאנארכיסטישע געפיהלען.

אין פלוטארד'ס ביאגראפיען, פון וואנען שעקספיער האט דעם פלאט פאר דער דראמע גענומען, איז ברוטוס דער העלד, און דערפאר מאכט איהם שעקספיער אויך פאר דעם העלד אין זיין פיעסע. דערצו איז ברוטוסעס כאראקטער פאר שעקספיער געוועזן א בעצויבערנדע טעמא, אלס א פסיכאלאגישע שטודיום. אין ברוטוסען אנאליזירט ער און מאלט אב פאר אונז א מענשען, וועלכער האט דורכצופיהרען אן אויפגאבע, צו וועלכע ער איז פון נאטור ניט פעהיג. פריהער האט שעקספיער ליעב געהאט צו שילדערען אויסערליכע קאנפליקטען ווי אין „ראמעא און יוליעט“, א קאמפף צווישען ליעבהאבער און זייערע אומגעבונגען, אדער אזוי ווי אין „ריטשארד דעם דריטען“, א קאמפף צווישען דעם קעניג און די גאנצע אויסערליכע וועלט. שעקספיער האט עררייכט זיין שטופע און זיין ענטוויקלונג ווען ער האט זיך פאראינטערעסירט אין די אינערליכע פראצעסען און קריזיסען וועלכע קומען פאר אין דעם גייסטיגען לעבען פון מענשען.

ברוטוס, גראד אזוי ווי האמלעט, פיהרט מלחמה מיט זיך אליין, און דערפאר פערגעסט ער צו צייגען אויפמערקזאמקייט און פריינדשאפט צו די וואס האבען עס ביי איהם פארדיענט. זיינע קאמעראדען פאדערען איהם אויף צו טהאט; אבער זיין אינערליכע נשמה רופט זיך ניט אפ. ער איז פול מיט צווייפעל און אונזיכערהייט, גראד אזוי וויא האמלעט.

פון דעם מאמענט וואס קאסיוס רעדט צו איהם וועגען צעזאר'ס געפאהר, קען ער מעהר ניט שלאפען רוהיג, דער מעכטיגער מאקבעט פערליערט שלאף ערשט נאכדעם ווי ער האט דעם קעניג ערמארדעט. ברוטוס אבער, מיט זיין דעליקאטען, זיניגען כאראקטער איז ענטשלאסען צו פאלגען בלויז די שטימע פון פליכט, איז רוהיג נאכ'ן מארד, אבער שלאפלאז פאר'ן מארד. זיין איבערגעבענהייט צום געדאנק ענדערט איהם אין גאנצען; זיין פרוי דערקענט איהם ניט. זי זאגט איהם, דאס ער רעדט ניט און שלאפט ניט. דאס ער געהט הין און צוריק איבער'ן צימער, די הענד פארלייגט, זיפצט און טראכט, ענטפערט ניט אויף פראגען און ווערט אונגעדולדיג ווען די פראגען ווערען וויעדערהאלט.

ניט בלויז די דאנקבארקייט צו צעזארען פייניגט ברוטוסען אזוי; מעהר ליידט ער פון דער אונזיכערקייט וועגען צעזאר'ס אמת'ע אבזיכטען. ברוטוס זעהט ווי ער ווערט פארגעטערט פון דעם

פאלק, ווי ער ווערט בעשאנקען מיט די העכסטע מאכט; אבער ביז איצטער האט נאך צעזאר דאס ניט מיסברויכט. ער שטימט איין מיט קאסיוסען דאס ווען צעזאר האט זיך פון דער קרוין ענטזאגט האט ער אין הארצען געגארט נאך איהר; אבער נאך אלעמען, האבען זיי דאך קיין בעוויז אויף דעם ניט געהאט.

אויב צעזאר מוז געטויט ווערען, אלזא, איז עס ניט פאר פערגאנגענע מעשים נאר אוים מורא, טאמער וועט ער עפעס טאהן אין דער צוקונפט. איז עס רעכט צו בעגעהן מארד אויף אזא גרונד?

ברוטוס פיהלט די שוואכקייט פון דעם באדען אויף וועלכען ער זוכט צו שיצען זיין בעשלוס. וואס נעהענטער ער נייגט זיך צום מארד אלס א פאליטישע פליכט, אלץ וואקעלדיגער ווערט ער. און שעקספיער איז זאגאר בערייט צו געבען איהם אלס קרעפטיגונגס מיטעל דעם פרינציפ וועלכען פיעלע בעטראכטען אלס צווייפעלהאפט, דאס דער צוועק הייליגט דעם מיטעל. ביי צוויי בעזונדערע געלעגענהייטען, איינמאל ווען ער איז אליין, און איינמאל ווען ער אדרעסירט די פארשווערער, רעקאמענדירט ברוטוס פאליטישע פאלשקייט אלס גערעכט און נוצליך.

נאכדעם ווי דער מארד־בעשלוס ווערט אנגענומען, זעהען מיר ברוטוסען שטעהן צווישען די פערשווערער א שטאלצען און א רוהיגען, ווייל ער איז ביי זיך זיכער אז זיינע מאטיווען זיינען ריינע. ער איז שוין ווייט צו רוהיג; אין פרינציפ גלויבט ער טאקע דאס מען קען ניט שטרעבען צו א ציעל און ניט אנצונעהמען די מיטלען, דאך ווען עס קומט צו טאהן האט ער ניט דאס הארץ צו בענוצען מיטלען וועלכע זיינען צו געמיין אדער צו אונפעראנטווארטליך. ער ערלויבט זאגאר ניט, אז אנדערע זאלען בענוצען אזוינע מיטלען. ער וויל ניט אפילו אז די פארשווערער זאלען זיך פארפליכטען מיט א שבועה, ער וויל אז זיי זאלען איינע די אנדערע געטרויען אויף זייער עהרליכקייט. און ווען עס ווערט פארגעשלאגען דאס אנטאניום זאל ערמארדעט ווערען צוזאמען מיט צעזארען, א נויטהווענדיגער שריט, צו וועלכען ער האט אלס פאליטיקער געדארפט צושטימען,ווארפט ער עס צוריק אוים הומאניטעט: „אונזער זאך וועט אויסזעהען צו בלוטיג“. ער פיהלט דאס זיין וואונש איז אזוי ליכטיג ווי דער טאג, און ליידט פון דעם געדאנק צו בענוצען די מעטהאדען פון נאכט און פינסטערנים.

ברוטוס וויל, אז אן אונטערנעמונג וועלכע דארף געפיהרט ווערען דורך א מארד, זאל קומען צו ערפאלג אהן געהיים־ארבייט און אהן געוואלד־טהאט! געטהע האט געזאגט: „בלויז מענשען וואס דייני

קען האָבען אַ געוויסען״ : דער מענש פון טהאַטען קען קיין געוויסען ניט האָבען, וועהרענד ער טהוט. אַריינוואַרפען זיך אין טהעטיגקייט הייסט, זיך איבערצוגעבען אין דיא הענד פון דער אייגענער נאַטור און אויסערליכע קרעפטען. דער מענש האַנדעלט גערעכט אָדער אומגערעכט, אָבער אימער נאָך זיינע אינסטינקטען נאָך. — אָפט 'אַריש, אמאָל, פיעלייכט, קלוג, אָבער קיינמאָל ניט מיט'ן פולען בעוואוסטזיין. מיט טהעטיגקייט זיינען פערבונדען די ניט־בערעכ־טיגקייט פון דעם אינסטינקט אָדער פון עגאָאיזם אָדער פון זשעני. ברוטוס אָבער איז ענטשלאָסען נאָכצודענקען איידער ער טהוט עפּעס

שעקספּיער׳ס ברוטוס איז אַ שטרענגער מאָראַליסט. ער איז זעהר פּאָרזיכטיג, אַז קיין פלעק זאָל ניט בעשמוצען די זויבערקייט פון זיין כאַראַקטער. קאַסיוס, פּאַרקעהרט, האָט ניט די מינדעסטע שטרע־בונג פאַר מאָראַלע ריינקייט. קאַסיוס איז צעזאַרען מקנא, ער זאָגט עס אָפען און ערקלעהרט אויך אָפען, אַז ער האַסט איהם. ער איז אָבער ניט געמיין, ווייל זיין קנאה און האַס ווערען פאַרשלונגען אין זיין פּאָליטישע ליידענשאַפט. ער אונטערשיידט זיך אויך פון ברוטוסען דערמיט וואָס ער איז אַ גוטער בעאָבאַכטער. דורך אַ מענ־שענס ווערטער און טהאַטען קען ער אַריינקוקען אין זיין נשמה. אָבער אזוי ווי ברוטוס האָט דעם נאָמען, דעם יחוס און די אינטימע פריינדשאַפט פון צעזאַרען, מוז ער ווערען דער אַנפיהרער פון דער פערשווערונג, און דאָס גיט איהם די מעגליכקייט אַרויפצוצווינגען אויף זיי זיין ניט פּראַקטישען און קורצזיכטיגען ווילען.

ברוטוס איז דער אידעאַל וועלכען שעקספּיער, גראַד ווי אַלע מענשען פון בעסערען סאָרט, האָט אין זיין נשמה טהייער געהאַל־טען — דער מענש וועמעס שטאָלץ עס איז צו האַלטען ריין זיינע הענד און הויך און פריי זיין געדאַנק, ווען זאָגאַר ער מוז דערפאַר בעצאָהלען מיט דעם דורכפאַל פון זיינע אונטערנעהמונגען. אין דעם חורבן פון זיין רוהיגקייט — איז זיין שיקזאַל.

ברוטוס וויל ניט אַרויפלייגען אַ שבועה אויף אַנדערע; ער איז צו שטאָלץ. אויב זיי ווילען איהם פעררואַטען, זאָלען זיי עס טהאָן! די אַנדערע, זיינען פיעלייכט אַריינגעצויגען אין דער פערשווערונג אויס האַס צום גרויסען צעזאַר און זוכען צו לעשען זייער צאָרן מיט זיין בלוט; ער, ברוטוס, אָבער, בעוואונדערט צעזאַר׳ן און וועט איהם „אַ קרבן ברייגען פאַר די געטער און ניט צופערטלען ווי אַ נבלה פאַר די הינד״. די אַנדערע האָבען מורא פאַר׳ן עפּעקט וואָס אַנטאָניוס׳עס אַ רעדע קען האָבען אויפ׳ן עולם; אָבער ברוטוס

הָאט דעם עולם ערקלעהרט די אורזאַכען פון מָארד, און ער לָאזט דאַרום אַז אַנטאָניוס זָאל לויבען צעזאַר'ן וויפיעל ער וויל נָאר. הָאט דען צעזאַר ניט פערדיענט אַז מען זָאל איהם לויבען? ווינשט ער, ברוטוס, דען אַליין ניט, דָאס צעזאַר זָאל ליגען אין קבר אַ געעהרטער, נאָכדעם ווי ער הָאט זיין שטראָף בעקומען? ער איז צו שטאָלץ צו היטען אַנטאָניוסען, וועלכער הָאט מיט איהם גערעדט פריינדליך, כאָטש ער איז אַן אָנהענגער פון צעזאַרען; דאַרום פּאַרלָאזט ער דעם פאַרום נאָך איידער אַנטאָניוס פאַנגט אָן צו ריידען. אַזוינע מאָמענטען זיינען בעקאַנט פיעלע מענשען. פיעלע האַנדלען אויף אַזאַ שיינבארען ניט קלוגען אופן, צו שטאָלץ צו טראַכטען וועגען רעזולטאַטען, צו הויכזיניג צו קלעהרען וועגען קליינליכע פאַרזיכטיגקייט. פיעלע וועלען זאָגען אַן אמת, ווען עס איז נאַריש דָאס צו טאָהן. אָדער וועלען דורכלָאזען אַ געלעגענהייט ראַכע צו נעהמען ווייל זיי פעראַכטען זייערע פיינד צופיעל, צו בעשטראָפען זיי פאַר עולות. כאָטש דורכדעם פאַרלירען זיי די מעגליכקייט דעם שונא אונשעדליך צו מאַכען פאַר דער צוקונפט. אַ טיעפער בעגריעף פון דער נויטהווענדיגקייט פון האָבען צוטרויען צו אַנדערע, אָדער פאַרקעהרט, אַ טיעפער בעגריעף וועגען דעם ווי וויניג מען קען פאַרטרויען פריינד און ווי פיעל מען דאַרף פיינד פעראַכטען, קאָן לייכט פיהרען דערצו, אַז מען זָאל זיך אָפּקעהרען פון אַלע שוץ־מיטלען.

אין אַ פורעם פון אָט דער דאָזיגער נאַטור הָאט שעקספּיער אויסגעגאָסען ברוטוסען. שפּעטער הָאט ער צו דער נאַטור צוגעגעבען הומאָר און אַ טראָפּען גאונות און עס איז דערפון אַרויסגעקומען אַ האַמלעט. ברוטוס איז אַ מאַן וואָס קען ניט מאַכען קיין קאָמפּראָמיסען מיט זיין כאַראַקטער און מיט זיינע פּרינציפּען. אַ מאַן וועלכער איז צו שטאָלץ צו קענען זיין אויסגערעכענט, אַ צו שלעכטער בעאָבאַכטער צו קענען זיין פּראַקטיש; און דער מאַן איז אין אַזאַ סיטואַציע, דָאס ניט בלויז אַ צווייטענס און זיין אייגענער לעבען, נאָר אויך דָאס וואָהלזיין פון דער שטאַאט און זאָגאר, ווי עס שיינט, פון דער גאַנצער ציוויליזירטער וועלט, הייננגט אָב אָן דעם בעשלוס צו וועלכען ער וועט קומען.

שעקספּיער הָאט ברוטוסען צוזאַמענגעפּאָרט מיט אַ פרוי וועלכע איז צו איהם זעהר עהנליך. אַ נאָהענטער גייסט וועלכער הָאט זיך מיט איהם פערבונדען, איז געוואָרען איינס, זיין שוועסטערקינד און זיין פרוי. אין דעם פאַל, און בלויז אין דעם פאַל הָאט שעקספּיער אונז געגעבען אַ בילד פון אַ אידעאַלע הייראַטה ווי ער הָאט זי בעגריפען.

ווען פּאָרטיאַ בעט זיך ביי איהר מאַן אַז ער זאָל איהר זאָגען וואָס איהם דריקט אויפ'ן האַרצען, זוכט ער זיך פון אָנפאַנג אויסצודרעהען מיט תירוצים וועגען געזונד; אָבער ווען זיא ערקלעהרט העפטיג, אַז זי פיהלט זיך ערנידעריגט וואָס ער טרויט איהר ניט, ענטפערט איהר ברוטוס וואַרעם און שעהן. און ווען זי דערצעהלט איהם וועגען די בעווייזע וואָס זי האָט געגעבען פון איהר פעסטקייט, בשעת זי האָט אריינגעשטאָכען אַ מעסער אין איהר פוס און זיך ניט בעקלאָגט אויף איהר וואונד, רייסען זיך פון איהם אַרויס די ווערטער: „אָה געטער, מאַכט מיך ווירדיג פאַר מיין איידעל ווייב!“ און ער זאָגט איהר צו פון אַלץ צו דערצעהלען.

שעקספּיער האַלט אָט די האַנדלונג פון ברוטוסען פאַר אַ שוואַכקייט אין זיין כאַראַקטער. ער האָט געדאַרפט זיין מעהר פאָרזיכטיג, מעהר שטאַרק און ניט דערצעהלען איהר דעם סוד. דאָס וואָס זי פערראַט ניט, איז ניט איהר שולד. ווען עס קומט צום פונקט קען זי ניט איינהאַלטען איהר צונג און קאָנטראָלירען זיך אַליין. ווי אונרוהיג זי פיהלט, זעהט מען פון איהר אויסגעשריי צום יונג לוציוס: „איך האָב אַ מאַן'ס קאָפּ, אָבער אַ פרוי'ס קראַפט, ווי שווער עס איז פאַר אַ פרוי צו שווייגען“. די געדאַנקען זיינען ניט פּאָרטיאַ'ס, נאָר שעקספּיער'ס אייגענע פילאָזאָפיע, וועלכע ער לייגט איהר אַריין אין מויל.

פון די אייגענשאַפטען אין ברוטוסעס כאַראַקטער וואַקסען אַרויס די צוויי גרויסע סצענען אויף וועלכע די גאַנצע דראַמע שטיצט זיך.

די ערשטע איז די וואונדערבאַר־געבויטע סצענע, וואָס גיט די טראַגעדיע איהר נייע ווענדונג, אין וועלכע אַנטאָניוס רעדט מיט ברוטוסעס צושטימונג איבער צעזאַר'ס קערפּער און רודערט אויף די רוימער געגען די מערדער פון זייער גרויסען הערשער.

ברוטוסעס אייגענע רעדע האָט אויך שעקספּיער אויסגעאַרבייט מיט זעלטענע קונסט־קראַפט. פּלוטאַרך זאָגט, אַז ברוטוס האָט ענטוויקעלט די פעהיגקייט צו שרייבען קורץ און צום פונקט. און בעווייזט עס מיט אַ ריהע ביישפּיעלען.

בעמערקט ווי קאָנצענטרירט ברוטוס' הספּד איז:

„רוימער! מיטבירגער, פריינד! הערט זיך צו צו מיינע טענות, און זייט שטיל, איהר זאָלט מיך קאָנען אויסהערען. האָט צוטרויען צו מיר, פאַר מיין כבוד וועגען, און לייגט עהרע אויף מיין כבוד, כדי איהר זאָלט אין מיר פערטרויען„ משפּט מיך אין

אייער חכמה, און וועקט אייערע געפיהלען אויף, א הר זאָלט מיך בעסער קאָנען משפּט'ן. אויב עמיץ איז פאַראַן דאָ אין דער פערזאמלונג, א טרייער פריינד צעזאר'ס — צו איהם זאָג איך, אז ברוטוסעס ליעבע פאר צעזאר'ן איז ניט מינדער פאר זיינע. און אויב דער פריינד דער יעניגער פערלאַנגט צו וויסען, פאַרוואָס האָט ברוטוס אויפגעשטעלט זיך געגען צעזאר'ען — איז דאָס מיין ענטפּער: ניט ווייל איך האָב צעזאר'ן געליעבט מינדער, נור ווייל איך האָב רוים געליעב פיעל מעהרער."

אנטאָניוסעס רעדע איז ערשטענס מערקווירדיג פאַר איהר סטיל, אין איהר זיינען ניטאָ קיין מליצות, קיין ליטעראַרישע קונצען; זי איז אין אַ שפּראַך פון דעם קרעפטיגען דעמאַגאָגישען סאָרט. אנטאָניוס פאַנגט אָן דאָרטען וואו ברוטוס האָט אויפגעהערט, פערזיכערט זיינע צוהערער אויסדריקליך דאָס די רעדע וועט זיין איבער'ן טויטען צעזאר'ן, אָבער ניט וועגען צעזאר'ס גרויסקייט, און בעטאָנט ווידער און ווידער ביז עס ווערט מאַנאטאַן דער פאַקט דאָס ברוטוס און די איבעריגע פאַרשווערער זיינען אלע, אלע עהרענהאַפטע לייט. דאַן פאַנגט די רעדע ביסלעכווייז אָן צו שטייגען, זי ווערט אויסגעוועבט שאַרף, איידעל אָבער שטאַרק, מיט עטוואָס אונבעשטימטעס וואָס מאַכט איהר איינפאַך און קלאָר, א גליהענדער ענטהוזיאזם פאַר צעזאר'ן און א דריקענדער צאָרען געגען זיינע מערדער. די פּעראַכטונג און דער האַס זיינען פון אָנפאַנג פאַרשטעלט; ער רעכענט זיך מיט דער שטימונג פון דער מאַסע, וועלכע איז מיט א מאָמענט פריהער געווען אויף ברוטוסעס זייט; דאַן הויבט ער די מאַסקע אויף עטוואָס, און דאַן אביסעל מעהר און מעהר, ביז וואַנען ער רייסט איהר אין גאַנצען אַרונטער מיט א ווילדער בעוועגונג און שליידערט איהר אַוועק.

ער הויבט אָן די רעדע כמעט אין פולען אנקלאַנג מיט ברוטוסעס'עם רייד:

„פריינד, רוימער, בירגער, הערט מיך אויס אַצינד:
איך קום בעגראָבען צעזארען, און ניט איהם לויבען;
דאָס שלעכטס וואס מענשען טהוען לעבט זיי איבער,
דאָס גוטס ווערט אָפט פערווישט מיט זייער טויט.
זאָל אויך מיט צעזאר זיין אזוי. דער איידעלער ברוטוס
האָט אייך דערצעהלט, אז ער איז הערשזיכטיג געוועזן;
אויב דאָס איז וואהר—איז עס א שרעקליכער פערברעך,
און שווערליך האָט צעזאר אָבגעצאהלט דערפאר.

XIV.

דאָ קום איך איצט פאר אייך, מיט ברוטוסעס ערלויבניש —
דער ברוטוס איז אַן עהרענהאפטער מאַן,
ווי אויך זיי אַלע זיינען עהרענהאפטע לייט —
מיין וואָרט צו זאָגען אויף דעם ארון צעזאר׳ס.
ער איז מיין פריינד געווען, ערגעבען, טריי צו מיר, —
דאָך, ברוטוס זאָגט, אז ער איז הערשזיכטיג געווען
און ברוטוס איז אַן עהרענהאפטער מאַן.״

דאַן וועבט ער אריין אַ צווייפעל וועגען צעזאר׳ס אַמביציעס: ער דערצעהלט ווי אַזוי צעזאר האָט צוריקגעוויזען די קרוין, זיך ענטזאָגט גאַנצע דריי מאָל. איז דאָס געווען אַמביציע? און גלייך נאָכדעם בעמערקט ער, כמעט ווי פערבייגעהענדיג, דאָס נאָך אַלע־מען איז דאָך צעזאר אַמאָל געווען בעליעבט און אַז עס איז קיין אורזאך ניטאָ ווארום מען זאָל נאָך איהם ניט טרויערען, און דאַן רייסט זיך ביי איהם ארויס דער געשריי:

„גערעכטיגקייט! פערפלויגען ביזטו אין די ווילדע וועלדער
און מענשען האָבען זייער זין פערלאָרען! האָט געדולד:
מיין הארץ איז אין דעם ארון, דאָרט מיט צעזארען
און איך מוז ווארטען ביז עס קומט צו מיר צוריק!״

ווייטער קומט אַן אַפּיעל צו זייער מיטלייד פאר צעזאר, דעם גרעסטען מענשען, וועמענס איין וואָרט וואָלט בלויז מיט איין טאָג פריהער געקענט ביישטעהן די גאַנצע וועלט און וועלכער ליגט איצטער אזוי נידריג, דאָס די קלענסטע ווילען איהם ניט הערען. עס וואָלט געווען אַן אונרעכט צו האַלטען וועגען דעם אַ פייערדיגע רעדע, אַן אונרעכט געגען ברוטוס און קאסיוס, וועלכע „זיינען, ווי איהר ווייסט, עהרענהאפטע מענער״. (בעמערקט דעם שמאָך אין דער פראַזע „ווי איהר ווייסט״). ניין, ער וועט בעסער זיין אונגערעכט צום טויטען, אָבער דערביי ווייזט ער אַ פּארמענט, ער וועט איהר, פאַרשטעהט זיך, ניט פאָרלעזען — אָבער ווען דיא מאַסען וואָלטען געוואוסט וואָס אויף איהם שטעהט, וואָלטען זיי געקושט די וואונדען פון טויטען, און וואָלטען געטונקט זייערע טיכער אין זיין הייליגען בלוט. און דאַן ווען די מאַסען שרייען אַז ער זאָל די צוואה לעזען און מישען אוים זייערע געשרייען מיט קולות אויף דיא מערדער, ענטזאָגט ער זיך פעסט דאָס צו טאָהן. אַנשטאָט זיי נאָכצוגעבען, ווייזט ער זיי צעזאר׳ס מאַנטעל מיט די מעסער שניטען אין איהם. לעזט דעם וואונדערבארען אנגריעף:

„אויב איהר האָט טרערען—גרייט זיך זיי פערגיסען.
אייך איז דער מאַנטעל דאָך בעקאַנט דאָ; איך געדיינק,

דאָס ערשטע מאָל וואָס צעזאר האָט איהם אָנגעטהאָן;
דאָס איז געווען א זומער־אָוועגד אין זיין צע°ט —
אין יענעם טאָג האָט ער די נערוויער בעזיעגט;
קוקט, דאָ איז קאַסיוס' שווערד אדורכגעלאָפען,
זעהט ס'אַראַ ריס דער ניט־פערגינער קאַסקאַ האָט געמאַכט.
דאָ האָט דער פיעל־בעליעבטער ברוטוס דורכגעשטאַכען,
און ווען ער האָט זיין שטאָל ארויסגעריסען —
בעטראַכט ווי צעזאַר'ס בלוט איז נאכגעלאָפען
ווי דורך א טיהר אָן אָפענער — ווי צו דערגעהן,
האָט ברוטוס אזוי אונפריינדליך געשלאָגען?
דען ברוטוס, ווי איהר ווייסט, איז צעזאַר'ס בעסטער פריינד!
אָ געטער, משפט איהר! ווי צעזאר האָט געליעבט איהם!
דאָס איז דער קלאַפּ דער גרויזאַמסטער געווען;
דען ווען ס'האָט צעזאַר א י ה ם געזעהען שטעכען —
אונדאַנקבאַרקייט, פיעל שטאַרקער פון פעררעטערס הענט
האָט איהם בעזיעגט; און ס'האָט זיין מעכטיג הארץ געפּלאַצט;
און אין זיין מאַנטעל זיין געזיכט פערהילענדיג,
ביים דענקמאל פון פּאָמפּעאוס, זיך בעגיסענדיג
אין בלוט — געפאַלען איז דער גרויסער צעזאַר!
אָ, סאַראַ פאַל דאָס איז געוועזען, בירגער!
אויך איהר און איך און איטליך איינער איז געפאלען
און בלוטיגער פערראַט האָט איבער אונז געשאַלט!
אהאַ! אצינד ערשט וויינט איהר! כ'זעה, איהר פיהלט
דעם צער פון מיטלייד; ס'זיינען גנאַדע־טראָפּען!
וואָס וויינט איהר, גוטע מענשען, זעהענדיג
בלויז צעזאַר'ס קלייד פערוואונדעט? קוקט נור, אָט איז ער
אליין — בעשעדיגט, ווי איהר זעהט, פון די פעררעטער!"

ער דעקט אויף צעזאַר'ס קערפּער; און ערשט דאַן לעזט ער־פאָר די צואה, וועלכע איבערוועלטיגט די מאַסע דורך די מתנות און פילאַנטראָפּיע וואָס זי ענטהאַלט. דער דאָזיגער קלימאַקס איז שעקספּיער'ס אייגענע ערפינדונג.

עס איז קיין וואונדער ניט דאָס וואָלטער איז אזוי בעצויבערט געווארען פון דער סצענע, דאָס ער האָט צוליעב איהר איבערזעצט אין פראַנצויזיש די ערשטע דריי אַקטען פון דער דראַמע.

אין די לעצטע צוויי אַקטען פאַלט ברוטוס א קרבן פון דער־רעאַקציע, וואָס זיין טהאַט פעראורזאַכט. ער האָט צוגעשטימט צום מאָרד אוים נאָבעלע און פּאַטריאָטישע מאָטיווען; דאָך

ווערט ער געשלאָגען דורך די רעזולטאטען און בעצאהלט פאר'ן מאָרד מיט זיין גליק און זיין לעבען. די פאלגענדע האנדלונג אין די לעצטע צוויי אַקטען איז ווי געווערנליך ביי שעקספיער'ען, ניט אזוי שטארק און בעצויבערענד ווי די שטייגענדע האנדלונג אין די ערשטע דריי אקטען; אָבער אין דעם לעצטען טהייל איז פאראן איין בעדייטענדע, טיעפע און גלענצענד געבויטע סצענע— די מחלוקה און דער שלום צווישען ברוטוס און קאסיוס אין פערטען אַקט, וועלכער פיהרט צו ביז דער ערשיינונג פון צעזאר'ס גייסט.

בעדייטענד איז דיעזע סצענע, ווייל זי גיט א פיעל זייטיגע בילד פון די צוויי הויפט כאראקטערע: דער שטרענג עהרענ־האפטער ברוטוס, וועלכער ווערט אויפגעטרייסעלט איבער די מיטלען וואָס קאסיוס בענוצט צו קריעגען די געלד, אָהן וועלכע דער קאמפף קאן ניט אָנגעפיהרט ווערען; און קאסיוס דער פאָ־ליטיקער, וועלכער איז גלייכגילטיג צו די מאָראלע צוויפלען, אָבער אויך גלייכגילטיג צו זיינע פערזענליכע פאָרציגען. די סצענע איז טיעף, ווייל זי שטעלט אונז פאר די רעזולטאטען פון א רעבעלירענדע טהאט: גרויזאמקייט, און אונפעראנט־וואָרטליכע טאקטיק, דאָס דולדען אונעהרענהאפטע אויפפיהרונג איז צוריסען. די סצענע איז בריליאנט צונויפגעשטעלט ווייל די שוישפיעל פון די ליידענשאפטען, די וואקסענדע דיסהארמאָניע, וועלכע געהט ענדליך אריבער אין אַן אנגענעהמען און צארטען שלום, מאכען איהר ראָמאנטיש אין העכסטען זין פון וואָרט.

אויף שריט און טריט אין „יוליוס צעזאר“ פיהלען מיר א נאָהענטקייט צו „האמלעט“. דער פאקט אז האמלעט קען זיך אזוי לאנג ניט בעשליעסען צו אנגרייפען דעם קעניג, וואָס ער געפינט אזוי פיעל תירוצים ניט צו האנדלען, וואָס ער ווערט צוריסען דורך פערשיעדענע צווייפלען וועגען דער טהאט אין איהרע רעזולטאטען און האלט אין איין איבערטראכטען און אי־בערלייגען זיך אפילו וועהרענד ער זידעלט זיך אליין דאפיר — אַט דאָס אלעס קומט טהיילווייז דערפון וואס שעקספיער האָט אָנגעפאנגען צו שילדערען האמלעט גלייך נאָכדעם ווי ער איז פאר־טיג געוואָרען מיט ברוטוס'ען, זיין האמלעט האָט אזוי צו זאָגען ערשט בייגעוואָהנט וואָס עס האָט פאסירט מיט ברוטוס'ען און דער ביישפיעל גיט איהם וועניג מוטה וועגען האנדלען אין אלגעמיין און וועגען ערמאָרדען זיין שטיעף־פאָטער איבערהויפט.

עס איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלען, דאָס שעקספיער איז אין יענער פעריאָדע געווען בעהערשט פון א צווייפעל־געפיהל. ער האָט ווירקליך דאן ניט געקענט בעגרייפען ווי אזוי אימיצער

קען בעשליסען צו האנדלען, צו נעהמען אויף זיך די פעראנטווארטליכקייט. ווען מיר לאָזען זיך אריין און טראכטען וועגען די אלע מעגליכע רעזולטאטען פון א טהאט און אלעם וואָס אומשטענדען קענען פון איהר מאכען, ווערט אונז אונמעגליך צו האנדלען אויף א ברייטען מאסשטאב. דערפאר קאנען עס אזוי ווענינ אלטע פערשטעהן זייער אייגענע יוגענד; זיי וואָלטען איצטער ניט וואגען און ניט קאָנען ווידער האנדלען ווי זיי האָבען עס געטהאָן אין יענע יאָהרען, ווען זיי האָבען זיך וועגען רעזולטאטען ניט געקימערט. דורך ברוטוס'ען איז שעקספיער צוגעקומען צו האמלעט. קיין צווייפעל, אז האמלעט האָט זיך ענטוויקעלט אין שעקספיער'ס געדאנק אין דער צייט וואָס ער האָט אויסגעארבייט „יוליוס צעזאר“.

איבערזעצט פון הלל ראגאף.

**פּערזאָנען:**

יוליוס צעזאר.

אָקטאוויוס צעזאר,
אנטאָניוס,
לעפּידוס,
} טריאומווירען נאָך צעזאר'ס טויט.

ציצערא,
פּובליוס,
פּאפּיליוס לענא.
} סענאַטאָרען.

מארקוס ברוטוס,
קאסיוס,
קאסקא,
טרעבאָניוס,
ליגאריוס,
דעציוס ברוטוס,
מעטעלוס צימבער,
צינא.
} פערשווערער אנטקעגען יוליוס צעזארען.

פלאוויוס און מארולוס, טריבונען.
ארטעמידאָרוס, א לעהרער פון רעטאָריק.
וואָהרזאָגער.
צינא, א פּאָעט. א צווייטער פּאָעט.

לוציליוס און טיטיניוס,
מעסאלא, יונגער קאטאָ
און וואָלומניוס.
} פריינד פון ברוטוס און קאסיוס.

ווארא, קליטוס, קלאודיוס,
סטראטא, לוציוס און דארדאניוס.
} ברוטוס'עס דיענער.

פּינדארוס, קאסיוס'עס א דיענער.
קאלפורניא, צעזאר'ס ווייב.
פּאָרטיא, ברוטוס'עס ווייב.

סענאַטאָרען, בירגער, בעגלייטער, דיענער, א. ז. וו.

## ע ר ש ט ע ר  א ק ט.

### ערשטע סצענע. — רוים.

א גאס.

עס טרעטען אויף: פלאוויוס, מארולוס און בירגער.

פלאוויוס. אוועק! אהיים איהר ליידיגגעהער, געהט אהיים!
וואס איז היינט פאר א יום־טוב? ווייסט איהר ניט,
אז איהר אלס ארבייטס־פאכמענער בעדארפט
ניט אומגעהן אין אן ארבייטס־טאג אהן צייכען
פון אייער פראפעסיאן? וואס איז דיין ארבייט?

ערשטער פלעבעיער. מיין ארבייט, הער? א סטאליער.

מארולוס. וואו איז דיין פארטוך און דיין ווינקעל־מאס?
וואס געהסטו אום דא יום־טוב'דיג פערפוצט?
דו, מאן, וואס איז דיין ארבייט?

צווייטער פלעבעיער. דעם אמת זאגענדיג, מיין הער, אין פערגלייך
מיט א גוטען פאכמאן — בין איך, ניט אויסגערעדט זאל זיין,
א לאטוטניק.

מארולוס. וואס אבער איז דיין פאך? דו ענטפער גראד.

צווייטער פלעבעיער. אן ארבייט, הער, וואס איך מאג טהאן מיט
א ריינעם געוויסען: איך בעסער שלעכטע זויהלען אוים.

מארולוס. דיין ארבייט וואס איז, לומפ? דיין ארבייט? זאג!

צווייטער פלעבעיער. איך בעט דיך, הער, זאל דיין געדולד ניט
פלאצען; נור אויב ס'וועט עפעס יא פלאצען — וועל איך
עס פעררעכטען.

מארולוס. וואס מיינסטו דערמיט זאגען? מיך פעררעכטען, דו
אונפערשעהמטער יונג?

צווייטער פלעבעיער. נו יא, פעררעכטען אייך.

מארולוס. דו ביזט א לאטוטניק, ניט וואהר?

צווייטער פלעבעיער. יאָ, הער, איך לעב נור פון'ם נאָל. איך מיש זיך ניט אין ווייבערשע זאכען און ניט אין וועלטליכע זאכען. איך בין א נאָל־מענש, א גוטער רופא צו אַלטע שיך. ווען זיי געפינען זיך אין גרויס געפאַהר פעררריכט איך זיי. ניט ערגערע פון יענע אַלע וואָס זיינען ווען ניט איז מיט זייערע פיס אויף קאַלב־לעדער געטראָטען — געהען אויף מיין האנד־ארבייט ארום.

פלאַוויוס. פאַרוואָס אָבער ביזטו ניט ביי דער ארבייט היינט? וואָס פיהרסטו אום די מענשען אין די גאַסען?

צווייטער פלעבעיער. מיט אַן אמת, די שיך זייערע אָבצוטראָגען — איך זאָל פרישע ארבייט זיך פערשאַפען. נור ערנסט: מיר מאַכען יום־טוב, צעזארען צו זעהן און מיט זיין טריאומף זיך פרעהען.

מאַרולוס. וואָס פאַר א שמחות? וואָס פאַר א נצחון?
וואָס פאַר בעזיעגטע פיהרט ער מיט נאָך רוים,
מיט זיי זיין זיעגער־וואָגען צו בעציערען?
איהר, פלעקער! שטיינער! טעמפּער נאָך פון זיי!
אָ, הארטע הערצער, שלעכטע מענשען רוים'ס!
האָט איהר דען ניט פּאָמפּעיוסען געקאַנט?
פיעל מאָל האָט איהר געקלעטערט אויף די ווענט,
אויף פענסטער, אויף באַלקאָנען, אויף די קוימענס,
מיט קינדער אויף די הענט בעזעצט זיך דאָרט,
געדולדיג ווארטענדיג פון פריה ביז שפּעט
פּאָמפּעיוסען אין זיין טריאומפצוג זעהן.
און האָט זיין וואָגען נור בעוויזען זיך
האָט איהר אזעלכע קולות אויפגעהויבען
אז ס'האָט דער טיבער אויפגעציטערט אין זיין בעט,
דערפיהלענדיג דעם ווידערקול פון דעם געשריי
וואָס פאַלט אין זיינע אויסגעהוילטע ברעגען.
און איצט טהוט איהר זיך אָן אין בעסטען קלייד?
און איצט רופט איהר גאָר פלוצלונג יום־טוב אוים?
און איצט שפּרייט איהר מיט בלומען אוים דעם וועג
פון דעם, וואָס שפּרייזט פּאָמפּעיום' בלוט אריבער?

אַוועק!
אַהיים לויפט שנעל און אויף די קניהען פאַלט!
און בעט די געטער, אַבווענדען די שטראָף
וואָס מוז פאַר אייער אונדאַנקבאַרקייט פאַלען —
ווי ס'פאַלט אַ בליץ אַראָב — פון אייער קאָפּ.
פלאַוויוס. געהט, געהט, איהר גוטע בירגער, נעהמט צונויף
די אַלע יעניגע פון אייער שטאַנד,
פיהרט זיי צום טיבער־שטראָם — מיט טרערען גיסט
אין טייך, ביז ס'וועט דער נידעריגסטער שטראָם
די העכסטע ברעגען קושען. (בירגער אָב.)
(מאַרולוסען)
דו זעהסט, ווי ס'ווערט דאָס שקלאַפען־פאָלק געריהרט —
פערשטומט, פערשווינדען זיי אין זייער שולד.
דו געה מיט דעם וועג צו דעם קאַפּיטאָל,
און איך וועל געהן אַהער; און רייס אַראָב
די דעקאָראַציעס פון סטאַטועס אויף דיין וועג.
מאַרולוס. צי מאָגען מיר עס טהאָן? דו ווייסט דאָך וואויל,
ס'איז היינט דער פעסט פון לופערקאַל.
פלאַוויוס. ס'מאַכט גאָרניט אויס. קיין בילד זאָל ניט בעפּוצט
מיט די טראָפּייען צעזאַר'ס זיין. איך געה,
און וועל די מאַסע פון די גאַסען טרייבען.
אַזוי טהו אויך — וואו נור דו זעהסט זיי צו געדיכט,
די פעדערען פון צעזאַר'ס פליגעל אויסגעפליקט,
זיי וועלען צאַהמען איהם, פערקלענערען זיין שוואונג,
וואָס ווער, ווען ניט, הויך־הויך אין הימעל שוועבען
און וועט אונז אַלעמען אין קנעכטשאַפט האַלטען. (ביידע אָב.)

## צווייטע סצענע. — רוים.

### אן עפענטליכער פלאץ.

מוזיק. עס קומען אן: צעזאר, אנטאניוס, געגרייט צום וועט־געלויף, קאלפורניא און פארטיא, דעציוס, ציצערא, ברוטוס, קאסיוס און קאסקא; נאך זיי א גרויסער עולם מענ־שען, צווישען זיי א וואהרזאגער.

צעזאר. קאלפורניא!

קאסקא. שטיל דא! צעזאר רעדט!

(די מוזיק ווערט אנטשוויגען)

צעזאר. קאלפורניא!

קאלפורניא. צעזאר?

צעזאר. דו שטעל אזוי אנטאניוסען אין וועג זיך,
ער זאל דערזעהן דיך לויפענדיג פארביי.
אנטאניוס!

אנטאניוס. צעזאר, מיין הער?

צעזאר. פערגעס ניט אין דיין האסט, אנטאניוס,
קאלפורניא'ן בעריהרען; דען ס'איז דא
אן אלטער גלויבען, אז עקרות אנגעריהרט
אין אט דעם הייליגען געלויף, זיי שאקלען אב
פון זיך די קללה.

אנטאניוס. כ'וועל גערדיינקען עס:
ווען צעזאר זאגט „דאס טהו" — איז עס געטהאן.

צעזאר. נו ווייטער; לאזט קיין צערעמאניע דורך. (מוזיק.)

וואהרזאגער. צעזאר!

צעזאר. הא, ווער רופט?

קאסקא. זאל איטליכער זיין שטיל צום צווייטען מאל.

צעזאר. ווער איז עס אין געדראנג וואס רופט צו מיר?
איך הער א שטים שרייט איבער די מוזיק,
רופט „צעזאר". צעזאר איז געגויגט צו הערען! רייד!

וואהרזאגער. נעהם גוט אין זין די איידען פונ'ם מאנאט מערץ!

צעזאר. וואס איז עס פאר א מאן?

ברוטוס. אַ וואָהרזאָגער;
ער וואָרענט דיך פון איידען פונ׳ם מאַנאַט מערץ!
צעזאַר. ברייננט איהם פאַר מיר; לאָזט זיין געזיכט מיר זעהן.
קאַסיוס. איי, מענש! בעווייז זיך פון געדראַנג אַהער!
צעזאַר. וואָס ווערסטו זאָגען איצט? רייד נאָכאַמאָל.
וואָהרזאָגער. נעהם גוט אין זין די איידען פונ׳ם מאָנאַט מערץ!
צעזאַר. ער איז אַ טרוימער; לאָזט איהם געהן און קומט. (מוזיק.)
(אַלע אָב, אויסער ברוטוס און קאַסיוס.)
קאַסיוס. צי ווילסטו זעהן דעם אויסגאַנג פונ׳ם וועט־געלויף?
ברוטוס. ניט איך.
קאַסיוס. איך בעט דיך, קום.
ברוטוס. איך ליעב ניט שפּיעלערייען; ס׳פעהלט מיר עפּעס
פון יענעם גייסט וואָס עס בעזיצט אַנטאָניוס.
ניט לאָז מיך, קאַסיוס, דיך אָבהאַלטען —
איך געה זיך מיר מיין וועג.
קאַסיוס. כ׳בעטראַכט דיך, ברוטוס, גוט די לעצטע צייט:
כ׳געפין ניט מעהרער אין דיין בליק די פריינדשאַפט
און ליעבע־אויסדרוק וואָס איך פלעג געפינען.
דו ביזט צו קאַלט און פרעמד צום פריינד דיינעם
וואָס ליעבט דיך היים.
ברוטוס. אָ, קאַסיוס, מיין פריינד,
ניט זיי גענאַרט. אויב ס׳איז מיין בליק פערשלייערט —
דאַן האָב איך נור מיין אומרוה פון געזיכט
אַנטקעגען זיך אַליין געווענדט. די לעצטע צייט
ווער איך געפּלאָגט פון קעמפּפענדע געפיהלען,
געדאַנקען וואָס געהערען מיר אַליין —
וואָס ווארפען, מעגליך, שאָטענס אויף מיין אויפפיהר;
דאָך לאָז עס מיינע פריינד ניט קימערען —
פון וועלכע דו ביזט איינער, קאַסיוס —
און אויך ניט אויסטיימשען מיין פרעמדקייט אַנדערש
ווי דאָס, אַז ברוטוס אין זיין קאַמפּף מיט זיך אַליין
פערגעסט אַרויסצוצייגען ליעבע אַנדערע.
קאַסיוס. דאַן, ברוטוס, האָב איך זיך אין דיר גענאַרט;

און צוליעב דעם, פערשלאָסען האָט מיין ברוסט
געדאַנקען טיעפע פון אַ גרויסען ווערטה;
זאָג, ברוטוס, קאָנסט דיין אייגען פּנים זעהן?
ברוטוס. ניין, קאַסיוס, דאָס אויג קאָן זיך ניט זעהן —
אין עפּעס אַנדערש שפּיעגעלט עס זיך אָב.
קאַסיוס. גאַנץ ריכטיג;
און אונענדליך בעדויערען מיר, ברוטוס,
וואָס דו פערמאָגסט דעם שפּיעגעל ניט, וואָס זאָל
דיין אויג דיר עפּענען אויף דיין בעהאַלטען ווערטה —
דו זאָלסט דיין אייגען בילד דערזעהן. איך האָב
געהערט די אָנגעזעהענסטע מענער רוים'ס —
חוץ אונשטערבליכען צעזאַר — פון דיר ריידען.
וואָס ווינשען, זיפצענדיג אונטער דעם יאָך:
אַז ברוטוס זאָל די אויגען זיינע עפּענען!
ברוטוס. וואוהין ווילסטו מיך פיהרען, קאַסיוס?
וואָס דו פערלאַנגסט איך זאָל אין הארצען זוכען דאָס
וואָס איך פערמאָג ניט?
קאַסיוס. דעריבער, ברוטוס, זיי בערייט צו הערען:
און וויל דו ווייסט, קאָנסט זיך אליין ניט זעהן
אַזוי ווי אין אַ שפּיעגעל — איך, דיין גלאָז,
וועל צנועה'דיג אַנטפּלעקען דיר אליין
דאָס אַלץ וואָס אין דיר איז, דיר אונבעקאַנט.
און טראַכט פון מיר קיין שלעכטס ניט, ברוטוס ליעב.
וואָלט איך געווען אַן אָבלאַכער, צי כ'וואָלט געהאַט
אַ טבע זיך צו וואַרפען יעדען איינעם
מיט ליעבע אין די אָרעמס; אָדער אויב דו ווייסט
איך גנב'ע זיך אריין אין הארצען צו אַ פריינד,
דערנאָך בעליידיג איך איהם; צי דו ווייסט,
אַז איך שליס חבר'שאַפט מיט איטליכען —
דאַן היט זיך, ברוטוס, דאַן בין איך געפעהרליך!
(טראָמפּייטען און פרוידגעשרייען.)
ברוטוס. וואָס איז עס פאַר אַ טומעל? איך האָב מורא
דאָס פאָלק וועהלט צעזאַרען פאַר קעניג אויס!

קאַסיוס. האָסט מורא, אַ? דאַן מאַג איך אין מיר דיינקען,
דו וואָלסט ניט וועלען צעזאַרען זיין קעניג.
ברוטוס. איך וואָלט ניט וועלען, קאַסיוס — דאָך ליעב איך איהם.
וואָרום פערהאַלטסט מיך אַבער אַזוי לאַנג?
וואָס ווילסטו מיר אַזוינס פערטרויען איצט?
אויב עפּעס וואָס קען דיענען רוים, איהר גליק —
זאָל עהרע זעהן איין אויג און טויט דאָס צווייטע —
און גלייכגילטיג, אָהן שרעק, קוק איך זיי ביידען אָן.
לייטזעליגען זאָלען אַזוי די געטער מיך
ווי טהייערער פון טויט איז עהרע מיר.
קאַסיוס. איך ווייס: נאָך מעהר ווי כ'קאָן דיך און דיין אויסזעהן
אַלץ אָפּפערען פאַר עהרע ביזטו גרייט.
יאָ, עהרע איז דער אינהאַלט פון מיין ריידען.
איך ווייס ניט, ווי איהר שטאָלצע רוימער קאָנט
אין קנעכטשאַפט לעבען; איז ניט בעסער דען
דער טויט פון אָט דאָס שקלאַפיש־עהרלאָז לעבען
אין מורא פאַר אַ וועזען גלייך צו דיר?
איך בין געבאָרען פריי ווי צעזאַר, אַזוי דו,
און פונקט אַזוי גוט אויפגעבראַכט. מיר קאָנען גלייך
דעם ווינטער'ס קעלט פערטראָגען פונקט ווי ער.
דען איינמאָל אין אַ שטורעמדיגען רויהען טאָג,
דער טיבער ברויזענדיג געקעמפפט האָט מיט'ן ברעג,
זאָגט צעזאַר מיר: „צי וואַגסטו, קאַסיוס, אַצינד
אַריינשפּרינגען מיט מיר אין צאָרענדיגען שטראָם
ביז יענעם פּלאַץ צו שווימען?" — אויף זיין וואָרט,
געקליידט ווי כ'בין געווען, בין איך אַריין
און איהם גערופען. אמת, ער האָט נאָכגעפאָלגט.
דער שטראָם האָט בייז גערוישט, מיר קעמפּפען ווילד
מיט מוסקלען אָנגעשטריינגטע, וואַרפענדיג
די וועלען אָן אַ זייט, די שטראָמען טראָצענדיג.
נור איידער מיר האָבען דעם ציעל דערגרייכט —
שרייט צעזאַר: „העלף מיר, קאַסיוס, איך זינק!"
איך, ווי ענעאַס, אונזער גרויסער פאָטער,

האָט פון די פלאַמען טרויאַ'ס אויף זיין שולטער
ארויסגעטראָגען אנכיזעס — פון טיבער'ס שטראָם
האָב איך אַזוי דעם מידען צעזאַרען.
און דער מאַן איז אַ גאָט אַצינד, און קאַסיוס איז
אַ נידעריקע בריאה וואָס מוז בויגען זיך
ווען צעזאַר גריסט איהם גאוה'דיג פון ווייטען.
ער האָט געהאַט דעם פיבער זייענדיג אין שפּאַניען —
געקוקט האָב איך, די אויגען ניט געגלויבט —
ער האָט געציטערט! יאָ, דער גאָט ער ציטערט!
די פייגלינג־ליפּען בלאַס, אָהן טראָפּען בלוט,
די אויגען, וועמעס בליק עס שרעקט די וועלט,
דערשראָקען, אָהן אַ גלאַנץ; ער האָט געקרעכצט.
די צונג, וואָס האָט בעפוילען רוים צו האָרכען
און איטליך וואָרט פון צעזאַר'ס מויל פערשרייבען —
האָט זיך געבעטען: „וואַסער גיעב, טיטיניוס",
ווי אַ קראַנק מיידעל. געטער! כ'בין ערשטוינט:
אַ שוואַכער מענש זאָל טרעטען מיט די פיס
די גרויסע, שטאָלצע וועלט, איהר הערשער זיין!
(יובעל־געשרייען און טראָמפּייטען.)
ברוטוס. שוין ווידער טומעלט ווילד די גרויסע מאַסע!
איך גלויב, רוים פרעהט זיך מיט די נייע עהרען
וואָס שיטען זיך אויף צעזאַר'ס קאָפּ אָהן אויפהער!
קאַסיוס. יאָ, צעזאַר געהט אַרום איבער דער וועלט
ווי אַ קאָלאָסוס, און מיר, קליינע מענשען,
מיר קריכען אונטער זיינע ריעזען־קנאָכען
אום אונזער שוואַרצען קבר צו געפינען.
דער מענש נעהמט צייטענווייז זיין שיקזאַל אין די הענט:
און שולדיג זיינען, ברוטוס, ניט די שטערען
נור מיר אַליין: מיר זיינען שוואַכלינגען.
ברוטוס און צעזאַר — וואָס ליעגט אַזוינס אין צעזאַר,
מען זאָל זיין נאָמען הערען מעהר פון דיינעם?
שרייב ביידען אויף: קלינגט דיינער ערגער דען?
רייד זיי אַרויס: פּאַסט דיינער וועניגער די ליפּען?

וועג זיי: זיי וועגעןביידע גלייך. טהו צויבער:
ארויסרופען וועט ברוטוס גייסטער פלינק ווי צעזאר.
אצינד, אום הימעל'ס געטער'ס ווילען, זאג!
אויף וואס פאר פלייש האט צעזאר זיך געשפייזט, אז ער
איז גרויס אזוי געוואקסען? צייט, דו ביזט ענטעהרט!
דו האסט פערלארען, רוים, דיין העלדענמוט!
איז דען געווען א צייט, פון גרויסען מבול אן,
וואס האט נור מיט איין גרויסען מאן שטאלצירט?
ווער האט ביז איצט געוואגט צו זאגען, אז נור איינעם
האט רוים אין איהרע מויערען — ניט מעהר?
איצט האבען מיר, גאנץ זיכער, רוים פיעל רוים,
אז אין דער שטאדט פארהאן איז בלויז איין איינציגער.
מיר האבען אונזערע פאטערס געהערט זאגען:
געווען אמאל א ברוטוס מוטיגער אין רוים
וואס וואלט דעם שווארצען טייוועל גיכער ווי
א קעניג הערשען איבער רוים געלאזט.
ברוטוס. אז דו האסט ליעב מיך — צווייפעל איך ניט, קאסיוס,
צו וואס דו ציעלסט — הויב איך איצט אן פערשטעהן.
מיין מיינונג וועגען דעם און אונזער צייט
וועל איך אן אנדער מאל ארויסזאגען.
איצט בעט איך דיר, מיין ליעבער פריינד: ניט רייד
קייןווארט פון דעם. אלץ וואס דו האסט געזאגט —
וועל איך בעקלערען; וואס דו האסט צו זאגען —
וועל איך געדולדיג הערען, און די רעכטע צייט
געפינען אזא הויכען ענין צו בעשפרעכען.
דערווייל, מיין טרייער פריינד, געדיינק נור איינס:
ס'וואלט ברוטוס ליעבערשט וואוינען אין א וואלד
ווי איידער רופען זיך א זוהן פון רוים
אין אט די שווערע אומשטענדען וואס אונזער צייט
וויל אויף אונז ווארפען.
קאסיוס. ס'פריידט מיך זעהר שטארק,
וואס מיינע שוואכע ווערטער האבען איצט
פון ברוטוסען אזוי פיעל פייער אויסגעשלאגען.

ברוטוס. דאָס שפּיעל איז אויס און צעזאַר קומט צוריק.
קאַסיוס. ציה קאַסקאַ'ן פאַר'ן אַרבעל ווען ער געהט פאַרביי,
און ער וועט, אויף זיין שטייגער, דיר דערצעהלען
אַלץ וואָס איז ווערטה געווען דאָרט צו בעמערקען.
(צעזאַר און זיינע בעגלייטער קומען צוריק)
ברוטוס. כ'וועל טהאָן אַזוי. נו, זעה נור, קאַסיוס,
אויף צעזאַר'ס שטערן גליהט דער בייזער פלעק,
די איבעריגע קוקען אויס ווי אָבגעשמיסען.
קאַלפורניאַ איז בלאַס; און ציצעראָ
קוקט מיט אַ פייעריגען בייזען בליק,
ווי מיר האָבען אין קאַפּיטאָל געזעהן איהם
בעת ער איז בעקעמפפט פון סענאַטאָרען.
קאַסיוס. ס'וועט קאַסקאַ אונז דערצעהלען וואָס דאָרט האָט פּאַסירט.
צעזאַר. אַנטאָניוס!
אַנטאָניוס. צעזאַר?
צעזאַר. שטעל מענשען אַרום מיר וואָס זיינען פעט,
מיט גלאַטע קעפּ, וואָס שלאָפען דורך די נעכט;
ס'האָט קאַסיוס דאָרט אַ הונגעריגען קוק,
ער דענקט צו פיעל; אַזוינער איז געפעהרליך.
אַנטאָניוס. ניט שרעק זיך פאַר איהם, ער איז ניט געפעהרליך;
ער איז אַ גוטער רוימער און געטרייער!
צעזאַר. וואָלט ער נור דיקער זיין! איך שרעק זיך ניט —
נור וואָלט ניט שרעק געווען מיין הארצען פרעמד —
ווייס איך ניט נאָך איינעם וואָס איך וואָלט אויסגעמיידט
ווי אָט דעם דינעם קאַסיוסען. ער לייענט פיעל;
בעאָבאַכט מענשען, און זעהט דורך און דורך
אַ מענשענ'ס מעשים; ליעבט קיין שוישפּיעל ניט
ווי דו, אַנטאָניוס; ער ליעבט ניט קיין מוזיק;
ער שמייכעלט זעלטען — שמייכעלט ער שוין יאָ,
איז ווי ער וואָלט פון זיך אַליין געשפּאָט:
וואָס ער קאָן זיין פון וואָס געריהרט צו שמייכלען.
אַזעלכען שטילט דאָס האַרץ זיך ניט קיינמאָל,
כל־זמן ער זעהט אַ גרעסערען פון זיך;

דעריבער זיינען זיי אַזוי געפעהרליך.
איך זאָג דיר נור פאַר וואָס מען קאָן זיך שרעקען —
און ניט אַז כ'שרעק זיך: דען כ'בין אימער צעזאַר!
קום אויף מיין רעכטער האַנד, ווייל דאָס אויער איז טויב,
און זאָג דעם אמת וואָס דו דיינקסט פון איהם.
(צעזאַר און זיינע בעגלייטער, אויסער קאַסקאַ'ן, אָב.)

קאַסקאַ. האָסט מיך געצויגען פאַר'ן ארבעל: זאָג,
וואָס ווילסטו וויסען?

ברוטוס. יאָ, קאַסקאַ, זאָג אונז וואָס האָט היינט פּאַסירט,
וואָס צעזאַר איז אַזוי פערטרויערט?

קאַסקאַ. ביזטו דען ניט געוועזען דאָרט מיט איהם?

ברוטוס. דאַן וואָלט איך קאַסקאַ'ן ניט געפרעגט וואָס דאָרטען האָט פּאַסירט.

קאַסקאַ. מען האָט אַ קרוין איהם אָנגעבאָטען: און ווען מען האָט עס איהם אָנגעבאָטען, האָט ער עס מיט די פינגער הינטערוויילעכס אָבגעשאַרט, אַזוי; דאַן האָט דער עולם אויפגעהויבען אַ געשריי.

ברוטוס. און צוליעב וואָס איז געוועזען דער צווייטער געשריי?

קאַסקאַ. פאַר דאָס אייגענע.

ברוטוס. זיי האָבען דריי מאָל אויפגעהויבען אַ געשריי: וואָס איז געווען די אורזאַך צו'ן'ם דריטען מאָל?

קאַסקאַ. פאַר דאָס אייגענע.

ברוטוס. האָט מען די קרוין דריי מאָל איהם אָנגעבאָטען?

קאַסקאַ. איי, טהייערע, ס'אַזוי געווען און ער'ט דריי מאָל עס אָבגעשאַרט, איטליך מאָל שוואַכער ווי ס'פריהעריג'ס; און מיט יעדען אָבשארען האָבען מיינע אָרענטליכע שכנים גע־ליאַרעמט.

ברוטוס. ווער האָט די קרוין איהם אָנגעבאָטען?

קאַסקאַ. ווער דען, אויב ניט אַנטאָניוס?

ברוטוס. דערצעהל ווי עס איז פאָרגעקומען, קאַסקאַ.

קאַסקאַ. דו מאָגסט מיך טויטען, אויב איך קאָן עס אַלץ איבער־געבען. ס'איז געווען געגוג צום לאַכען; און ניט אַלץ האָב איך בעמערקט. איך האָב געזעהן אַנטאָניוסען, איהם אָנבאָ־

טען אַ קרוין — נור אייגענטליך איז עס געוועזען בלויז אַ קרוינדרעל — און ווי איך האָב אייך שוין איינמאָל דערצעהלט, האָט ער זי איינמאָל אָבגעשאַרט; אָבער נאָך אַלעמען, לויט ווי איך דיינק, האָט ער געהאַט דערצו גאַנץ גוט חשק. דאַן האָט ער נאָך אַמאָל איהם אָנגעבאָטען, און ער האָט נאָך אַמאָל זי אָבגעשאַרט; דאָך, איך וואָלט שווערען, ס'איז איהם שווער געווען צו צונעמען פון דעם די פינגער. און דאַן האָט ער עס איהם צום דריטען מאָל אָנגעבאָטען; ער האָט צום דריטען מאָל עס אָבגעשאַרט; און איטליך מאָל ווען ער האָט זיך פון דעם ענטזאַגט, האָט דער עולם געשריען און געפּאַטשט מיט די צושפּאָלטענע הענט און אין דער הויך די שווייסיגע שלאָף־מיצלעך געוואָרפען און אַרויסגעהויכט אַזוי פיעל שטינקענדיגען אָטהעם, מחמת צעזאַר האָט די קרוין צוריקגעוויזען, אַז ס'האָט נאָך אַ האָר צעזאַר'ן דערשטיקט; און ער איז טאַקע געפאַלען אין חלשות; און איך, געפיהלט ווי כ'האָב, האָב מורא געהאַט צו לאַכען, מיין מויל צו עפענען און די שלעכטע לופט אַריינאָטהמען.

קאַסיוס. וואַרט, שטילער, כ'בעט דיך: האָט ער טאַקע גע'חלש'ט?

קאַסקאַ. ער איז געפאַלען אויפ'ן מאַרק־פּלאַץ, שוימענדיג פון מויל, אָהן לשון.

ברוטוס. גאַנץ מעגליך; יאָ, ער האָט די פאַליגע געהאַט.

קאַסיוס. ניין, צעזאַר האָט עס ניט; נור דו און איך
און אונזער אָרענטליכער קאַסקאַ האָבען עס.

קאַסקאַ. איך ווייס ניט, וואָס דו מיינסט דערמיט צו זאָגען; נור איך בין זיכער, צעזאַר איז געפאַלען. אויב דאָס פּיין לומפּען־געזינדעל האָט ניט געפּאַטשט אָדער אויסגעפייפט לויט ווי ער איז זיי געפעלן אָדער ניט, ווי זיי טהוען עס מיט די קאָמעדיאַנטען אין טהעאַטער — דאַן בין איך אַ ליגנער.

ברוטוס. וואָס ט'ער געזאָגט, ווען ר'איז צו זיך געקומען?

קאַסקאַ. יאָ, איידער ער איז געפאַלען, זעהענדיג ווי דער עולם איז צופרידען וואָס ער האָט די קרוין צוריקגעוויזען, האָט ער אויפגעריסען זיין ראָק און זיי זיין האַלז געהייסען שניידען. וואָלט איך צו אירגענד וועלכע אַרבייט זיך אויסגע־

טוינט — זאָל איך צוזאמען מיט די לומפען געהן צום טייוועל — אויב איך וואָלט איהם ניט פאר זיין ווארט געהאלטען; דערביי איז ער געפאלען. ווען ער איז אויפגעקומען, האָט ער געזאָגט, אז אויב ער האָט בעגאנגען אן עולה — דאן בעט ער זייער אדעליגקייט צו גערייכקען אז שולדיג אין דעריין איז זיין קראנקהייט. א דריי אָדער פיער ווייבער וואו איך בין געשטאנען, האָבען אויסגעשריען: „סארא טהייערע נשמה!" און איהם פון פולען הארצען מוחל געוועז. דאָס איז אָבער פאר איהם געווען א קנאפע שמחה: ווען צעזאר וואָלט זייערע מאמעס געהאט געקוילעט, וואָלטען זיי ניט מעהר געקאָנט טהאָן.

ברוטוס. דעריבער איז ער עס אזוי אוועק פערטרויערט?

קאסקא. יאָ.

קאסיוס. האָט ציצערא עפּעס געזאָגט?

קאסקא. יאָ, ער האָט גערעדט גריכיש.

קאסיוס. וואָס ט'ער געוואָלט?

קאסקא. ניין, אויב איך זאָל דאָס דיר זאָגען, וועל איך דיר קיינמאָל מעהר ניט קאָנען קוקען גלייך אין די אויגען; נור די יעניגע וואָס האָבען איהם פערשטאנען, האָבען צוגעשמייכעלט איינער צום צווייטען און מיט די קעפּ געשאָקעלט; נור פאר מיר איז דאָס געווען גריכיש. יאָ, איך קאָן אייך נאָך א נייעס פערצעהלען: מארולוס און פלאוויוס, דערפאר וואָס זיי האָבען ארונטערגעריסען די עהרצייכען פון צעזאר'ס דיינקמאלען, זיינען געמאכט געוואָרען אונשעדליך. נו, זייט געזונד. עס האָבען נאָך און נאָך נארישקייטען פּאסירט, אז איך וואָלט מיר געקאָנט דערמאָנען.

קאסיוס. וועסט עסען אָוונדברויט ביי מיר היינט, קאסקא?

קאסקא. ניין, איך בין היינט ערגעץ אנדערש איינגעלאדען.

קאסיוס. נו, וועסטו מארגען עסען ביי מיר מיטאָג?

קאסקא. יאָ, אויב כ'וועל נור לעבען, דו וועסט ניט האָבען חרטה, און דיין מיטאָג וועט זיין ווערטה געגוג צום עסען.

קאסיוס. גוט, איך וועל ווארטען אויף דיר.

קאסקא. ווארט אויף מיר; צום ווידערזעהן. (אָב.)

ברוטוס. וואָס פאַר אַ טעמפּער יונג ער איז געוואָרען;
ער איז געוועזען פייער־פלאַם, ווען שוהל־חבר.
קאַסיוס. אַזוי איז ער אויך היינט צו טאָג, ביים אויספיהרען
פון יעדער גרויסער, בראַווער אונטערנעהמונג
ציהט ער אויף זיך אַרויף אַזאַ מין מאַסקע.
די רויהקייט זיינע איז נור דער געווירץ
פון גוטען וויץ זיינעם; דאָס מאַכט אַ מענשען
זיין וואָרט מיט מעהרער אַפּעטיט פערדייהען.
ברוטוס. אַזוי ווייזט אויס. אַצינד פערלאָז איך דיך,
און מאָרגען, אויב דו ווילסט מיט מיר וואָס ריידען
וועל איך צו דיר קומען; און אויב דו ווילסט,
דאַן קום צו מיר און איך וועל אויף דיר ווארטען.
קאַסיוס. כ'וועל טהאָן אַזוי. ביז דאַן דיינק פון דער וועלט.
(ברוטוס אָב.)
גוט, ברוטוס, דו ביזט נאָבעל! דאָך, איך זעה
דיין איידעלער געמיט קאָן פון זיין וועג
פערפיהרט ווערען; דעריבער איז פערנינפטיג,
אַז איידעלקייט צו איידעלקייט זאָל ציהען.
דען ווער איז שטאַרק גענוג אום ניט פערפיהרט צו זיין?
עס האַסט מיך צעזאַר, ברוטוסען אָבער ליעבט ער.
ווען איך בין ברוטוס, ער איז קאַסיוס —
וואָלט ער מיך ניט פערפיהרט. איך וועל נאָך היינט
אריינוואַרפען דורך זיינע פענסטער בריעף
מיט האַנדשריפטען פערשיעדענע, אַזוי ווי
זיי וואָלטען פון אַ פולע בירגער קומען;
וואו ס'ווערט געשילדערט יענע הויכע מיינונג
וואָס רוים האָט וועגען איהם; און וואו ס'ווערט אויך
אויף צעזאַר'ס גרויסען עהרגייץ אָנגעצייגט;
און זאָל זיך צעזאַר האַלטען פעסט דערנאָך:
מיר מוזען זיעגען — אָדער פאַלען אינ'ם יאָך.
דריטע סצענע. — אַ גאַס.
דונערען און בליצען. עס טרעטען אויף פון פערשיעדענע זייטען: קאַסקאַ, זיין שווערד ענטבלויזט, און ציצעראָ.

ציצעראָ. גוט נ'אָוונט, קאַסקאַ! קומסטו איצט פון צעזאַרען?
וואָס לויפסטו אָהן אָן אָטהעם, ביזט פערשטאַרט?
קאַסקאַ. ביזטו גאָר ניט געריהרט, בעת דו זעהסט
ווי ס'וואַקעלט זיך די פעסטע ערד? אָ, ציצעראָ!
איך האָב געזעהן שוין שטורעמס, ווען דער ווינד
האָט דעמבען אויסגעריסען; כ'האָב געזעהן
דעם שטאָלצען ים שוין קאָכען, ברויזען, שוימען
ווי ער וואָלט וועלען אָנריהרען די וואָלקענס;
נור קיינמאָל נאָך ביז היינט ביינאַכט, ביז איצט
האָב איך געזעהן אַ שטורעם גיסען פייער;
ענטוועדער ס'קומט אין הימעל פאַר אַ קריעג,
ווען ניט — די וועלט פערזינדיגט פאַר די געטער,
רייצט אָן זיי איהר אין גאַנצען צו פערניכטען.
ציצעראָ. האָסטו נאָך עפּעס וואונדערליכס געזעהן?
קאַסקאַ. אַ שקלאַף אָן איינפאַכער — דו קאָנסט איהם גוט —
הויבט אויף זיין לינקע האַנד — און ס'האָט געברענט
ווי צוואַנציג פאַקעלען צוזאַמען, דאָך די האַנד
האָט ניט געפיהלט דעם פלאַם, איז ניט פערברענט.
חוץ דעם — איך האַלט מיין שווערד נאָך אין מיין האַנד —
האָב איך ביים קאַפּיטאָל אַ לייב בעגעגענט;
ער האָט מיך ווילד בעקוקט, און שטאָלץ פאַרביי
מיך ניט אָנגרייפענדיג; אין אַ געזעמעל
צונויפגעקנוילט זיך האָבען הונדערט בלאַסע ווייבער
צודולט פאַר שרעק; זיי שווערען, אַז זיי האָבען
בעגעגענט אין די גאַסען פייעריגע מענער.
און נעכטען איז דער נאַכטפויגעל אין העלען טאָג
געזעסען שרייענדיג אין מאַרק. ווען ס'טרעפען זיך
אַזוי פיעל וואונדער, זאָל דער מענש ניט זאָגען:
„דאָס איז די אורזאַך, עס איז גאַנץ נאַטירליך".
דען איך גלויב, אַז דאָס איז אַ שלעכטער סימן
פאַר יענעם לאַנד אויף וועלכען זיי בעווייזען.
ציצעראָ. גאַנץ ריכטיג; ס'איז אַ וואונדערבאַרע צייט.
דאָך מענשען לייגען אויס ווי זיי איז ליעבער,

גאַנץ ווייט, פּערשיעדען פון דעם וואָהרען מיין.
קומט צעזאר מאָרגען צו דעם קאַפּיטאָל?
קאסקא. ער קומט; ער האָט אַנטאָניוסען געבעטען,
ער זאָל דיר זאָגען, ער וועט מאָרגען קומען.
ציצערא. אַ גוטע נאַכט דיר, קאסקא! ס'איז ניט איינצושטעהן
דאָ אונטער אַזאַ הימעל.
קאסקא. ציצעראָ, גוט־נאַכט.
(ציצעראָ אָב. קאַסיוס קומט אַן.)
קאסיוס. ווער איז?
קאסקא. אַ רוימער.
קאסיוס. קאַסקאַ נאָכ'ן קול.
קאסקא. ס'איז שאַרף דיין אויער! קאַסיוס, סאַראַ נאַכט!
קאסיוס. אַ זעהר שעהנע נאַכט פאַר אָרענטליכע לייט.
קאסקא. האָט ווער געזעהן שוין ווען דעם הימעל אַזוי צאָרניג?
קאסיוס. די יעניגע וואָס זעהען צו די ערד פול זינד.
וואָס מיך בעטרעפט, האָב איך אין שטאָדט געוואַנדערט
דער בייזער נאַכט זיך איבערגעבענדיג;
און ניט פּערגאַרטעלט, קאַסקאַ, ווי דו זעהסט,
האָב איך צום דונערשטיין מיין ברוסט ענטבלויזט;
און ווען עס האָט דער בלויער בליץ געצוקט,
צושפּאַלטענדיג דעם הימעל'ס ברוסט, האָב איך
אַנטקעגען פלאַם געשטעלט זיך, אַלס זיין ציעל.
קאסקא. ווארום בריינגסטו דעם הימעל אין נסיון?
דעם מענשענ'ס גורל איז: צו ציטערען
ווען ס'שיקען אונז די געטער מורא־צייכענס,
אַזעלכע שלוחים אונז צו איבעררַאשען.
קאסיוס. ביזט, קאַסקאַ, טעמפּ, און יענער לעבענס־פונק
וואָס זאָל אין יעדען רוימער גליהען, פעהלט דיר אויס,
צי גאָר, קאָן זיין, געברויכסט איהם ניט. ביזט בלאַס,
דו ביזט פערכאַפּט פון שרעק, דו ביזט ערשטוינט צו זעהן
דעם כעס דעם אונגעוועהנליכען פון הימעל.
ווען אָבער דו בעטראַכסט די וואָהרע סבה
פאַרוואָס די פייערען, די גייסטער בלאָנדזשענדע,

פאַרוואָס די חיות, פויגלען בייטען זייער נאַטור,
פאַרוואָס די זקנים, קינדער, נאַרען פּראָפּעצייען,
פאַרוואָס די אַלע זאַכען בייטען אום
דעם פעסטגעשטעלטען גרענעץ פון נאַטור
אין עקעלהאַפטע אייגענשאַפטען — וועסטו איינזעהן,
דער הימעל האָט אין זיי דעם גייסט אַראָבגעשיקט,
כדי זיי זאָלען דיענען אַלס אַ שטריינגע וואָרנונג,
פון שרעק און שטראָף פאַר אַ פערזינדיגט לאַנד.
איך קאָן דיר, קאַסקאַ, אָנרופען אַ מאַן
וואָס קאָן זיך גלייכען צו דער בייזער נאַכט,
וואָס דונערט, בליצט און עפענט קברים, ברילט
אזוי גוט ווי דער לייב ביים קאַפּיטאָל.
אַ מאַן, ניט מעכטיגער פאַר דיר און מיר
אין כחות — דאָך איז דראָהענדיג געוואַקסען,
און מורא׳דיג ווי אָט דער ווילדער אויסברוך.
קאַסקאַ. דו מיינסט עס צעזאַרען. ניין, קאַסיוס?
קאַסיוס. זאָל זיין ווער ס׳איז; די רוימער האָבען איצט
די זעלבע מוסקולען וואָס זייערע פאָטערס;
האָך, וועה אונז, אונזער פאָטער׳ס גייסט איז טויט
און אונז רעגיערט דער גייסט פון אונזערע מוטערס;
דען אונזער יאָך און ליידען דייטען אָן
ווי ווייבעריש און שוואַך מיר זיינען היינט.
קאַסקאַ. יאָ אמת, כ׳האָב געהערט, די סענאַטאָרען
זיי ווילען קרוינען מאָרגען צעזאַרען;
ער זאָל זיין קרוין אויף ים און לענדער טראָגען,
אין יעדען פּלאַץ, חוץ אין איטאַליען דאָ.
קאַסיוס. איך וויים, וואו איך וועל האָבען דאַן מיין שווערד:
ס׳וועט קאַסיוס פון קנעכטשאַפט קאַסיוסען בעפרייען.
אָ, געטער, איהר וואָס מאַכט די שוואַכע שטאַרק!
אָ, געטער, איהר וואָס מאַכט טיראַנען צו בעזיעגען!
ניט שטיינער־פעסטונגען, ניט קופּער־ווענט,
ניט נאַסע תפיסות, ניט קיין שווערע קייטען —
זיי קאָנען זיין אַן אָבהאַלט פאַר׳ן שטאַרקען גייסט.

דעם לעבען, אויסגעמאַטערט פון די תּפיסות, —
וועט קיינמאָל אויספעהלען די קראַפט זיך צו פערניכטען.
און ווייס איך דאָס — מאָג וויסען אויך די גאַנצע וועלט:
אָט דעם טהייל טיראַניי וואָס כ'טראָג אויף זיך
וועל איך מיט שמחה אָבטרייסלען.

קאַסקאַ. איך קאָן עס אויך:
אַזוי טראָגט יעדער שקלאַף אין זיינע הענט
די קראַפט זיין שקלאַפעריי צו ברעכען.

קאַסיוס. פאַרוואָס זאָל אָבער צעזאַר זיין טיראַן?
אַ עלענדער, ער וואָלט קיין וואָלף ניט זיין
ווען ס'וואָלטען ניט די רוימער זיין קיין שאָף;
קיין לייב — ווען זיי זאָלען ניט זיין קיין לעמער.
ווען עמיץ וויל אין האַסט אַ פייער מאַכען —
דאַן לייגט ער אונטער שטרוי צוערשט; וואָס פאַר אַ מיסט,
וואָס פאַר אַן אָבפאַל מוז רוים זיין אַצינד
ווען זי ווערט אויסגענוצט צום ניד'ריגען געברויך
אַזאַ מין זאַך ווי צעזאַר ליכט צו געבען!
נור וועה, מיין לייד!
וואו האָסטו מיך פערפיהרט? איך רייד, קאָן זיין,
צו איינעם, וואָס איז פרייוויליג אַ שקלאַף?
דאַן ווייס איך, כ'מוז דערפאַר אַן ענטפער געבען.
נור כ'טראָג מיט זיך מיין שווערד; קוק די געפאַהר
העכסט גלייכגילטיג איןביידע אויגען.

קאַסקאַ. דו רעדסט צו קאַסקאַ'ן; צו אַ מאַן אַזאַ
וואָס איז קיין פלאַפלער ניט; נעם אָן מיין האַנד;
שליס נור אַ בונד דעם אומגליק אָבצוהאַלטען
און אָט דער פוס וועט נאָכהאַלטען מיט איטליכען
וואָס וועט צום ווייטסטען געהן.

קאַסיוס. געמאַכט געשעפט!
איצט מאָגסטו, קאַסקאַ, וויסען: איך האָב שוין
די שעהנסטע, בעסטע זיהן פון רוים בע[illegible]ערט
מיט מיר צוזאַמען געהן אין אונטערנעהמונג
פון עהרענהאַפט־סכנות'דיגע פאָלגען.

איך ווייס, זיי וואַרטען אין פּאָמפּעיוס' זאַל
אצינד אויף מיר; דען אין דער שוידערליכער נאַכט —
די גאַסען זיינען שטיל און אויסגעשטאָרבען;
דאָס אויסזעהן פון די עלעמענטען, איז
פּונקט ווי די אַרבייט וואָס מיר געהען טהאָן:
העכסט בלוטיג, פייעריג און שוידערליך.
(צינאַ קומט אָן.)
קאַסקאַ. זיי שטיל אַ רגע, עמיץ קומט אין האַסט.
קאַסיוס. ס'איז צינאַ; איך דערקאָן איהם אָן זיין גאַנג;
ער איז אַ פריינד; וואו לויפט איהר אַזוי, צינאַ?
צינאַ. אייך אויסצוזוכען. ווער איז דאָס? מעטעלוס צימבער?
קאַסיוס. ניין, דאָס איז קאַסקאַ, אַ פערשוואָרענער
צו אונזער זאַך. בין איך ערוואַרט דאָרט, צינאַ?
צינאַ. כ'בין העכסט צופרידען. סאַראַ שוידערליכע נאַכט!
מיר האָבען מאָדנע זעהונגען געזעהן!
קאַסיוס. ווער איך ערוואַרט דאָרט, צינאַ? זאָגט!
צינאַ. געוויס.
אָ, קאַסיוס, אז איהר וואָלט נור געקאָנט
געווינען ברוטוסען אויף אונזער זייט —
קאַסיוס. זייט רוהיג, גוטער צינאַ; דעם פּאַפּיר
נעהמט לייגט אין פּרעטאָר'ס שטול, וואו ס'זאָל
עס ברוטוס זעהן; אָט דעם פּאַפּיר נעהמט וואַרפט
אַריין אין ברוטוס' פענסטער; דעם פּאַפּיר
קלעפּט צו צום דענקמאָל פון דעם אַלטען ברוטוס.
דערנאָך קומט אין פּאָמפּעיוס' זאַל, צו אונז.
צי זיינען דעציוס און טרעבאָניוס דאָרט?
צינאַ. יאָ, אַלע אויסער צימבערען; ער איז אַוועק
אייך אויסזוכען אין אייער הויז. איצט וועל איך געהן
די אויפרופען צעוואַרפען, ווי איהר ווילט.
קאַסיוס. דאָס אָבגעטהאָן — קומט גלייך צוריק צו אונז.
(צינאַ אָב.)
קום, קאַסקאַ, מיר'ןביידע היינט פאַר טאָג
זעהן ברוטוסען ביי איהם אין הויז. דריי טהייל

פון איהם איז אונזער שוין — דער גאַנצער מאַן
וועט נאָך דעם נעכסטען קאַמפּף זיין אונזערער.
קאַסקאַ. יאָ, ער איז שטאַרק בעליעבט ביי יעדען איינעם —
און וואָס ביי אונז וואָלט אויסגעזעהן פערברעכען
וועט זיין געזיכט, פּונקט ווי דער וואונדערשטיין,
אין טוגענד עס פערוואַנדלען און אין ווערטה.
קאַסיוס. איהם און זיין גרויסען ווערטה פאַר אונז
האָסטו גוט אָבגעשעצט דאָ. לאָמיר געהן;
ס'איז שפּעט ביי נאַכט; נאָך איידער עס ווערט טאָג
לאָמיר איהם אויפוועקען, מיט איהם זיין זיכער. (אָב.)

## צווייטער אקט.

### ערשטע סצענע. — רוים.

(ברוטוסעס גארטען. ברוטוס טרעט אויף.)

ברוטוס. איי, לוציוס, שטעה אויף!
איך קאן ניט לויט דעם שטערענגאנג דערגעהן
ווי ווייט ס'איז נאך צו טאג. — איי, לוציוס!
וואלט איך געהאט דעם פעהלער: אזוי שלאפען.
איי, לוציוס, שטעה אויף!
(לוציוס קומט אן.)
לוציוס. איהר האט גערופען, הערר?
ברוטוס. צינד אן א ליכט ביי מיר אין צימער, לוציוס,
ווען אנגעצונדען, רוף מיך.
לוציוס. גוט, מיין הערר. (לוציוס אב.)
ברוטוס. ס'מוז קומען דורך זיין טויט. וואס מיר בעטרעפט,
האב איך קיין אנדער גרונד ניט איהם צו שלאגען —
ווי נור די זיכערקייט פון רוים. ער זוכט א קרוין —
די פראגע איז, ווי דאס וואלט איהם געענדערט?
עס איז דער שעהנער טאג, וואס בריהט דעם שלאנג אויס,
וואס פאדערט פארזיכטיג צו זיין. איהם קרוינען — דאס —
דאן הייסט עס, לייהען מיר א גיפטיג-נאדעל איהם
וואס ער קאן לויט זיין ווילען מיט איהם שטעכען.
דער אומגליק איז מיט גרויסקייט, וואס עס רייסט
פון מאכט — געוויסען אב; דעם אמת ריידענדיג,
כ'האב ניט ארויסגעזעהן פון צעזארען
אז ס'זאל זיין ליידענשאפט איהר מעהר בעהערשען
ווי זיין פערשטאנד. דאך ווערט די זאך בעשטעטיגט,
אז דעמוט איז דעם יונגען עהרגייץ'ס לייטער;

צו וועלכען דער וואָס קריכט אַרויף ווענדט זיין געזיכט —
נור האָט ער שוין דערגרייכט דעם העכסטען שטאַפּעל
קערט ער זיך אָב צום לייטער מיט'ן רוקען;
פערראַכט דעם קאָפּ צום הימעל און פערשפּייט די טרעפּ
וואָס האָבען איהם דערהויבען. דאָס קאָן צעזאַר אויך;
איז אום ער זאָל ניט זיין אַזוי — פערמייד.
און ווייל עס האָט קיין זין, צו קעמפּפען געגען דעם
ווי ס'האָט איהם די נאַטור בעשאַפען — זאָג אַזוי:
דאָס וואָס ער איז, פערגרעסערט — קאָן אַמאָל
צו די און די עקסטרעמען פיהרען;
דרום קוק אויף איהם ווי אויף אַ שלאַנגען־איי
וואָס וועט, ווען אויסגעבריהט, זיין גיפטיג ווי זיין מין —
צודריק איהם אין זיין שאָלעכץ.

(לוציוס קומט צוריק.)

לוציוס. דאָס ליכט ברענט אין דעם לעז־צימער, מיין הערר.
ווען כ'האָב דעם פייערשטיין געזוכט אין פענסטער
האָב איך אָט דעם פערמאַכטען בריעף געפונען;
ס'איז ניט געוועזען דאָרט פאַר מיין שלאָפען געהן.

(גיט איהם דעם בריעף).

ברוטוס. קאָנסט ווידער שלאָפען געהן; עס איז נאָך נאַכט.
צי זיינען מאָרגען ניט די אידען פונ'ם מערץ?
לוציוס. איך וויים ניט, הערר.
ברוטוס. קוק נאָך אין קאַלענדאַר
און לאָז מיר וויסען.
לוציוס. כ'געה עס טהאָן, מיין הערר.

(לוציוס אָב.)

ברוטוס. די מעטעאָרען פלאַמענדיג אין לופטען,
זיי גיבען ליכט גענוג צום לייענען.

(עפענט דעם בריעף און לייענט)

„ברוטוס, דו שלאָפסט, ערוואַך, זעה זיך אַליין.
„זאָל רוים? א. ז. וו. רייד, שלאָג, בוי אויף!
„ברוטוס, דו שלאָפסט, ערוואַך!“
אַ סך האָט מען אַזעלכע אויפרופען

די לעצטע צייט געוואָרפען אין מיין וועג
„זאָל רוים? א. ז. וו." איך מוז אזוי עס אויסלייגען:
זאָל רוים אין מורא ליגען פאר איין מאַן?
ווי, רוים? מיין עלטערפּאָטער האָט פון רוים
טאַרקווין אַרויסגעיאָגט פאר ווערען קעניג.
„רייד, שלאָג, בוי אויף!" — ווער איך איצט אויפגעפאָדערט
צו ריידען און צו שלאָגען? רוים, איך שווער,
אויב נור ס'וועט קומען צו דיין אויפבויאונג —
אז דו בעקומסט דיין פולע רעכט פון ברוטוס' האנד.
(לוציוס קומט צוריק.)

**לוציוס.** הערר, מערץ איז אויסגעשטראָכען פערצעהן טעג.
(מען קלאַפּט פון דרויסען)

**ברוטוס.** גוט; געה צום טויער עפענען; מען קלאַפּט.
(לוציוס אָב.)

זינט קאַסיוס האָט אַנטקעגען צעזאַרען
מיך אָנגעשפּיצט — האָב איך נאָך ניט געשלאָפען.
די צווישענצייט — פון ערשטער אָנרעגונג
און ביז צום אויספיהר פון א גרוילטהאַט, איז
ווי א פהאַנטאָם, א שוידערליכער חלום:
דעם מענשענ'ס גייסט און שטערבליכע אָרגאַנען
פעראיינען זיך אין ראַט — דעם מענשענ'ס צושטאַנד
געגליכען צו א קליינע קעניגרייך —
שטעהט אויס די אַלע שרעקען פון אַן אויפשטאַנד.
(לוציוס קומט צוריק.)

**לוציוס.** מיין הערר, ס'איז אייער ברודער קאַסיוס
ביים טיהר, ער וויל אייך זעהן.

**ברוטוס.** איז ער אַליין?

**לוציוס.** ניין, הערר, דאָרט זיינען נאָך מענשען מיט איהם.

**ברוטוס.** דו קאָנסט זיי?

**לוציוס.** זיי האָבען אָנגערוקט די היט איבער די אויגען,
די פּנים'ער פערגראָבען אין די מאַנטלען;
אזוי, אז כ'האָב פאר קיין פאַל ניט געקאָנט
דערקאָנען זיי.

ברוטוס. בעט זיי אין הויז אריין.

(לוציוס אָב.)

דאָס זיינען די פערשוואָרענע. — פערשווערונג!
שעהמסטו זיך דיין געזיכט ביינאַכט צו ווייזען,
ווען אַל דאָס בייז הערשט פריי — טאָ וואו וועסטו
אין שיין פון טאָג, אַ הייל געפינען שוואַרץ גענוג
דיין פּנים צו פערבאָרגען? זוך ניט, ס'איז אומזיסט!
מאַסקיר עס דורך אַ שמייכעל און דורך פריינדליכקייט.
דען אויב דו געהסט מיט דיין נאַטירליך אויסזעהן —
דאַן איז אויך ערעבוס גענוג ניט פינסטער
דיך צו בעשיצען.

(קאַסיוס, קאַסקאַ, דעציוס, צינאַ, מעטעלוס, צימבער און טרעבאָניוס טרעטען אויף.)

קאַסיוס. כ'האָב מורא, אז מיר שטערען דיר דיין רוה;
גוט מאָרגען, ברוטוס; פאַלען מיר דיר ניט צו לאַסט?

ברוטוס. איך בין געוועזען וואך די גאַנצע נאַכט.
קאָן איך די מענער וועלכע זיינען דאָ מיט דיר?

קאַסיוס. דו קאָנסט זיי איטליכען, און איטליכער פון זיי
האָט קיין זאַך אויסער עהרע ניט פאַר דיר;
און איטליך איינער פון זיי ווינשט נור איינס —
דו זאָלסט פון זיך אַליין דעם מיינונג האָבען
וואָס יעדער טרייער רוימער האָט פון דיר!
דאָס איז טרעבאָניוס.

ברוטוס. ער איז מיר ווילקאָמען.

קאַסיוס. דאָס — דעציוס ברוטוס.

ברוטוס. ער איז אויך מיר ליעב.

קאַסיוס. דאָס קאַסקאַ; דאָס איז צינאַ; דאָס איז צימבער.

ברוטוס. איהר זייט מיר אַלע, אַלע ווילקאָמען.
וואָס פאַרא זאָרגען האָבען זיך געשטעלט
צווישען אייערע אויגען און די נאַכט?

קאַסיוס. קאָן איך דיר וואָס פערטרויען?

(ברוטוס און קאַסיוס ריידען צווישען זיך.)

דעציוס. דאָ ליעגט דער מזרח; ברעכט ניט טאָג אויס דאָרט?

קאַסקאַ. ניין.
צינאַ. ענטשולדיגט, ס'איז אַזוי; די גרויע שטרייפֿען
וואָס ציהען דורך די וואָלקען דאָרט, זיי זיינען
דעם טאָג'ס שלוחים.
קאַסקאַ. איהר מוזט מיר צוגעבען,
אַז איהר זייט ביידע אומגערעכט: די זון געהט אויף
אַהינצו וואו איך צייג מיין שווערד, נאָך דרום זייט,
בעטראַכטענדיג די יונגע צייט פֿון יאָהר;
צוויי מאָנאַט שפּעטער ערשט, צו צפֿון זייט
וועט אויפשטייגען איהר פֿלאַם; און גראַד אָט דאָ
ליגט הינטערען קאַפּיטאָל דער הויכער מזרח.
ברוטוס. גיט אייערע הענד מיר, איינער נאָכ'ן צווייטען.
קאַסיוס. מיר זאָלען דורך אַ שבועה אונזער זאַך פֿערשווערען.
ברוטוס. ניין, ניין, קיין שוואור; אויב ניט דעם מענשען'ס אויסזעהן,
די אינערליכע לייד און דראַנג פֿון הארצען,
די שרעקען פֿון דער צייט — אויב דאָס איז ניט גענוג —
ברעכט אָב אין צייט, געהט יעדער צו זיין פֿוילען בעט.
זאָל מוטוויליגע טיראַניי דאַן הערשען בייז,
ביז איטליכער וועט פֿאַלען נאָך זיין גורל — נור,
אויב ס'ברענט אין הארצען אונז אַ פֿייער, ווי איך גלויב,
דעם שוועכלינג אָנצוציגדען, און מיט מוט
די ווייבערשע געמיטער צו בעשמיעדען —
אָ, בירגער!
צו וואָס אַן אַנדער טרייבקראַפֿט אויסער אונזער זאַך
וואָס זאָל אונז שטויסען צו רוים'ס אויפבויאונג?
וואָס פֿאַר אַן אַנדער בונד, חוץ רוימער אין געהיים,
וואָס האָבען זייער וואָרט געזאָגט, און וועלען
דעם וואָרט ניט ברעכען? פֿאַר אַן אַנדער שוואור
ווי עהרליכקייט צו עהרליכקייט פֿערבונדען,
דערפֿאַר צו קעמפּפֿען און דערפֿאַר צו שטאַרבען?
אָ, זאָל דער פּייגלינג, פּריעסטער, שוועכלינג שווערען,
צופֿוילטע פּגרים, קלאָגעדיגע ברואים

וואס דאנקען נאך פאר אומרעכט; שווערען זאל
דער מענש אין וועמען קיינער האט קיין צוטרוי;
נור ניט פערשוועכט די ווערטה פון אונזער זאך
צו דיינקען אונזער האנדלונג און בעשלוס
דארף שבועות גאר; ווען יעדער טראפען בלוט
וואס איידעל פליסט אין יעדען רוימער'ס הארצען —
וואלט שולדיג זיין בעזונדער אין פערראט,
ווען ער זאל נור דעם קלענסטען טהייל פערלעצען
פון אירגענד וועלכען ווארט געגעבען אונז.
קאסיוס. דאך, ווי מיט ציצערא? ווי שטעהען מיר מיט איהם?
כ'גלויב ער וועט זיין הערפאר מיט לייב־און־לעבען.
קאסקא. מיר זאלען איהם ניט אויסלאזען.
צינא. א, ניין.
מעטעלוס. איהר מוזט איהם צוציהען; זיין גרויער קאפ
וועט קויפען אונז די בעסטע שעהנסטע מיינונג,
די שטימע פון'ם פאלק די זאך צו לויבען.
ס'וועט הייסען, אז זיין ראט האט אונז געפיהרט;
קיין איבעראיילונג, יוגענד־ברען וועט זיך
אין קיינעם פון אונז ניט ארויסווייזען —
אין מאנטעל פון זיין אנזעהן צוגעדעקט.
ברוטוס. א, רופט איהם ניט! פערטרויט איהם ניט קיין ווארט!
ער וועט קיינמאל ניט צושטעהן צו א זאך
וואס ס'האט א צווייטער אנגעהויבען.
קאסיוס. לאזט איהם אויס.
קאסקא. ס'איז וואהר, ער פאסט זיך ניט אהער.
דעציוס. זאל קיינער מעהר ניט בלוטען אויסער צעזארען?
קאסיוס. גוט, דעציוס, גוט; כ'גלויב, ס'איז ניט מעהר ווי רעכט,
אז מארק אנטאניוס, וואס איז אזוי בעליעבט
פון צעזארען, זאל איהם ניט איבערלעבען;
ער קאן געפעהרליך זיך ארויסצייגען;
איהר ווייסט זיין מאכט, אויב ער זאל זי בענוצען
קאן אונז פערשאפען לייד: אום דאס פערמיידען —
פאל צעזאר און אנטאניוס צוזאמען!

ברוטוס. די זאך וואלט זיין צו בלוטיג, קאיוס קאסיוס,
צוערשט דעם קאפּ אראבשניידען, דערנאך
די גליעדער אבהאקען, ווי גרימצארןביים טויט
און רשעות שפּעטער טהאן; אנטאניוס
איז נור א גליעד פון צעזארען; מיר זאלען
זיין אפּפערער און ניט קיין שלאכטער, קאיוס;
מיר שטעלען זיך דא קעגען צעזאר'ס גייסט,
און ס'איז אין מענשענ'ס גייסט קיין בלוט ניטא;
א, ווען מיר וואלטען צוקומען געקאנט
צו צעזאר'ס גייסט און צעזארען ניט טויטען!
נור וועה, ס'מוז צעזאר בלוטען פאר זיין גייסט!
און פריינד, מיר זאלען מוטיג טויטען איהם,
ניט אבער צארניג! לאמיר איהם צושניידען
ווי מען גרייט צו א מאלצייט פאר די געטער,
און ניט צופערטלען ווי א נבלה פאר די הינד.
זאל אונזער הארץ זיין גלייך צום קלוגען העררען
וואס רייצט די דיענער זיינע אן צו שלעכטעס —
און שטראפט זיי אויס דערנאך. מיר שטעמפּלען דאן
די זאך אלס נויטיגקייט און ניט אלס שנאה.
און ווען דאס פאלק וועט איינזעהן, ס'איז אזוי —
וועט מען אונז רייניגער, ניט מערדער רופען.
און וואס אנטאניוסען בעטרעפט, ניט טראכט פון איהם;
ווייל ער קאן טהאן ניט מעהר פון צעזאר'ס האנד
דערנאך ווי צעזאר'ס קאפּ איז אבגעשניטען.
קאסיוס. דאך האב איך מורא פאר זיין גרויסער ליעבע
וואס ער טראגט טיעף אין זיך פאר צעזארען.
ברוטוס. אך, גוטער קאסיוס, ניט טראכט פון איהם;
אויב ער ליעבט צעזארען — וואס ער קאן טהאן
איז נעהמען זיך צום הארצען דאס און שטארבען.
און דאס וואלט זיין צופיעל; ער איז ארייגעטהאן
אין ויין, אין לוסט, אין שפּיעל, מיט לייב און לעבען.
טרעבאניוס. ניטא וואס זיך צו שרעקען; טויט איהם ניט —

דען ער וועט לעבען און זיך אויסלאַכען דערפון.

(דער זייגער שלאָגט)

ברוטוס. ווי שפּעט איז איצט?

קאַסיוס. דער זייגער האָט געשלאָגען דריי.

טרעבאָניוס. ס'איז צייט צו שיידען זיך.

קאַסיוס. דאָך צווייפעל איך,

צי צעזאַר וועט היינט קומען, אָדער ניט —
ווייל ער איז לעצטענס זעהר אבערגלויביג,
און האָט אַן אנדער מיינונג ווי אַמאָל
פון טרוים, פון איינבילדונג און וואונדער־צייכען.
קאָן מעגליך זיין, די אַלע וואונדער־זאכען,
די אונערהערטע שרעקען פון דער נאַכט,
דאָס איינריידען פון זיינע וואָהרזאָגער —
זיי זאָלען איהם צוריקהאַלטען פון קאַפּיטאָל.

דעציוס. ניט זאָרגט דערפאַר; איז ער אַזוי בעשלאָסען —
וועל איך עס אָבווענדען; ער ליעבט צו הערען,
אַז ס'ווערט דער איינהאָרען געכאַפּט דורך בוימער,
דער לייב דורך נעצען, העלפאַנדען דורך גריבער,
דער בער דורך שפּיעגלען און דער מענש דורך חניפה;
נור ווען איך זאָג איהם, אַז ער האַסט אַ חונף,
דאַ זאָגט ער יאַ; און פיהלט געשמייכעלט זיך
צום העכסטען גראַד; לאָזט האָס צו מיר; דען איך פערשטעה,
ווי ס'איז צום לייכטסטען זיין געמיט צו לענקען —
און איך וועל ברייגגען איהם צום קאַפּיטאָל.

קאַסיוס. מיר וועלען אַלע געהן איהם צו פערנעמען.

ברוטוס. צום שפּעטסטען, זייגער אַכט; ניט וואָהר?

צינאַ. צום שפּעטסטען אַכט; זאָל קיינער אויסען בלייבען.

מעטעלוס. ליגאַריוס איז צעזאַרען אַ שונא;

ס'איז צעזאַר זעהר אויפגעבראַכט אויף איהם
וואָס ער האָט פון פּאָמפּעיוס' גוטס גערעדט;
מיך וואונדערט, וואָס איהר האָט אַן איהם פערגעסען.

ברוטוס. גוט, ליעבער צימבער, געהט צו איהם אַריבער;

ער ליעבט מיך הארציג און ער האָט פאַרוואָס —

כ'וועל איהם בעאיינפלוסען פאַר אונזער זאַך.
קאַסיוס. דער מאָרגען קומט אויף אונז; מיר געהען ,ברוטוס;
צושפּרייט זיך, פריינד, נור יעדער זאָל געדיינקען
וואָס ער האָט צוגעזאָגט, ווי עכטע רוימער.
ברוטוס. קוקט, מיינע הערען, פריש און מונטער אויס,
זאָל אייער פּנים ניט ארויסגעבען דעם סוד;
ניין, פיהרט עס דורך, ווי אונזערע אַקטיאָרען,
מיט מונטערען געמיט און פעסטען ווילען.
איך ווינש אייך איטליכען אַ גוטען מאָרגען!
(אַלע, אויסער ברוטוס, אָב.)
ברוטוס. איי, לוציוס! דו שלאָפסט געשמאַק — שלאָף, שלאָף!
געניס דעם שווערען האָניג-טוי פון שלומער;
דו זעהסט קיין בילדער ניט און קיין געשטאַלטען
וואָס פיהלען אָן מיט זאָרג דעם מענש'ס געהירען;
דעריבער שלאָפסט זיך דיר אַזוי געשמאַק!
(פּאָרטיאַ טרעט אויף.)
פּאָרטיאַ. מיין ליעבער ברוטוס!
ברוטוס. פּאָרטיאַ, וואָס איז?
וואָס האָסטו אויפגעהויבען זיך פון בעט?
ס'איז שעדליך פאַר דיין איידעלען געזונד
צום קאַלטען רויהען מאָרגען זיך פערטרויען.
פּאָרטיאַ. ס'איז שעדליך אויך פאַר דיר. ניט פריינדליך, ברוטוס,
האָסטו זיך פון מיין בעט ארויסגעשלייכט;
און לעצטע נאַכט ביים ווענדברויט, האָסטו
זיך פלוצים אויפגעהויבען פון דיין אָרט,
און הין-און-הער ארומגעשפּרייזט — געזיפצט,
געטראַכט, די הענד פערלייגט שווער אויפ'ן הארצען.
און ווען איך האָב געפרעגט דיך וואָס דו זיפצסט,
האָסטו מיר נור אַ שטרייגגען בליק געגעבען;
און ווען איך האָב ניט נאַכגעלאָזט, האָסטו
דיין שטערן בלויז געריבען מיט די הענד
און אונגעדולדיג מיט'ן פוס אַ קלאַפּ געטהאָן.
כ'בין צוגעשטאַנען — האָסטו ניט געענטפערט —

נור בייז געמאכט א צייכען מיט דער האנד,
אז איך זאל דיך פערלאזען; כ׳האב אזוי געטהאן,
בעזארגט, כ׳זאל ניט דיין אונגעדולד פערשטארקען
וואס איז אזוי שוין אויפגעברויזט — זיך טרויסטענדיג,
אז ס׳איז בלויז א פארבייגעהענדער צושטאנד
וואס האט זיך זיין געוויסע צייט מיט יעדען מאן.
ניט עסען, שלאפען, ריידען לאזט עס דיך;
וואלט דאס דיין אויסזעהן אויך געקאנט פערנעמען
ווי דאס האט דיין געמיט בעצוואונגען שוין —
וואלט איך דיך, ברוטוס, ניט דערקאנט. מיין טרייער מאן,
פערטרוי דיין ווייב די אורזאך פון דיין טרויער!
ברוטוס. איך פיהל מיך ניט געזונד — און דאס איז גאר.
פארטיא. ברוטוס איז קלוג; וואלט ער ניט זיין געזונד,
וואלט ער די מיטלען טהאן געזונד צו ווערען.
ברוטוס. דאס טהו איך, ליעבע פארטיא; געה צו דיין בעט.
פארטיא. איז ברוטוס קראנק? און איז עס היילזאם דא
אזוי ארומצוגעהן ענטבלויזט און איינזאפען
אין זיך דעם טוי פון מארגען? ווי, איז ברוטוס קראנק
און שלייכט זיך פון געזונדען בעט ארויס
דער בייזער אנשטעקונג פון נאכט צו רייצען?
און אנרעגען די שווערע פיבערלופט
זיין קראנקהייט צו פערשטארקען? ניין, מיין ברוטוס,
דו טראגסט ארום אין זיך א קראנקען גייסט
פון וואס איך זאל ביי רעכט, ביי שטעלונג און ביי ווערטה
פון דיר אלץ וויסען; און אויף מיינע קניה
פערשווער איך דיך ביי מיין פערלויבטע שעהנקייט,
ביי אלע דיינע ליעבעס־שווארען, יא,
ביי יענע גרויסע שבועה וואס האט אונז פעראיינט
און האט אונז געמאכט איין לייב און זעעל —
ענטפלעק דיין הארץ פאר מיר, דיין צווייטע העלפט,
פארוואס ביסטו בעקימערט, וואס פאר מענער
דא זיינען צוגעקומען היינט ביינאכט צו דיר?
דען דא זיינען געווען א זעקס, צי זיבען,

וואָס האָבען זייער אויסזעהן ניט פערטרויט
דער פינסטערניש אַליין.

ברוטוס. ניט קניה, מיין פּאָרטיאַ.

פּאָרטיאַ. כ'וואָלט ניט געקניהט ווען דו וואָלסט איידעל זיין.
איז דאָס פערשטאַנען אונטער'ן הייראַטסבונד?
אַ, ברוטוס, זאָג, איך זאָל קיין סוד ניט וויסען
וואָס דיר געהט אָן? בין איך דאָס דו אַליין,
נור מיט געוויסע אויסנאָמען צו גלייכער צייט?
בעדיענען דיר ביים טיש, דיין בעט צו טהיילען,
און ווען ניט איז אַ וואָרט צו ריידען? וואוין איך דען
נור אין דעם ווייטסטען פאָרהויז פון דיין האַרצען?
אויב ס'איז אַזוי — איז פּאָרטיאַ דאָן בלויז
די קעפּסווייב ברוטוסעס, און ניט זיין ווייב.

ברוטוס. דו ביזט מיין עכט און איינציג עהרענווייב;
דו ביזט מיר טהייער ווי די פּורפּור טראָפּען
וואָס פליסען אין מיין טרויעריגען האַרצען.

פּאָרטיאַ. ווען דאָס איז וואָהר — וואָלט איך דיין סוד געוואוסט.
כ'גיעב צו, איך בין אַ פרוי — דאָך ניט פערגעס,
אַ פרוי וואָס ברוטוס האָט צום ווייב גענומען;
כ'גיעב צו, איך בין אַ פרוי — דאָך ניט פערגעס,
אַ פרוי פון הויכען אָנזעהן, קאַטאָ'ס טאָכטער.
צי גלויבסטו, איך בין שוואַך ווי מיין געשלעכט
ווען קאַטאָ איז מיין פאָטער, ברוטוס איז מיין מאַן?
פערטרוי דיין קומער, איך וועל האַלטען סוד;
איך האָב מיין פעסטען האַרצען אויסגעפּרופט,
זיך מיט'ן גוטען ווילען מאַכענדיג אַ וואונד
דאָ אויף מיין שיינקעל; האָב איך דאָס פערטראָגען —
וועל איך מיין מאַנ'ס געהיימנים ניט?

ברוטוס. אָ, געטער,
מאַכט ווירדיג פאַר מיין איידעל ווייב מיך איצט!
(מען קלאַפּט פון דרויסען)
האָרך! האָרך! מען קלאַפּט! איין רגע נור פערלאָז מיך;
און אונגעזאַמט זאָל באַלד דיין בוזעם טהיילען
די אַלע סודות פון מיין האַרצען:

ב'וועל אַלע מיינע בונדען אויפקניפּען פאַר דיר
פון מיין פערוואָלקענט פּנים לעזען דיר די שריפט.
פערלאָז מיך שנעל. (פּאָרטיאַ אָב.) איי, לוציוס, ווער קלאַפּט?
(לוציוס און ליגאַריוס טרעטען אויף)
לוציוס. דאָ איז אַ קראַנקער מאַן וואָס וויל אייך זעהן.
ברוטוס. ליגאַריוס, פון וועלכען צימבער האָט גערעדט;
געה אָן אַ זייט, יונג. קאַיוס ליגאַריוס, וואָס?
ליגאַריוס. נעהמט צו דעם גוטען מאָרגען פון אַ מיעדער צונג.
ברוטוס. וואָס פאַר אַ צייט איהר האָט זיך אויסגעקליבען,
מיין בראַווער קאַיוס, איצט אַ טוך צו טראָגען;
אָ, ווען איהר וואָלט אצינד ניט קראַנק געוועזן!
ליגאַריוס. איך בין ניט קראַנק, ווען ברוטוס האָט אַ טהאַט
וואָס איז דעם נאָמען עהרע ווערט צו טראָגען!
ברוטוס. אזא טהאַט האָב איך איצט אין האַנד, ליגאַריוס;
וואָלט אייער אויער זיין געזונד צו הערען!
ליגאַריוס. ביי יעדען גאָט פאַר וועלכען רוימער בויגען זיך —
איך לאָז זיך אויס פון קראַנקהייט. זעעל פון רוים!
דו, בראַווער זוהן פון עהרענהאַפטע לענדען,
נעהמסט ווי אַ צויבערער אוועק פון מיר
מיין טויטען גייסט; בעפעהל מיך לויפען איצט —
דאָ וועל איך אויף אונמעגליכעס זיך וואַגען
און אַלעם בייקומען. — וואָס איז צו טהאָן?
ברוטוס. אַן ארבייט וואָס וועט קראַנקע אויסהיילען.
ליגאַריוס. דאָס וועט ניט אויך געזונדע מאַכען קראַנק?
ברוטוס. דאָס אויך, מיין קאַיוס; וואָס דאָס איז אַזוינס,
וועל איך ענטפּלעקען דיר, ווען מיר'ן געהן
צו דעם אויף וועמען ס'מוז געשעהן.
ליגאַריוס. איהר געהט פאָרויס;
און איך וועל מיט אַן אָנגעצונדען האַרץ פון ס'ניי
אייך נאָכגעהן אין די טריט, און טהאָן אָט דאָס
וואָס איך ווייס ניט; נור ס'איז פאַר מיר גענוג
אַז ברוטוס געהט פאָרויס.
ברוטוס. דאַן פאָלג מיר נאָך. (ביידע אָב.)

## צווייטע סצענע. — רוים.

### אַ צימער אין צעזאַר׳ס פּאַלאַץ.

דונערען און בליצען. צעזאַר טרעט אויף אין זיין נאַכט־קלייד.

**צעזאַר.** ניט הימעל און ניט ערד געפינען זיך קיין רוה —
דריי מאָל האָט פון איהר שלאָף קאַלפורניאַ געשריען:
„העלפט! העלפט! זיי טויטען צעזאַר׳ן!“ — איז עמיץ דאָ?
(אַ דיענער קומט אריין)

**דיענער.** מיין הערר?

**צעזאַר.** געה היים די פּריעסטער אויפבריינגען אַ קרבן
און ברייננ פאַר זייער מיינונג פון ערפאָלג.

**דיענער.** איך געה, מיין הערר. (אָב.)
(קאַלפורניאַ טרעט אויף.)

**קאַלפורניאַ.** וואָס דיינקסטו, צעזאַר? דיינקסט היינט אויסצוגעהן?
דו טאָרסט קיין טריט ניט מאַכען היינט פון הויז.

**צעזאַר.** ס׳מוז צעזאַר געהן; ביז היינט האָט איטליכע געפאַהר
געזעהן נור צעזאַר׳ס רוקען; קוקען זיי נור אָן
דעם פּנים צעזאַר׳ס — ווערען זיי פערשוואונדען.

**קאַלפורניאַ.** כ׳האָב קיינמאָל ניט געגלויבט אין צייכען, צעזאַר;
דאָך שרעקען זיי מיך איצט. אין הויז אַצינד
געפינט זיך איינער וואָס דערצעהלט זיך אָן,
חוץ אַלץ וואָס מיר אליין האָבען געזעהן, געהערט,
פון שרעקען וואָס די וואַך האָט בייגעוואוינט.
אַ לייבין האָט אין מיטען גאַס אַ קינד געבאָרען,
די קברים האָבען זייערע מיילער אויפגעעפענט —
די טויטע זייערע ארויסגעשפּיגען;
און פייעריגע קריעגער אין די וואָלקען
אין רייהען און סקאַדראָנען האָבען ווילד געקעמפּפט
און אויפ׳ן קאַפּיטאָל מיט בלוט געשפּריצט.
געשטאַנען איז אין לופט אַ קריעגס־געקלאַנג,
געהירזשעט האָבען פערד, און גוסס׳ע — געקרעכצט
און גייסטער האָבען, בלאָנדזשענדיג, געשריען —
דאָס אַלץ איז, צעזאַר, איבער מיין פערשטאַנד —
און איך האָב מורא.

צעזאר. וואָס קאָן זיין פערמיטען,
און וועמעס סוף איז פון די געטער אָנגעטייט?
און דאָך וועט צעזאר געהן; די אַלע צייכען
זיי זיינען פאר דער וועלט אין אַלגעמיין
פּונקט ווי פאר צעזארען.
קאַלפּורניא. ווען בעטלער שטארבען
דאַן ווייזען זיך קיין ברענענדע קאָמעטען;
דער הימעל גופא פייערט אויס דעם טויט פון פּרינצען.
צעזאר. דער פּחדן שטארבט נאָך פיעל מאָל פאר זיין טויט,
דער בראַווער מאָן פערזוכט דעם טויט נור איינמאָל.
פון אַלע וואונדער וואָס כ'האָב ווען געהערט
איז, דאכט זיך מיר, דער גרעסטער: מאָן און מורא —
בעטראַכטענדיג, אז טויט, דער נויטווענדיגער סוף,
מוז, ווען עס איז, דאָך קומען.
(דער דיענער קומט צוריק.)
צעזאר. וואָס זאָגען מיינע וואַהרזאָגער?
דיענער. זיי ראַטען אייך, ניט אויסגעהן היינט פון הויז;
ווען זיי האָבען די איינגעווייד פון קרבן
ארויסגעריסען — האָבען זיי קיין האַרץ
אין קרבן ניט געפונען דרין.
צעזאר. די געטער
זיי טהוען עס, אום מורא צו פערשעהמען;
א חיה אָהן א האַרץ וואָלט צעזאר זיין
ווען ער זאָל היינט פאר מורא שטעהן אהיים.
דאָס וועט ניט צעזאר טהאָן: עס ווייסט געפאַהר גאַנץ גוט,
אז צעזאר איז געפעהרליכער פאר איהר:
מיר זיינען לייבען צוויי געבאָרען אין איין טאָג
און צעזאר איז דער עלטסטער און געפעהרליכסטער:
און ס'וועט דאָך צעזאר געהן.
קאַלפּורניא. אַ וועה, מיין הערר,
דיין חכמה ווערט פערבלענדט דורך דיין בטחון;
שטעה היינט צו־הויז; רוף אָן די מורא מיינע
וואָס האַלט דיך היינט צוריק — ניט דיינע.

מיר ווילען צום סענאט אנטאניוסען שיקען.
און ער וועט זאגען, אז דו פיהלסט ניט גוט.
אָ, לאָז מיר אויף די קניה עס אויסווײנען ביי דיר!
צעזאר. אנטאניוס זאָל זאָגען, אז איך פיהל ניט גוט —
און, דיר צוליעב, וועל איך צו־הויז פערבלייבען.
(דעציוס טרעט אויף)
ס'קומט דעציוס, ברוטוס; ער וועט זיי דאָס זאָגען.
דעציוס. צעזאר איידעלער! גוט מאָרגען, ווערטהער צעזאר!
איך קום פערנעהמען אייך צו דעם סענאט.
צעזאר. דו ביזט אויף אין א גוטער שעה געקומען:
דו וועסט מיין גרוס די סענאטאָרען ברײנגען,
און זאָגען זיי, אז איך קאָן היינט ניט קומען;
קאָן ניט — איז פאַלש, און וואג ניט — איז נאָך פאַלשער;
כ'וועל היינט ניט קומען — זאָג זיי, דעציוס, אזוי.
קאלפורניא. זאָגט, ער איז קראנק.
צעזאר. זאָל צעזאר זאָגען ליגען?
האָב איך אין זיעג אזוי וויט אויסגעשטרעקט מיין האנד,
מיך שרעקען גרויע בערד דעם אמת זאָגען?
געה, זאָג זיי, דעציוס, צעזאר וועט ניט קומען.
דעציוס. אָ צעזאר מעכטיגער! דערקלערט די אורזאך!
איך זאָל ניט ווערען אויסגעלאכט ווען איך דערצעהל!
צעזאר. די אורזאך איז מיין ווילען; כ'וויל ניט קומען;
גענוג אום דעם סענאט צופריעדענשטעלען.
נור דיר, אלס גוטען פריינד, פערטרוי איך דאָ:
קאלפורניא, מיין ווייב, זי צווינגט מיך שטעהן צו־הויז:
זי האָט געזעהן אין חלום היינט: מיין בילד,
וואס האט ווי א פאָנטאן דורך הונדערט שפריצער
מיט ריינעם בלוט געשפריצט; און רוימער פיעל
וואָס האָבען, שמייכלענדיג, אין דעם די הענד געוואשען;
און דאָס בעטראכט זי פאר א שלעכטען צייכען
אויף אל דאָס בייז; און אויף די קניה איהרע
האָט זי מיך איינגעבעטען, איך זאָל היינט ניט געהן.

דעציוס. ניט ריכטיג איז דער חלום אויסגעטייטשט:
ס'איז גאָר אַ גליקליך זעהונג און אַ מזל'דיג;
דאָס בלוט וואָס האָט געשפּריצט דורך הונדערט רעהרען —
בעטייט, אַז גרויסער רוים וועט פרישען לעבענסבלוט
פון אייך בעקומען; און פיעל רוימער וועלען
זיך יאָגען קריגען וואָס צום אָנדיינקען פון אייך:
אָט דאָס איז דורך קאַלפורניאַ'ס חלום אָנגעדייט.
צעזאַר. גוט, גוט האָסטו דעם חלום אויסגעלעגט.
דעציוס. ווען איהר וועט הערען נאָך וואָס כ'האָב צו זאָגען,
און וואָס איך וויים: בעשלאָסען האָט סענאַט,
אַ קרוין דעם גרויסען צעזאַרען היינט געבען.
אויב איהר זאָלט זאָגען זיי, איהר ווילט ניט קומען,
קאָן דאָס זיך ענדערען. חוץ דעם, ס'איז לעכערליך:
„ברעכט אָפּ די זיצונג פון סענאַט אויף שפּעטער,
ווען צעזאַר'ס ווייב וועט בעסער חלומ'ען".
בעהאַלט זיך צעזאַר — זאָלען זיי ניט סוד'ען זיך:
„אהא! ס'האָט צעזאַר מורא!"
זאָל צעזאַר מיר ענטשולדיגען — מיין ליעבע,
וואָס כ'טראָג פאַר איהם אין הארצען, הייסט מיר ריידען
און מיין פערשטאַנד ווערט פון מיין ליעבע איבערוועלטיגט.
צעזאַר. ווי נאַריש שיינט דיין שרעק צו זיין, קאַלפורניא,
ס'איז מיר אַ שאַנד, וואָס כ'האָב זיך איינריידען געלאָזט.
גיט מיר מיין אָנקליידונג: דען איך מוז געהן.
(פּובליוס, ברוטוס, ליגאַריוס, מעטעלוס, קאַסקאַ, טרעבאָניוס
און ציננאַ, טרעטען אויף.)
צעזאַר. און זעהט, אויך פּובליוס איז דאָ נאָך מיר!
פּובליוס. גוט מאָרגען, צעזאַר.
צעזאַר. פריעדען, פּובליוס.
אָ, ברוטוס, דו האָסט אויך זיך היינט געפעדערט?
גוט מאָרגען, קאַסקאַ; קאַיוס ליגאַריוס,
ס'איז צעזאַר אויף אַזוי פיעל קיינמאָל ניט
געוועזען דיין פיינד, ווי אָט דער בייזער פיעבער

וואָס האָט דיך אָבגעצערט. — ווי שפּעט איז איצט?

ברוטוס. ס'האָט אכט אצינד געשלאָגען, צעזאַר.

צעזאַר. מיין דאנק פאַר אייער מיה און העפליכקייט.

(אַנטאָניוס קומט אַן.)

צעזאַר. איהר זעהט, אַנטאָניוס וואָס הוליעט שפּעט אין נאכט
איז אויך שוין דאָ. אַנטאָניוס, גוט מאָרגען!

אַנטאָניוס. דאָס זעלבע צעזאַרען.

צעזאַר. בעפעהלט, זיי זאָלען צוגרייטען וואָס ס'איז אין הויז;
ס'איז מיין שולד נור, וואָס איהר דאַרפט וואַרטען איצט.
גו, צינא, גו מעטעלוס; אָ, טרעבאָניוס:
איך האָב פאַר אייך א גאַנצע פרייע שעה —
געדיינקט, איהר מוזט מיר היינט דערמאָנען,
זייט נאָהנט צו מיר, איך זאָל אייך ניט פערגעסען.

טרעבאָניוס. געוויס. (אַן אַ זייט) און נאָהנט אזוי, אַז דיינע פריינד
זיי וועלען וויגשען, וואָלט איך וויטער זיין.

צעזאַר. קומט, ליעבע פריינד, מיר וועלען עפּעס טרינקען,
און נאָכדעם וועלען מיר ווי פריינד צוזאַמען געהן.

ברוטוס. עס זיינען פריינד צו פריינד ניט גלייך, אָ צעזאַר,
און ס'ווייטאָגט ברוטוס' הארץ פון דעם צו דיינקען!

(אַלע אָב.)

---

## דריטע סצענע. — רוים.

א גאַס לעבען קאַפּיטאָל.

אַרטעמידאָרוס טרעט אויף לעזענדיג פון אַ פּאַפּיר.

אַרטעמידאָרוס. „צעזאַר, גיעב אכטונג אויף ברוטוסען; היט זיך פאַר קאַסיוסען; שטעה ניט צו נאָהנט צו קאַסקאַ'ן; האַלט אַן אויג אויף צינאַ'ן; גלויב ניט טרעבאָניוסען; בעאָבאכט מעטעלוס צימבערען; דעציוס ברוטוס ליעבט דיך ניט; דו האָסט בעליידיגט קאַיוס ליגאַריוסען; די אַלע מענער האָבען איין געדאַנק נור, און דער געדאַנק איז קעגען צעזאַרען. אויב דו ביסט ניט אונשטערבליך, זיי פאָרזיכטיג. צוטרוי

מאכט פלאץ פאר פערראט. די מעכטיגע געמער זאלען דיך בעשיצען.

פון מיר וואס ליעבט דיך,

ארטעמידארוס".

דא וועל איך שטעהן ביז צעזאר וועט פארבייגעהן
און אלס א ביטע וועל איך עס איהם געבען.
מיין הארץ בעוויינט וואס גרויסקייט קאן ניט לעבען,
ווערט אין די צייהן פערצוקט פון נידעריגע קנאה.
וועסטו עס לעזען, צעזאר, קאנסטו לעבען נאך,
ווען ניט — איז דיר בעשערט צו פאלען דורך פעררעטער.

---

פיערטע סצענע.

און אנדער טהייל פון דער זעלבער גאס, פאר ברוטוסעס הויז.
פארטיא און לוציוס טרעטען אויף.

פארטיא. איך בעט דיך, יונג, לויף שנעל אין דעם סענאט־הויז;
ניט פרעג קיין פראגען, לויף געשווינד אהין:
וואס שטעהסטו נאך?

לוציוס. אום צו דערגעהן מיין שליחות.

פארטיא. כ'וואלט וועלען, זאלסט שוין זיין דארט און צוריק
נאך איידער כ'קאן דיר זאגען וואס איך וויל.
א, פעסטקייט פון געדאנק, קום מיר צו הילף
און זעץ א גרויסען בארג צווישען הארץ און צונג;
כ'פערמאג א מענער־קאפ, נור אבער פרויען־קראפט.
ווי שווער ס'איז פאר א פרוי צו היטען סוד!
ביזטו נאך אלץ דא?

לוציוס. וואס, מיין הערריז, זאל איך טהאן?
זאל לויפען צו דעם קאפיטאל — און מעהרער גאר ניט?
און קומען באלד צוריק — און מעהרער גאר ניט?

פארטיא. יא, לאז מיר וויסען, יונג, וואס מאכט דיין העדר?
ער האט געפיהלט זיך קראנק; בעמערק נור גוט
וואס צעזאר טהוט, און ווער שטעהט ארום איהם?

האָרך! האָרך, וואָס איז עס פאַר גערויש?
לוציוס. איך הער קיין זאַך.
פּאָרטיא. איך בעט דיך, האָרך גור גוט.
איך הער אַ ווילדען ליאַרעם פון געפעכט;
דער ווינד דערטראָגט דאָס פון דעם קאַפּיטאָל.
לוציוס. ניין, הערדין, איך פערנעם קיין זאַך.
(וואָהרזאָגער טרעט אויף)
פּאָרטיא. קום נעהנטער, מאַן; פון וואַנען געהסטו איצט?
וואָהרזאָגער. כ'קום פון מיין הויז איצט, ליעבע פרוי.
פּאָרטיא. ווי האַלט די צייט איצט?
וואָהרזאָגער. ארום נייען, מיין הערדין.
פּאָרטיא. איז צעזאר שוין אַוועק צום קאַפּיטאָל?
וואָהרזאָגער. נאָך ניט דערוויייל; איך געה זיך שטעלען אויף אַ פּלאַץ
צו זעהן איהם ווען ער געהט צום קאַפּיטאָל.
פּאָרטיא. דו האָסט צו צעזאַרען אַ בּיטע, יאָ?
וואָהרזאָגער. דאָס יאָ, מיין הערדין; ווען עס צעזאַרען זיין ליעב
פון צעזאר'ס טובה וועגען, מיך צו הערען,
וועל איך איהם בעטען זיין אַ פריינד צו זיך אַליין.
פּאָרטיא. ווי? ווייסטו דען פון עפּעס בייז געטראַכט אויף איהם?
וואָהרזאָגער. קיינס, וואָס איך וויים, וועט זיין; פיעל, וואָס איך פאַרכט, קאָן טרעפען;
אַ גוטען מאָרגען אייך! די גאַס איז שמאָל:
דער עולם וועלכער פאָלגט נאָך צעזאר'ס טריט,
פון סענאַטאָרען, פּרעטאָרען און ביטען-זוכער,
קאָן לייכט אַ שוואַכען מענשען צודריקען צום טויט;
איך וועל מיך שטעלען אויף אַ פרייען פּלאַץ, און דאָרט
צום גרויסען צעזאר ריידען, ווען ער קומט.
(וואָהרזאָגער אָב.)
פּאָרטיא. כ'מוז געהן אין הויז אריין. אָ וועה, ווי שוואַך
דאָס הארץ איז פון אַ פרוי, אָ ברוטוס,
דער הימעל זאָל דיין אונטערנעהמונג העלפען!

(אַן אַ זייט) געוויס, דער יונג האָט מיך געהערט. (לוציוסען.)
ס'האָט ברוטוס אום אַ זאַך געבעטען צעזאָרען
און צעזאָר ווייגערט זיך. עס איז מיר שלעכט!
לויף, לוציוס, און טראָג מיין ליעבע צו מיין הערן;
זאָג, איך בין רוהיג; און קום שנעל צוריק
און גיעב מיר איבער, וואָס ער וועט דיר זאָגען.
(ביידע אָב.)



3טער אקט.

די סצענע אין וועלכער צעזאר ווערט ערמארדעט.

## דריטער אקט.

ערשטע סצענע. — רוים.

פאר'ן קאפיטאל. אן עולם מענשען. צווישען אנדערע, ארטעמידארוס און דער וואהרזאגער. א שאלען פון טראמ־פייטען. צעזאר, ברוטוס, קאסיוס, קאסקא, דעציוס, מע־טעלוס, טרעבאניוס, צינא, אנטאניוס, לעפּידוס, פאפּיליוס, פּובליוס, און אנדערע קומען אן.

צעזאר. (צום וואהרזאגער) אט זיינען שוין די איידען פון'ם מערץ.
וואהרזאגער. יא, צעזאר; אבער ניט פאר־ביי.
ארטעמידארוס. א, גרויסער צעזאר, לייען באלד מיין ביטע!
דעציוס. טרעבאניוס בעט אייך אין א פרייער צייט
זיין אונטערטהעניגסטע בקשה לייענען.
ארטעמידארוס. א צעזאר, לייען מיין בקשה ערשט; דען דאס
ריהרט צעזארען צום נעהנטסטען אן.
דו לייען עס אצינד, א, גרויסער צעזאר!
צעזאר. וואס מיך ריהרט אן — מעג ווארטען אויף צו לעצט.
ארטעמידארוס. א צעזאר, לייג ניט אב! דו לעז עס שוין!
צעזאר. וואס? איז דער מאן פון זינען?
פּובליוס. איי, מאך וועג.
צעזאר. וואס שטויסט איהר זיך ארום אין גאס מיט ביטען?
קומט אין דעם קאפּיטאל.

(צעזאר געהט צום סענאט־הויז; אלע אנדערע געהען נאך)

פאפּיליוס. זאל אייער אונטערנעהמונג אייך בעגליקען!
קאסיוס. וואס פאר אן אונטערנעהמונג?
פאפּיליוס. זאל אייך וואויל בעגליקען.

(נעהנטערט זיך צו צעזארען)

ברוטוס. וואס האט פאפּיליוס לענא דיר געזאגט?

קאסיוס. ער ווינשט,
אז אונזער אונטערנעהמונג זאל בעגליקען;
כ'האב מורא, עס איז אונזער ציעל ענטדעקט.
ברוטוס. ער נעהנטערט זיך צו צעזארען; בעמערקט נור גוט.
קאסיוס. זיי, קאסקא, פלינק אום ניט געשטערט צו זיין.
וואס זאל מען, ברוטוס, טהאן אצינד? אויב ס'זאל ארויס
וועט קאסיוס אדער צעזאר מעהר אהיים ניט געהן —
איך לייג אויף זיך מיין האנד.
ברוטוס. זיי מוטיג, קאסיוס;
פאפיליוס לענא רעדט ניט וועגען אונז;
דו זעהסט, ער שמייכעלט; צעזאר איז גאנץ רוהיג.
קאסיוס. ס'ווייסט וואויל טרעבאניוס וואס ער האט צו טהאן;
ער נעהמט אנטאניוסען אוועק פון וועג.
(אנטאניוס און טרעבאניוס אב.)
דעציוס. וואו איז מעטעלוס צימבער? זאל ער געהן
און תיכף פארברייינגען זיין זאך פאר צעזארען.
ברוטוס. ער איז געגרייט; פרעסט נעהנטער זיך צו איהם.
צינא. דו, קאסקא, הויבסט דער ערשטער אויף דיין האנד.
צעזאר. זייט איהר שוין אלע גרייט? וואס איז אצינד
וואס צעזאר און סענאט מוזען בעטראכטען?
מעטעלוס. א העכסטער, מעכטיגסטער און גרעסטער צעזאר!
מעטעלוס צימבער וואַרפט צו דיינע פיס
אן אונטערטהעניג הארץ —
(קניעט זיך)
צעזאר. מעטעלוס, הארך:
די קנעכטישע חניפות און דאס קריכען
זיי קאנען וואויל דאס בלוט פון שוואכלינג צינדען;
און פון דעם פעסט-בעשלאסענעם געזעץ
א קינדערשפיעל בלויז מאכען; ביזט גענארט,
צו דיינקען צעזאר'ס בלוט איז פון דעם מין
וואס קאן צושמעלצען פון זיין עכטען ווערטה, דורך דאס
וואס נעהמט דעם נארען: כ'מיין מיט זיסע ווערטער,
מיט נידעריגען בוקען זיך און חניפות.

דיין ברודער איז פערבאַנט דורכ'ן געזעץ;
און אויב דו בויגסט זיך, בעטסט און חנפה'סט זיך,
וועל איך דיך ווי אַ הונד פון וועג פערשטויסען.
וויס, צעזאַר טהוט קיין אומרעכט ניט. און ניט אָהן גרונד
קאָן עמיץ ווער איהם איבערבעטען.
מעטעלוס. איז גאָר קיין ווירדיגערע שטים פון מיינע דאָ
וואָס זאָל אין צעזאַר'ס אויער זיסער קלינגען —
פאַר מיין פערבאַנטען ברודער'ס ווידערקער?
ברוטוס. איך קוש דיין האנד — דאָך ניט מיט חניפה, צעזאַר,
פערלאַנגענדיג, אַז פּובליוס צימבער זאָל
בעגנאַדיגט זיין צוריקקעהרען אַהיים.
צעזאַר. ווי? ברוטוס?
קאַסיוס. צעזאַר, גנאַד!
אויך קאַסיוס פאַלט צו דיינע פיס אַנידער,
בעגנאַדיגונג פאַר צימבער אויסצובעטען.
צעזאַר. איך וואָלט געריהרט זיין ווען כ'וואָלט זיין ווי איהר,
מיך וואָלט געבעט געריהרט — ווען איך וואָלט בעטען
דאָך איך בין פעסט, פונקט ווי דער צפון־שטערען,
וואָס טהוט זיך ניט פון פּלאַץ זיינעם בעוועגען —
און האָט זיין גלייכען ניט אין פירמאַמענט.
מיט אונגעצעהלטע פונקען איז דער הימעל פול:
דאָס זיינען פייער־פונקען; איטליך שטראַהלט —
דאָך נור איין איינציגער פון זיי שטעהט פעסט.
אַזוי איז מיט דער וועלט: די וועלט איז מענשען פול —
און מענשען זיינען לייבטזיניג, נור פלייש און בלוט;
דאָך ווייס איך איינעם נור אין זייער גרויסער צאָהל
וואָס האַלט זיין פּלאַץ אָן פעסט און אונבעזיעגט,
פון קיין זאַך ניט געריהרט; אַז איך בין דער,
לאָזט מיר בעווייזען אייך דאָס אויך דאַמיט:
כ'בין פעסט געוועזען, צימבער זאָל פערבאַנט זיין,
און בין בעשטימט, ער זאָל אַזוי פערבלייבען.
צינאַ. אָ, צעזאַר!
צעזאַר. ווילסטו דעם אָלימפּוס אויפהויבען?

דעציוס. גרויסער צעזאַר!
צעזאַר. קניהט דעציוס זיך ניט אומזיסט?
קאַסקאַ. רעדט, הענט, פאַר מיר!
(קאַסקאַ צוערשט, דאַן די איבריגע פערשוואָרענע און מאַרקוס ברוטוס שטעכען צעזאַרען.)
צעזאַר. אויך דו, ברוטוס? דאַן פאַל צעזאַר! (שטאַרבט.)
צינאַ. דערלייזונג! פרייהייט! טיראַניי איז טויט!
לויפט שנעל! רופט אויס! פערשפּרייט עס אין די גאַסען!
קאַסיוס. ווער צו די רעדנער־בימות! רופט אַראָב:
דערלייזונג! פרייהייט און בעגנאַדיגונג!
ברוטוס. ניט שרעקט זיך, בירגער! סענאַטאָרען! שטעהט!
ניט לויפט! ס'האָט עהרגייץ אָבגעצאָהלט זיין חוב!
קאַסקאַ. געה אויף דער רעדנער־בימה, ברוטוס!
דעציוס. קאַסיוס אויך!
ברוטוס. וואו איז פּובליוס?
צינאַ. דאָ איז ער; גאָר צוטרייסעלט פון דעם פאַל.
מעטעלוס. שטעהט פעסט צוזאַמען; עמיצער פון צעזאַר'ס פריינד—
ברוטוס. ניט האָב קיין מורא, פּובליוס, זיי מונטער!
קיין בייז וועט דיין פּערזאָן ניט אָנריהרען;
און אויך קיין אַנדער רוימער ניט. דו זאָג זיי דאָס.
קאַסיוס. פערלאָז אונז, פּובליוס, עס זאָל דאָס פאָלק
אין צאָרען זייענדיג ניט בעליידיגען דיין עלטער.
ברוטוס. גאַנץ רעכט; ס'זאָל קיינער פאַר דער טהאַט ניט ענטפערן,
חוץ אונז, די טהוער.
(טרעבאָניוס קומט צוריק)
קאַסיוס. וואו'ז אַנטאָניוס?
טרעבאָניוס. ער איז אַנטלאָפען צו זיין הויז ערשטוינט;
און מענער, פרויען, קינדער, לויפען, שרייען,
ווי ס'וואָלט דער גרויסער יום־הדין געקומען.
ברוטוס. מיר ווילען, שיקזאַל, זעהן אַצינד וואָס דיר איז ליעב;
אַז מיר'ן שטאַרבען, ווייסען מיר; ס'איז נור די צייט,
מאָנאַטען, טעג, אויף וואָס מיר האַלטען זיך.
קאַסיוס. איז דער, וואָס רויבט פון לעבען צוואַנציג יאָהר,

פערקירצט אַזוי פיעל יאָהרען מורא פאַר'ן טויט.
ברוטוס. אויב דאָס איז וואָהר — איז טויט גאָר אַ געווינס;
מיר זיינען צעזאַר'ס פריינד: ווייל מיר האָבען פערקירצט
זיין מורא פאַר'ן טויט. איצט בויגט זיך, רוימער,
און לאָמיר וואַשען אין זיין בלוט די הענט
ביז צו די איילענבויגען; פאַרבט די שווערדען
און לאָמיר אַלע אויפ'ן מאַרק אַרויס;
און פאָכענדיג די רויטע שווערדען איבער קעפּ —
הויך אויסרופען: דערלייזונג! פריעד און פרייהייט!
קאַסיוס. בויגט איין זיך! וואַשט די הענד! וויפיעל יאָהרהונדערטער
וועט דאָס ערהויבען שפּיעל צוריק געשפּיעלט ווערען
אין שטאַאטען ניט געבאָרענע נאָך גאָר,
און שפּראַכען ניט געוואָרענע נאָך גאָר!
ברוטוס. פיעל מאָל וועט צעזאַר, וועלכער ליעגט אַצינד
ביים פוסגעשטעל פּאָמפּעיוסעס, ניט ווירדיגער
פון שטויב — נאָך אויף דער סצענע בלוטען!
קאַסיוס. און איטליך מאָל
וועט אונזער בונד דערמאָנט זיין, אַלס די יענע
וואָס האָבען זייער לאַנד געגעבען פרייהייט.
דעציוס. וואָס, געהען מיר?
קאַסיוס. יאָ, איטליך איינער פון אונז געהט;
ס'וועט ברוטוס אָנפיהרען — מיר וועלען זיינע טריט
פערציערען מיט די שעהנסטע הערצער רוים'ס.
ברוטוס. שאַ, שטילער! ווער קומט אָן? אַנטאָניוסעס אַ פריינד!
(אַ דיענער קומט אָן.)
דיענער. אַזוי, ברוטוס, האָט מיר מיין הערר געהייסען קניהען,
אַזוי האָט מיר אַנטאָניוס געהייסען פאַלען;
און פון דעם שטויב בעפעהלען מיר אַזוי צו זאָגען:
ברוטוס איז איידעל, מוטיג, קלוג און עהרליך;
צעזאַר איז גרויס געוועזן און בראַוו און קעניגליך.
זאָג, אַז איך ליעב היים ברוטוסען און עהר איהם,
זאָג, צעזאַרען האָב איך געליעבט און אויך געפאָרכט.
אויב ברוטוס וועט זיין וואָרט געבען, צו שוינען

אַנטאָניוסעס לעבען, און איהם מאַכען קלאָר:
מיט וואָס ס'האָט צעזאַר זיך דעם טויט פערדיענט —
וועט מארק אַנטאָניוס ניט ליעבען צעזארען א טויטען
ווי ברוטוסען א לעבעדיגען; כ'וועל געטריי
דאַן נאָכפאָלגען דעם שיקזאַל און פּארטיי
פון ברוטוסען דורך איטליכע געפאהר — וואָס וועט
איהם אויף זיין שטרויכעלדיגען וועג בעפאַלען.
ברוטוס. א קלוגער און בראַווער רוימער איז דיין הערר:
כ'האָב קיינמאָל אַנדערש ניט געדיינקט פון איהם.
געה זאָג איהם, זאָל ער קומען דאָ צו אונז —
ער וועט בעפרידיגט זיין; איך גיעב מיין וואָרט:
קיין האָר וועט פון זיין קאָפּ ניט פאַלען!
דיענער. כ'ברייננג איהם גלייך. (אָב.)
ברוטוס. איך וויים, מיר וועלען איהם אַלס פריינד געווינען.
קאַסיוס. איך ווינש עס אויך; נור עפּעס פיהלט מיין הארץ
פאַר איהם א מורא; מיין פערדאַכט איז, דאַכט זיך מיר,
גאַנץ גוט בעגרינדעט.
ברוטוס. דאָ קומט אָן אַנטאָניוס.
(אַנטאָניוס טרעט אויף.)
ברוטוס. דו ביזט אונז ווילקאָמען, אַנטאָניוס!
אַנטאָניוס. אָ, גרויסער צעזאַר! ליגסטו איצט אין שטויב?
וואו זיינען אַלע דיינע זיעגען, הערליכקייטען,
טריאומפען, פּראַכט, צונויפגעשרומפּען איצט
אָט דאָ, אין קליינעם רוים דאָ? — פריעדען צו דיין שטויב!
איך וויים ניט, מיינע הערען, וואָס איהר דיינקט צו טהאָן,
ווער נאָך ס'מוז בלוטען, וועמעס שעה איז נאָהנט —
אויב מיינע — גיט גאָר ניט קיין בעסערע שעה
ווי צעזאַר'ס טויט־שעה; ס'גיט קיין וואפען ניט
א העלפט דעם ווערטה פון אָט די שווערדען, רייך געפאַרבט
מיט אָט דעם בלוט דעם איידעלסטען פון גאָר דער וועלט.
איך בעט אייך, אויב איך פאַל אייך שווער, אצינד —
ווען ס'רויכערט זיך נאָך אייער האַנד פון בלוט —
פיהרט אייער וואונש אויס. — לעב איך טויזענד יאָהר

וועל איך ניט ווילִיג זיין, אזוי צו שטאַרבען,
קיין פּלאַץ ניט ליעב אזוי, קיין טויט ניט בעסער —
ווי פאַלען דאָ מיט צעזאַרען דורך אייך,
די שעהנסטע, בעסטע גייסטער פון דער צייט!
ברוטוס. אַנטאָניוס, ניט בעט דיין טויט פון אונז!
ס'איז וואָהר, מיר מוזען אויסזעהן בייז און בלוטיג
ווי אונזער האַנד און אונזער טהאַט אָט דער
בעווייזען אונז — דאָך זעהסטו נור די הענט,
דו זעהסט ניט אָבער אונזער הארץ; ס'איז מיטלייד פול;
און מיטלייד צו די גרויסע ליידען רוים'ס —
ווי פייער שלינגט איין פייער, אזוי מיטלייד — מיטלייד,
האָט דורכגעפיהרט די טהאַט, וואָס דיך בעטרעפט,
אַנטאָניוס, איז אונזער וואַפען טעמפּ.
דאָס הארץ אונזערע פּעסט צום אויסוואַרצלען דאָס בייז,
און אונזערע הערצער ברידערליך געשטימט —
עמפּפאַנגען דיך מיט אויפריכטיגער ליעבע,
געפיהלען הארציגע און טיעפער אַכטונג.
קאַסיוס. דיין שטים זאָל פונקט אזוי ווי יעדען איינעם'ס
ביים אויסטהיילען פון נייע עמטער גילטען.
ברוטוס. נור האָב געדולד, ביז מיר בערוהיגען
דעם עולם, וואָס איז אויסער זיך פאַר מורא;
דערנאָך וועל איך ערקלערען דיר די אורזאַך,
דאָס איך, וואָס האָב געליעבט איהם טויטענדיג —
האָב געגען איהם אזוי געהאַנדעלט.
אַנטאָניוס. איך צווייפעל ניט אין אייער חכמה גאָר;
זאָל יעדער געבען מיר זיין בלוטיג האַנד:
צום ערשטען, ברוטוס, וויל איך דיין האַנד דריקען,
איצט נעהם איך דיין האַנד, קאַיוס קאַסיוס;
דיין האַנד, מעטעלוס; בראַוער קאַסקאַ — דיינע;
צולעצט, דאָך ניט דער לעצטער אין מיין הארצען —
גיעב דיין האַנד מיר, טרעבאָניוס.
איהר אַדעליגע אַלע! וועה, וואָס קאָן איך זאָגען?
דער גרונד איז גליטשיג אונטער מיר אזוי —

אַז איהר מוזט איינס פון אַט די צוויי מיך אַננעהמען:
אַ פייגלינג, צי אַ חונף.
אַז כ'האָב דיך, צעזאַר, היים געליעבט — איז וואָהר!
איז אויב דיין גייסט קוקט איצט אַראָב אויף אונז —
זאָל דיר נים קריינקען מעהרער פון דיין טויט,
צו זעהן ווי דיין אַנטאָניוס מאַכט שלום איצט
און דריקט די הענד די בלוטיגע פון דיינע פיינד —
דו איידעלסטער — דיין גוף נאָך פאַר די אויגען!
וואָלט איך אַזוי פיעל אויגען האָבען ווי דו — וואונדען,
וואָס שטראָמען טרערען, ווי די וואונדען — בלוט —
דאָס וואָלט מיר מעהר געפּאַסט, ווי איינצוגעהן
אין פריעדען־אָבמאַך מיט די שונאים דיינע!
זיי מוחל, יוליוס, דו איידעלער הירש!
אָט דאָ ביזטו דערגרייכט און דאָ ביזטו געפאַלען,
דאָ שטעהען דיינע יעגער מיט דעם צייכען
פון אָט דעם מאָרד, געפאַרבען אין דיין בלוט.
אָ, וועלט! דו ביזט דער וואַלד פאַר אָט דעם הירש געוועז,
און ער — אָ וועלט — געוועזען איז דיין האַרץ!
ווי עהנליך צו אַ הירש פון פּרינצען פיעל
געפאַנגען, ליעגסטו דאָ אַצינד.
קאַסיוס. אַנטאָניוס —
אַנטאָניוס. פערגיעב מיר, קאַסיוס;
דאָס וועלען צעזאַר'ס פיינד אויך צוגעבען
און פאַר אַ פריינד איז דאָס נאָך גאָר בעשיידען.
קאַסיוס. איך האָב צו דיר ניט גאָר, פאַרוואָס דו ליעבסט איהם;
ווי דיינקסטו זיך אַצינד צו אונז פערהאַלטען?
צי קאָנען מיר דיך אַננעהמען אַלס פריינד,
צי אַנגעהן ווייטער און אויף דיר ניט רעכענען?
אַנטאָניוס. דעריבער האָב איך אייך די הענט געדריקט —
כ'האָב זיך פערגעסען ווען כ'האָב צעזאַר'ס גוף דערזעהן:
אַ פריינד בין איך צו אייך און ליעב אייך יעדען,
און האָף, אַז איהר וועט מיר געוויס ערקלערען —
מיט וואָס און ווי אַזוי איז צעזאַר שעדליך?

ברוטוס. ווען ניט וואָלט דאָס געווען צו אונמענשליך;
די סבות זיינען אזוי פעסט בעגרינדעט —
אז וואָלסטו זיין, אַנטאָניוס, צעזאַרען אַ זוהן,
וואָלסטו בעפריעדיגט זיין.
אַנטאָניוס. דאָס גאָר וואָס איך פערלאַנג.
איך וועל מיך אָנשלאָגען נאָך מעהר צו טהאָן,
ארויסנעהמען דעם קערפער אויפ'ן מארק פלאַץ;
און פון דער בימה, ווי עס פאַסט אַ פריינד,
מיין וואָרט אויף זיין לויה זאָגען.
ברוטוס. דו זאָלסט עס טהאָן, אַנטאָניוס.
קאַסיוס. איין וואָרט נור, ברוטוס. (אָן אַ זייט)
דו ווייסט ניט וואָס דו טהוסט; דו געה ניט איין,
אַנטאָניוס זאָל ריידען אויף דער לויה.
דו ווייסט ניט, ווי דאָס פאָלק קאָן זיין בעוועגט
פון זיינע ווערטער.
ברוטוס. ניין, ענטשולדיג מיר:
איך וועל דער ערשטער פון דער בימה ריידען,
און קלאָר מאַכען דעם גרונד פון צעזאַר'ס טויט;
כ'ערקלער, אז וואָס אַנטאָניוס וועט זאָגען
איז בלויז דורך אונזער ראַט און צושטימונג;
אַז מיר זיינען צופרידען, צעזאַר זאָל
בעקומען יעדען כבוד, לויט זיין ווערטה.
דאָס וועט אונז פיעל מעהר נוטס, ווי שאַדען, טהאָן.
קאַסיוס. איך ווייס ניט וואָס עס קאָן זיך טרעפען נאָך:
ס'געפעלט מיר ניט.
ברוטוס. אַנטאָניוס, דו נעהם זיך צעזאַר'ס קערפער;
דו זאָלסט ניט אין דיין ריידען אונז בעשולדיגען;
מאַנסט אלהאָס גוטס פון צעזאַר ריידען, נור
מוזט זאָגען, טהוסט דאָס אַלץ דורך אונזער ראַט.
ווען ניט, זאָלסטו קיין האַנד ניט האָבען גאָר
אין דער לויה; דו וועסט ריידען דאָרט
וואו איך וועל ריידען, פון דער זעלבער בימה,
ווען איך וועל ענדיגען.

אנטאָניוס. זאָל זיין אזוי:
איך ווינש ניט מעהר קיין זאַך.
ברוטוס. טאָ גרייט דעם קערפּער צו און קום נאָך אונז.
(אַלע אויסער אַנטאָניוסען, אַב.)
אנטאָניוס. זיי מוחל מיר, דו בלוטענדע שטיק ערד,
וואָס איך בין פריינדליך דאָ צו דיינע מערדער!
דו ביזט די חורבה פון דעם שעהנסטען מאַן
וואָס'ט ווען ניט איז געלעבט אין שטראָם פון צייט.
וועה, וועה דער האַנד וואָס האָט דאָס בלוט פערגאָסען!
איצט פּראָפעצייי איך איבער דיינע וואונדען
וואָס עפענען ווי שטומע מיילער — פּורפּור־ליפּען,
מיין וואָרט און אויסדרוק פון מיין שטים צו לייהען —
אַ פלוך זאָל פאַלען איבער מענשען'ס גליעדער:
אַן אינערליכע צאַנקעריי און בירגער־קריעג
זאָל איבער אַלע ברעגען פון איטאַליען וואוטהען.
זאָל בלוט און חורבן זיין אזוי געוועהנליך,
דאָס שוידערליכסטע זאָל אזוי בעקאַנט זיין —
אַז מוטערס זאָלען שמייכלען נור, צו זעהן
די קינדער זייערע אויף פיער צושפּאַלטען:
זאָל יעדע מיטלייד זיין דערשטיקט דורך גרויל.
און צעזאר'ס גייסט, זיך יאָגענדיג נאָך ראַכע
מיט אַטע ביי זיין זייט, צופלאַמט פון גיהנם,
וועט אין די גרענעצען, מיט בייזען הערשער'ס טאָן
נקמה רופען און די קריעגסהינד אַבלאָזען —
אַז ס'זאָל די שאַנדטהאַט ביז צום הימעל שטינקען
מיט פוילע פּגרים זיפצענדיג נאָך קבורה.
(אַ דיענער קומט אַן)
דו דיענסט אָקטאַוויוס צעזארען, ניט וואָהר?
דיענער. יאָ, מארק אַנטאָניוס.
אַנטאָניוס. צעזאר האָט געשריעבען איהם נאָך רוים צו קומען.
דיענער. ער האָט דעם בריעף בעקומען און איז אונטערוועגס.
און מינדליך האָט ער מיר געהייסען, אייך —
(ער דערזעהט צעזאר'ס קערפּער)

אָ, צעזאר!

אנטאָניוס. דיין הארץ איז גרוים; געה אַן א זייט און וויין.
איך זעה דאָס לייד איז אָנשטעקענד: מיין אויג,
דערזעהענדיג די מיטלייד־פּערלען אין דיין אויג
הויבט אויך צו פליסען אָן. — ווען קומט דיין הערר?

דיענער. ער שטעהט איצט זיבען מיילען וויט פון רוים.

אנטאָניוס. לויף שנעל צוריק — דערצעהל וואָס ס'האָט פּאַסירט.
ס'איז רוים — א רוים פון טרויער און געפאהר,
ס'איז רוים ניט זיכער פאר אָקטאַוויוסען.
לויף שנעל און זאָג איהם דאָס. האָך ווארט איין וויל:
דו זאָלסט ניט געהן צוריק, ביז כ'וועל זיין קערפּער
אין מארק־פּלאַץ טראָגען; כ'וועל פּרובירען דאָרט,
צו אויסגעפינען דורך מיין ריידען, ווי דאָס פאָלק
נעהמט אָן די טהאַט פון אָט די בלוט־מענשען —
און לויט ווי עס וועט האַלטען וועסטו מיטטהיילען
אָקטאַוויוסען, ווי זאַכען שטעהען דאָ.
לעג צו דיין האַנד.

(אָב מיט צעזאר'ס קערפּער)

---

צווייטע סצענע. — רוים.

דאָס פאָרום.

ברוטוס, קאַסיוס און אַן עדה בירגער טרעטען אויף.

בירגער. מיר ווילען איבערצייגט זיין! לאָזט אונז איבערצייגט זיין!

ברוטוס. דאַן פאָלגט מיר נאָך און הערט מיך אויפמערקזאַם.
דו, קאַסיוס, פערנעם זיך אין אַן אנדער גאַס —
צוטהייל דעם עולם.
די יעניגע וואָס ווילען הערען מיך, בלייבט דאָ,
וואָס ווילען הערען קאַסיוסען, געהט מיט איהם —
און שטאַאטס־ערקלערונגען פאר צעזאר'ס טויט
געגעבען וועלען ווערען.

ערשטער בירגער. איך וויל הערען ברוטוסען.

צווייטער בירגער. און איך וויל הערען קאַסיוסען; דערנאָך לאָמיר זייערע אורזאַכען פערגלייכען.

(קאַסיוס אָב מיט איין טהייל פון די בירגער; ברוטוס געהט אַרויף אויף דער רעדנער־בימה.)

דריטער בירגער. דער איידעלער ברוטוס איז שוין גרייט: זייט שטיל!

ברוטוס. זייט רוהיג ביז צום סוף!

רוימער! מיטבירגער, און ליעבע פריינד! הערט זיך צו צו מיינע טענות, און זייט שטיל, איהר זאָלט מיך קאָנען אויס־הערען. האָט צוטרויען צו מיר, פון מיין כבוד וועגען און לייגט עהרע אויף מיין כבוד, כדי איהר זאָלט אין מיר פער־טרויען! משפט מיך אין אייער חכמה, און וועקט אייערע געפיהלען אויף, איהר זאָלט מיך בעסער קאָנען משפט'ען. אויב עמיץ איז פאַראַן דאָ אין דער פערזאַמלונג אַ טרייער פריינד צעזאַר'ס — צו איהם זאָג איך, אז ברוטוסעס ליעבע פאַר צעזאַרען, איז ניט מינדער ווי זיינע. און אויב דער פריינד דער יעניגער פערלאַנגט צו וויסען, פאַרוואָס האָט ברו־טוס אויפגעשטעלט זיך קעגען צעזאַרען — איז דאָס מיין ענטפער: ניט ווייל איך האָב צעזאַרען געליעבט מינדער, נור ווייל איך האָב פיעל מעהרער ר ו י ם געליעבט. וואָלט איהר בעסער פערלאַנגט זעהן צעזאַרען ביים לעבען, און איהר אַלע זאָלט שטאַרבען שקלאַפען, אָדער צעזאַרען אַ טויטען — און איהר אַלע, פרייע מענשען? ווייל צעזאַר האָט מיך גע־ליעבט — בעוויין איך איהם; ווייל ער איז געווען ערפאָלג־רייך — פרעה איך זיך; ווייל ער איז בראַוו געווען — גיב איך איהם כבוד; ווייל ער איז אָבער הערשזיכטיג געווען — האָב איך געטויט איהם. טרערען פאַר זיין ליעבע, פרייד אויף זיין ערפאָלג, כבוד פאַר זיין בראַווקייט — און טויט פאַר זיין הערשזוכט. איז עמיץ אַזוי נידעריג וואָס וויל אַ שקלאַף זיין? אויב ס'איז דאָ אַזוינער — רייד! דען יענעם האָב איך אָנגעגריפען. ווער איז דאָ אַזוי רויה, וואָס זאָל ניט וועלען זיין קיין רוימער? אויב ס'איז האָ אַזוינער — רייד! דען יענעם האָב איך אָנגעגריפען. איז עמיץ דאָ אַזוי נידער־

טרעכטיג, ער זאָל זיין פּאַטערלאַנד ניט ליעבען? אויב ס'איז דאַ אזוינער — רייד! דען יענעם האָב איך אַנגעגריפען. איך וואַרט אַצינד אויף אייער ענטפער.

אַלע. קיינער, ברוטוס, קיינער!

ברוטוס. דאַן האָב איך קיינעם, קיינעם ניט אַנגעגריפען. איך האָב ניט מעהר געטהאָן צו צעזאַרען, ווי איהר דאַרפט טהאָן צו ברוטוסען. די אורזאַך פון זיין טויט איז אין דעם קאַפּיטאָל פערצייכענט; זיין רוהם, וואו ער איז ווערטה, איז ניט פער־מינדערט, אַזוי איז אויך זיין שולד, פאַר וועלכער ער האָט טויט ערליטען, ניט פערגרעסערט.

(אַנטאָניוס און אַנדערע טרעטען אויף מיט צעזאַר'ס קערפּער.)

דאַ קומט זיין קערפּער, בעקלאָגט פון מארק אַנטאָניוסען, וואָס הגם ער האָט קיין האַנד אין זיין טויט, וועט דאָך אין אונזער פרייען שטאַאַט אַ פּלאַץ געווינען דורך זיין שטאַרבען; און ווער פון אייך וועט ניט? דערמיט צושייד איך זיך מיט אייך, אַזוי ווי איך האָב געטויט מיין בעסטען פריינד צוליעב רוים'ס נוצען — אַזוי האָב איך דעם זעלבען שווערד פאַר זיך אַליין ווען מיין לאַנד וועט מיין טויט פערלאַנגען!

אַלע. לעב, ברוטוס! לעב! לעב!

ערשטער בירגער. פיהרט ברוטוסען אהיים אַב, מיט טריאומף!

צווייטער בירגער: שטעלט איהם אַ דענקמאָל צווישען זיינע עלטערען'ס!

דריטער בירגער. מאַכט איהם פאַר צעזאַר!

פיערטער בירגער. צעזאַר'ס בעסערער טהייל געקרוינט אין ברוטוסען זאָל ווערען היינט!

ערשטער בירגער. קומט, לאָמיר איהם אהיים פיהרען מיט יובעל!

ברוטוס. מיינע מיטבירגער —

צווייטער בירגער. איי, שטילער! ברוטוס רעדט!

ערשטער בירגער. זייט שטיל!

ברוטוס. איך בעט אייך, לאָזט מיך געהן אַליין!
און מיר צוליעב, בלייבט מיט אַנטאָניוסען;
גיט אָב דעם קערפּער כבוד, אכט דעם הספד
פון צעזאַר'ס שבחים, וואָס אַנטאָניוס

וועט האַלטען דאָ מיט אונזער צושטימונג;
איך בעט אייך, זאָל ניט קיינער פון אייך געהן
ביז ס'וועט אַנטאָניוס ענדיגען.

(ברוטוס אָב.)

ערשטער בירגער. שטעהט! לאָמיר אויסהערען אַנטאָניוסען!
דריטער בירגער. לאָזט איהם אַרויפגעהן אויף דער רעדנער־בימה!
מיר ווילען הערען, איידעלער אַנטאָניוס!
אַנטאָניוס. פון ברוטוס' וועגען, שטעה איך דאָ פאַר אייך.

(אַנטאָניוס געהט אַרויף אויף דער בימה.)

פיערטער בירגער. וואָס זאָגט ער וועגען ברוטוסען?
דריטער בירגער. ער זאָגט,
אַז ברוטוסען צוליעב, שטעהט ער דאָ איצט פאַר אונז.
פיערטער בירגער. ס'וואָלט גלייכער זיין פאַר איהם, ער זאָל קיין שלעכטס פון ברוטוסען ניט ריידען!
ערשטער בירגער. יאָ, צעזאַר איז געוועזען אַ טיראַן!
דריטער בירגער. געוויס, געוויס; מיר זיינען איצט געבענשט
וואָס רום האָט זיך פון איהם בעפרייט!
צווייטער בירגער. זייט שטיל! לאָזט הערען וואָס אַנטאָניוס וועט זאָגען!
אַנטאָניוס. איהר איידעלע רוימער —
אַלע. שטיל דאָרט! לאָזט אונז הערען!
אַנטאָניוס. פריינד, רוימער, בירגער, הערט מיך אויס אַצינד:
איך קום בעגראָבען צעזאַרען — און ניט איהם לויבען;
דאָס שלעכטס וואָס מענשען טהוען לעבט זיי איבער,
דאָס גוטס ווערט אָפּט פערוווישט מיט זייער טויט;
זאָל אויך מיט צעזאַר זיין אַזוי. דער איידעלער ברוטוס
האָט אייך דערצעהלט, אַז ער איז הערשזיכטיג געווען;
אויב דאָס איז וואָהר — איז דאָס אַ שרעקליכער פערברעך,
און שווערליך האָט צעזאַר אָבגעצאָלט דערפאַר.
דאָ קום איך איצט פאַר אייך, מיט ברוטוסעס ערלויבניש —
דען ברוטוס איז אַן עהרענהאַפטער מאַן,
ווי אויך זיי אַלע זיינען עהרענהאַפטע לייט —
מיין וואָרט צו זאָגען אויף דעם אַרון צעזאַר'ס.

ער איז מיין פריינד געווען, ערגעבען, טריי צו מיר —
דאָך ברוטוס זאָגט, אַז ער איז הערשזיכטיג געווען,
און ברוטוס איז אַן עהרענהאַפטער מאַן.
געפאַנגענע אָהן שיעור האָט ער געבראַכט נאָך רוים
וואָס זייער אויסקויף־געלד האָט רייך געמאַכט דאָס לאַנד —
האָט דאָס אין צעזארען בעוויזען הערשזוכט?
ווען ס'האָט דאָס פאָלק געקרעכצט, האָט צעזאר מיטגעוויינט—
פון הארטערען מעטאַל דאַרף הערשזוכט זיין געמאַכט;
דאָך ברוטוס זאָגט, אַז ער איז הערשזיכטיג געווען,
און ברוטוס איז אַן עהרענהאַפטער מאַן.
איהר אַלע האָט געזעהן, ווי אין לופערקוס פעסט
האָב איך דריי מאָל אַ קרוין איהם אָנגעבאָטען
פון וועלכער ער האָט דריי מאָל זיך ענטזאָגט —
איז אפשר דאָס געוועזען הערשזיכטיג?
דאָך ברוטוס זאָגט, אַז ער איז הערשזיכטיג געווען,
און, זיכער איז, ער איז אַן עהרענהאַפטער מאַן.
איך רייד, ניט אָבצולייקענען וואָס ברוטוס זאָגט,
נור דאָ שטעה איך צו ריידען דאָס וואָס א י ך וויים.
איהר האָט איהם האָך געליעבט! און ניט אומזיסט מסתם —
וואָס הינדערט אייך אַצינד פון טרויערען נאָך איהם?
פערשטאַנד! פערפלויגען ביזטו אין דעם ווילדען וואַלד —
און מענשען האָבען זייער זין פערלאָרען.
האָט געדולד:
מיין הארץ איז אין דעם ארון דאָרט מיט צעזארען
און איך מוז וואַרטען ביז עס קומט צו מיר צוריק.

ערשטער בירגער. מיר דאכט, פיעל אמת איז פאראן אין זיינע רייד.

צווייטער בירגער. בעדיינקט מען זיך, איז קעגען צעזארען
בעגאַנגען אַ פערברעך.

דריטער בירגער. בעגאַנגען אַ פערברעך?
כ'האָב מורא, אַז אַן ערגערער וועט נאָכפאָלגען!

פיערטער בירגער. איהר האָט געהערט? ער האָט פון קרוין
ענטזאגט זיך;
אַ ראיה: ער איז ניט געווען הערשזיכטיג.

ערשטער בירגער. אויב ס'איז אזוי — וועט עמיצער דערפאר בעצאָלען!

צווייטער בירגער. דער אָרעמער אַנטאָניוס! בעטראַכט,
וויזיינע אויגען זיינען פייער־רויט פון וויינען!

דריטער בירגער. עס גיט ניט נאָך אַזאַ אַנטאָניוס אין רוים!

פיערטער בירגער. זייט שטיל! ער הויבט שוין ווידער אָן צו ריידען!

אַנטאָניוס. נאָך נעכטען האָט דאָס וואָרט פון צעזאַרען געקאָנט
זיך קעגען וועלטען איינשטעלען; היינט ליעגט ער טויט;
און דער געמיינסטער בויגט זיך ניט פאַר איהם!
אָ, פריינד, ווען איך וואָלט אייער הארץ און זין
געגנויגט זיין, אויפברויזען צו אויפשטאַנד און צו צאָרען —
וואָלט איך בעגאַנגען אומרעכט קעגען ברוטוסען
און אומרעכט קעגען קאַסיוסען — וואָס זיינען,
ווי אייך איז וואויל בעקאַנט שוין, עהרענהאַפטע לייט.
איך וויל קיין אומרעכט זיי ניט טהאָן: כ'וועל ליעבערשט
דעם טויטען אומרעכט טהאָן, זיך זעלבסט און אייך —
ווי אומרעכט טהאָן אַזעלכע עהרענהאַפטע לייט.
נור כ'האָב מיט זיך אַ פּאַרמעט דאָ, מיט צעזאַר'ס זיעגעל,
איך האָב עס אין זיין שראַנק געפונען; זיין צוואה;
און וואָלט דאָס פּשוט פאָלק פערנומען די צוואה —
איך מיין עס אייך, חלילה, ניט צו לעזען —
דאָ וואָלטען זיי געלאָפען קושען צעזאַר'ס וואונדען,
די טיכער אין זיין הייליג בלוט צו טונקען
און אויסבעטלען אַ האָר פון איהם צום אַנדיינקען,
זיי וואָלטען, שטאַרבענדיג, עס אָבשרייבען
אין זייער ווילען, און דאָס איבערלאָזען,
די קאָסטבאַרסטע ירושה צו די יורשים.

צווייטער בירגער. מיר ווילען הערען זיין צוואה; לעז, אַנטאָניוס!

אַלע. זיין ווילען! זיין צוואה לעז! מיר ווילען הערען!

אַנטאָניוס. געדולדיג, פריינד! איך טאָר עס אייך ניט לעזען!
איהר זייט ניט האָלץ, איהר זייט ניט שטיין — נור פלייש און בלוט!

און האָבענדיג אַ האַרץ, פּערגעמענדיג זיין ווילען —
וואָלט דאָס אייך אויפגעבראַכט, וואָלט דאָס אייך ווילד
גמאַכט!
ס'איז גוט, איהר ווייסט ניט, איהר זייט זיינע יורשים —
דען ווייסט איהר דאָס, וואָס וואָלט דערפון אַרויס!
פּיערטער בירגער. זיין ווילען לעז, אַנטאַניוס; זיין צוואה;
מיר ווילען אַלע וויסען צעזאַר'ס ווילען!
אַנטאָניוס. וועט איהר געדולדיג זיין? וועט איהר געלאָסען זיין?
כ'האָב מורא, כ'בין מיט אייך צו וויט פערגאַנגען;
כ'האָב מורא, איך טהו שלעכטס די עהרענהאַפטע לייט
וואָס זייער שווערד האָט צעזאַרען דערשטאָכען —
כ'האָב מורא!
פיערטער בירגער. די עהרענהאַפטע לייט — פּעררעטער זיינען זיי!
אַלע. זיין ווילען! זיין צוואה!
צווייטער בירגער. זיי זיינען מערדער! רוצחים! לעז אונז
די צוואה!
אַנטאָניוס. איהר צווינגט מיך אויב אַזוי צו לעזען די צוואה —
דאַן שליסט אַ קרייז אַרום דעם טויטען'ס קערפּער,
און לאָזט מיר אייך בעווייזען דעם, ווער ס'האָט
געמאַכט אַט די צוואה. מאָג איך איצט אַרונטער?
אַלע. געוויס! געוויס!
צווייטער בירגער. קום אַרונטער!
דריטער בירגער. ס'איז דיר ערלויבט!
(אַנטאָניוס געהט אַרונטער פון דער בימה.)
פיערטער בירגער. אַ רינג; שטעהט שטיל אַרום!
ערשטער בירגער. טרעט אָב פון וואָגען; ציהט זיך אָב פון קערפּער!
צווייטער בירגער. מאַכט פּלאַץ פאַר'ן איידעלסטען אַנטאָניוסען!
אַנטאָניוס. ניט פּרעסט מיך אַזוי שטאַרק! שטעהט ווייטער!
אַלע. ציהט אָב זיך! זאָל גראַמער זיין! צוריק!
אַנטאָניוס. אויב איהר האָט טרערען — גרייט זיך זיי פערגיסען.
אייך איז דער מאַנטעל דאָך בעקאַנט דאָ; איך געדיינק,
דאָס ערשטע מאָל וואָס צעזאַר האָט איהם אָנגעטהאָן;
דאָס איז געוועזען אַ זומער־אָוונד אין זיין געלט —

אין יענעם טאָג האָט ער די נערוויער בעזיגט;
קוקט, דאָ איז קאַסיוס' שווערד אַדורכגעלאָפֿען,
זעהט ס'ארא ריס דער ניט־פֿערגינער קאַסקאַ האָט געמאַכט;
דאָ האָט דער פֿיעל־בעליעבטער ברוטוס דורכגעשטאָכען,
און ווען ער האָט זיין שטאָל ארויסגעריסען —
בעטראַכט ווי צעזאַר'ס בלוט איז נאָכגעלאָפֿען
ווי דורך אַ טיהר אַן אָפֿענער — ווי צו דערגעהן,
האָט ברוטוס אַזוי אונפֿריינדליך געשלאָגען?
דען ברוטוס, ווי איהר ווייסט, איז צעזאַר'ס בעסטער פֿריינד!
אָ געטער, משפט איהר! ווי צעזאַר האָט געליעבט איהם!
דאָס איז דער קלאַפּ דער גרויזאַמסטער געווען;
דען ווען ס'האָט צעזאַר א י ה ם געזעהען שטעכען —
אונדאַנקבאַרקייט, פֿיעל שטאַרקער פֿון פֿעררעטערס הענט
האָט איהם בעזיגט; און ס'האָט זיין מעכטיג האַרץ געפּלאַצט;
און אין זיין מאַנטעל זיין געזיכט פֿערהילענדיג,
ביים דיינקמאַל פֿון פּאָמפּעיוס, זיך בעגיסענדיג
אין בלוט — געפֿאַלען איז דער גרויסער צעזאַר!
אָ, סאַרא פֿאַל דאָס איז געוועזען, בירגער!
אויך איהר און איך און איטליך איינער איז געפֿאַלען
און בלוטיגער פֿערראַט האָט איבער אונז געשאַלט!
אהא! אַצינד ערשט וויינט איהר! ב'זעה איהר פֿיהלט
דעם צער פֿון מיטלייד: ס'זיינען גנאַדע־טראָפּען!
וואָס וויינט איהר, גוטע מענשען, זעהענדיג
בלויז צעזאַר'ס קלייד פֿערוואונדעט? קוקט נור, אָט איז ער
אַליין — בעשעדיגט, ווי איהר זעהט, פֿון די פֿעררעטער!

ערשטער בירגער. אָ שוידערליכעס בילד!

צווייטער בירגער. אָ יאָמערליכער טאָג!

דריטער בירגער. אָ בלוטיגער פֿערראַט!

פֿיערטער בירגער. פֿעררעטער! מערדער!

צווייטער בירגער. מיר'ן נעהמען ראַכע!

אַלע. נקמה! קומט! זוכט! ברענט! שלאָגט! פֿייערט! הרג'עט!

קיין איין פֿעררעטער זאָל ניט לעבען בלייבען!

ערשטער בירגער. זייט שטיל! הערט אויס דעם איידעלסטען
אנטאָניוסען!
אנטאָניוס. פריינד, טרייע פריינד, ניט לאָזט מיך אייך בעוועגען
צו אַט דעם שטראָם דעם פּלעצליכען פון אויפשטאַנד.
די וועלכע האָבען דאָס געטהאָן, זיי זיינען עהרענהאַפט;
וואָס פאַר אַ סבות ס'האָבען זיי דערצו געטריבען —
דאָס וויים איך ניט — זיי זיינען קלוג און עהרענהאַפט;
זיי וועלען עס אָהן צווייפעל אייך ערקלערען.
איך קום ניט, פריינד, צו גנב'ען אייער הארץ —
איך בין קיין רעדנער ניט, ווי ברוטוס איז;
נור, ווי איהר זעהט, אַן איינפאַכער, אַ קליינער מענש
וואָס ליעבט זיין פריינד; און ווייל זיי ווייסען עס גענוי —
דעריבער האָבען זיי ערלויבט מיר ריידען.
דען כ'האָב ניט וויץ, ניט ווערטער און ניט ווערטה,
ניט האנדלונג און ניט אויסשפּראַך און ניט רעדנערקראַפט
צו ריהרען דאָס געבליט. איך רייד נור גלאַט אזוי:
איך זאָג אייך נור וואָס יעדער איינער ווייסט פון אייך.
איך ווייז אייך צעזאַר'ס וואונדען, אָרעמע שטומע מיילער,
און היים פאַר מיר זיי ריידען; נור וואָלט איך ברוטוס זיין,
ברוטוס אנטאָניוס — דאָס וואָלט אַן אנטאָניוס זיין
וואָס וואָלט צושטורעמט אייער גייסט, אריינגעלייגט אַ צונג
אין צעזאַר'ס איטליך וואונד, וואָס וואָלט געריהרט
די שטיינער פון שטאָט רוים צו אויפשטאַנד און צו צאָרען!
אלע. מיר וועלען צאָרניג זיך אויפהויבען!
ערשטער בירגער. קומט! לאָמיר געהן פערברענען ברוטוס' הויז!
דריטער בירגער. קומט אלע! לאָמיר די פערדעטער אויסזוכען!
אנטאָניוס. הערט אוים מיך, מיינע בירגער, הערט מיך אוים!
בירגער. שטעהט שטיל! הערט אוים דעם איידעלסטען
אנטאָניוסען!
אנטאָניוס. אָ, פריינד! איהר טהוט און ווייסט אליין ניט וואָס.
מיט וואָס האָט אייער ליעבע צעזאַר זיך פערדיענט?
אָ, ניין, איהר ווייסט ניט: איהר האָט גאָר פערגעסען
פון די צוואה וואָס איך האָב גערעדט.

אלע. זיין ווילען! שטעהט און הערט זיין ווילען אוים!
אנטאָניוס. דאָ איז זיין ווילען, אונטער צעזאַר'ס זיעגעל:
ער לאָזט אויך איבער צו יעדען בירגער רוים'ס
אויף יעדען קאָפּ צו פינף און זיבעציג דראכמען.
צווייטער בירגער. אַ איידעלער! מיר וועלען פאר דיין טויט ניט שווייגען!
דריטער בירגער. אַ קעניגליכער צעזאר!
אנטאָניוס. הערט מיך אוים געדולדיג!
אלע. שטילער! זאָל זיין שטיל!
אנטאָניוס. וואָס נאָך — ער האָט אויך אלע זיינע לוסטפּלעצער,
פערשלאָסענע פּאַוויליאָנען, נייגעפלאַנצטע גערטנער
אויף דעם זייט טיבער — אייך, און קינדער נאָך אייך
אויף אייביג נאָכגעלאָזען; פערגעניגען־פּלעצער
וואו ס'זאָל דאָס פאָלק צונויפקומען פערברייינגען.
דאָס איז געווען אַ צעזאר! ווען אַ צווייטער ווען
זיינס גלייכען אויפשטעהן?
ערשטער בירגער. אַ קיינמאָל, קיינמאָל מעהר! קומט ווייטער, קומט!
מיר וועלען אויף אַ הייליגען פּלאַץ זיין גוף פערברענען —
און מיט די פאַקעלען פון צעזאר'ס שרפה
די הייזער אונטערצינדען פון פעררעטער!
נעהמט, טראָגט דעם קערפּער!
צווייטער בירגער. געהט, ברייינגט פייער דאָ!
דריטער בירגער. געהט, רייסט די ביינק ארונטער!
פיערטער בירגער. רייסט פענסטער, טיהרען, אלעס אָב!
(בירגער מיט צעזאר'ס קערפּער אָב.)
אנטאָניוס. איצט זאָל עס ארבייטען. דו בייז, דו ביזט אין גאנג!
נעהם אָן וואָס פאר אַ וועג דו ווילסט!
(דיענער טרעט אויף.)
וואָס איז?
דיענער. מיין הערר, אָקטאַוויוס, איז שוין נאָך רוים געקומען.
אנטאָניוס. וואו איז ער?
דיענער. ער און לעפּידוס געפינען זיך

אצינד אין צעזאַר׳ס הויז.

**אַנטאָניוס.** כ׳וועל תיכּף געהן אַהין איהם צו בעזוכען.
ס׳איז בעסער ווי געוואונשען; ס׳שפּיעלט דאָס מזל אונז,
און וועט אונז אַלע אונזערע פערלאַנגען נאָכגעבען.

**דיענער.** כ׳האָב זאָגען איהם געהערט, אַז ברוטוס און קאַסיוס —
זיי זיינען דורך די טויערען פון רוים ווי ווילד געלאָפען.

**אַנטאָניוס.** מסתמא האָבען זיי געהערט שוין, ווי איך האָב
דאָס פאָלק בעוואויגען. — פיהר מיך צו אָקטאַוויוסען. (אָב.)

---

## דריטע סצענע. — א גאַס.

עס קומט אַן צינא דער פּאָעט.

**צינא.** כ׳האָב היינט געזעהן א חלום: כ׳האָב מיט צעזארען
געטרונקען און געהוליעט אין א פעסט;
און אומגליק שרעקט און רעגט מיין פאַנטאַזיע.
ס׳געלוסט מיר ניט אַרויסצוגעהן פון הויז —
דאָך טרייבט עס מיר צו געהן.

(די בירגער קומען אַן.)

**ערשטער בירגער.** וואָס איז אייער נאָמען?

**צווייטער בירגער.** וואו געהט איהר?

**דריטער בירגער.** וואו וואוינט איהר?

**פיערטער בירגער.** זייט איהר בעווייבט, אָדער א בחור?

**צווייטער בירגער.** ענטפערט יעדען איינעם בינדיג.

**ערשטער בירגער.** יאָ, און מאַכט עס קורץ.

**פיערטער בירגער.** יאָ, און שכל׳דיג.

**דריטער בירגער.** יאָ, און אמת׳דיג, ס׳וואָלט זיין פאַר אייך פיעל גלייכער.

**צינא.** וואָס מיין נאָמען איז? וואו געה איך? וואו וואוין איך? בעווייבט אָדער א בחור? אום יעדען איינעם בינדיג און קורץ, שכל׳דיג און אמת׳דיג צו ענטפערען, זאָג איך שכל׳דיג, איך בין א בחור.

**צווייטער בירגער.** דאָס מיינט נור אזוי פיעל, אַז דער וואָס איז

בעוויבס, איז א נאר; דערפאר, האב איך מורא, וועט איהר
פון מיר כאפען! ווייטער, בינדיג!
צינא. בינדיג, געה איך צו צעזאר'ס לויה.
ערשטער בירגער. אלס פריינד, צי פיינד?
צינא. אלס פריינד.
צווייטער בירגער. דאס איז געווען געענטפערט בינדיג.
פיערטער בירגער. אייער וואוינונג? קורץ!
צינא. אין קורצען, איך וואוין ביים קאפיטאל.
דריטער בירגער. אייער נאמען, הערר? אמת'דיג!
צינא. אמת'דיג, מיין נאמען איז צינא.
ערשטער בירגער. צורייסט איהם אויף שטיקער! ער איז א
פערשווארענער!
צינא. איך בין צינא דער פאעט! איך בין צינא דער פאעט!
פיערטער בירגער. צורייסט איהם פאר זיינע שלעכטע פערזען!
צורייסט איהם פאר זיינע שלעכטע פערזען!
צינא. איך בין ניט צינא דער פערשווארענער!
פיערטער בירגער. ס'מאכט גאר ניט אויס: זיין נאמען איז צינא;
רייסט איהם דעם נאמען ארויס פון הארצען און לאזט איהם
לויפען!
דריטער בירגער. צורייסט איהם! צורייסט איהם! קומט!
נעהמט פאקעלען! פייער! צו ברוטוסען! צו קאסיוסען!
פערברענט זיי אלעמען! איהר געהט צו דעציוס' הויז!
איהר צו קאסקא'ס! איהר צו ליגאריוס! שנעלער! קומט!
(אלע אב.)

# פ י ע ר ט ע ר  א ק ט.

## ערשטע סצענע. — א הויז אין רוים.

אנטאָניוס, אָקטאַוויוס און לעפּידוס, זיצענדיג אַרום אַ טיש.

אנטאָניוס. די מוזען אַלזאָ שטאַרבען וועמעס נעמען
עס זיינען דאָ פערצייכענט.
אָקטאַוויוס. אויך דיין ברודער
מוז שטאַרבען, לעפּידוס; צי ביזטו איינשטימיג?
לעפּידוס. מיט דעם בעדינג, אַז פּובליוס, דיין שוועסטער'ס זוהן,
זאָל אויך, אנטאָניוס, ניט בלייבען לעבען.
אנטאָניוס. ער זאָל ניט לעבען. זעה, איך שטרייך איהם אויס.
איצט, לעפּידוס, דו געה נאָך צעזאַר'ס הויז —
ברייננ זיין צוואה דאָ; מיר וועלען זעהן,
וואָס ס'קאָן דאָרט, לויט געזעץ, פערקירצט ווערען.
לעפּידוס. וועל איך אייך דאָ געפינען?
אָקטאַוויוס. דאָ, אָדער אין דעם קאַפּיטאָל.
(לעפּידוס אָב.)
אנטאָניוס. דאָס איז אַ פלאַך און אונבעדייטענד מענשעל
וואָס פּאַסט אין שליחות'ן צו געהן. פערדיענט ער —
די וועלט וואָס איז אין דריי חלקים איינגעטהיילט —
ער זאָל, אַלס דריטער מאַן, זיין טהייל בעקומען?
אָקטאַוויוס. האָסט, דאַכט זיך, פריהער אויך אַזוי געגלויבט,
זיך צוגעהערט צו איהם, ווער ס'זאָל פערצייכענט זיין
אויף אונזער שווארצען צעטעל.
אנטאָניוס. אָקטאַוויוס, כ'האָב מעהרער טעג געזעהן פאַר דיר,
און אויב מיר לייגען כבוד אויף דעם מאַן
אום צו פערלייכטערען פון אונז די משא —
זאָל ער עס טראָגען ווי דער אייזעל גאָלד,
צו זיפצען און צו שוויצען אין געשפּאַן, —

נעפיהרט, געטריעבען ווי מיר ווייזען אָן ;
און ווען ער ברייננט דעם אוצר אויף אַן אָרט
דאָ נעהמען מיר פון איהם די לאַסט ארונטער
און לאָזען לויפען איהם א ליידיגען :
זאָל ער די לאַנגע אויערען פריי טרייסלען
און אויפ'ן גראָז זיך פיטערען.
אָקטאַוויוס. טהו ווי דו ווילסט ;
ער איז אָבער אַ גוטער, בראַווער זעלנער.
אַנטאָניוס. אזוי איז אויך מיין פערד, אָקטאַוויוס ;
דערפאַר בעצאָל איך איהם מיט היי און האָבער ;
דאָס איז אַ בריאה וואָס איך לערען קעמפפען,
זיך קירעווען, שטעהן גראַד, צו לויפען פאָרווערטס,
זיין יעדער צוג ווערט דורך מיין גייסט געפיהרט.
ביז אַ געוויסען גראַד איז לעפּידוס ניט מעהר :
מען מוז איהם לערנען, צאַמען, אָנטרייבען.
אַן אונפרוכטבאַרער מענש וואָס נערט זיך בלויז
אויף אָבגעניצטע שמאַטעס, פּיצלעך, נאָכאַמונג ;
ווען אַלט און אָבגעטראָגען פון אַ צווייטען —
דאַן ווערט עס זיין פּאַסאָן ; בעטראַכט איהם ניט,
ניט מעהר, אַלס ווערקצייג. איצט, אָקטאַוויוס,
צו עפּעס וויכטיגס : קאַסיוס און ברוטוס,
זיי זאַמלען אַן ארמיי אצונד צונויף ;
מיר מוזען באַלד זיך נעהמען צו דער ארבייט,
די פעלקער אַלע אונזערע פערזאַמלען,
די פריינד צו זיכערען, די מחנות שטאַרקען ;
מיר מוזען באַלד זיך זעצען צו בעראַטען,
ווי דאָס פערבאָרגענס זאָל ארויס צו ליכט,
און אָפענע געפאַהר זאָל זיין בעגעגענט.
אָקטאַוויוס. מיר וועלען טהאָן אזוי. מיר זיינען דאָ אין קלעם
פון שונאים טויזענדער פערבונדען דאָ.
און מאַנכע, די וואָס שמייכלען, האָב איך מורא,
בעהאַלטען טויזענד פאַלשקייטען אין הארצען. (ביידע אָב.)

## צווייטע סצענע.

**אַ לאַגער ביי סאַרדיס.**

פּויקענקלעפּ. עס טרעטען אויף: ברוטוס, לוציליוס, לוציוס און זעלנער; טיטיניוס און פּינדאַרוס קומען זיי אַנטקעגען.

ברוטוס. האַלט!
לוציליוס. איי, גיט דאָס וואָרט און שטעהט!
ברוטוס. וואָס נייעס, לוציליוס, איז קאַסיוס נאָהנט?
לוציליוס. ער שטעהט ניט וויט; און דאָ קומט פּינדאַרוס
אין נאָמען פון זיין הערן אייך בעגריסען.
ברוטוס. זיין גרוס איז פריינדליך. פּינדאַרוס, דיין הערר —
פון זיך אַליין געביטען, צי בעאיינפלוסט שלעכט —
האָט מיר געגעבען גרונד גענוג, צו ווינשען
אז דאָס געשעהענע וואָלט ניט געשעהן:
נור אויב ער איז דאָ נאָהנט — וועט מיר גענוגטאָן.
פּינדאַרוס. איך צווייפעל ניט, פול עהרע און פול ווירדיגקייט,
וועט, ווי ער איז, מיין הערר פאַר אייך ערשיינען.
ברוטוס. איך צווייפעל ניט אין איהם. איין וואָרט, לוציליוס,
כ'וויל וויסען, ווי ער האָט דיך אויפגענומען.
לוציליוס. מיט העפליכקייט און עהרע גאַנץ גענוג;
דאָך ניט מיט די פערטרויטע האַרציגקייט,
ניט מיט דעם פרייען פריינדליכען געשפּרעך
ווי ער פלעגט זיין אמאָל.
ברוטוס. האָסט אַבגעמאָלט:
אַ הייסער פריינד ווערט קאַלט. בעמערק, לוציליוס,
ווען ליעבע הויבט אָן קראַנק ווערען און וועלקען,
געברויכט עס דאַן געצווונגענע העפליכקייט.
ס'ווייס אויפריכטיגע טרייהייט ניט פון קונצען:
עס זיינען פאַלשע פריינד ווי הייסע פערד
וואָס היצען זיך און שוימען פאַר'ן לויפען
פון אויסזעהען שעהן און זאָגען צו אַ סך —
קוים האָבען זיי די שפּאָרען נור פערזוכט,
פערלירען זיי דעם מוטה, צו אַלטע שקאַפּעס גלייך,

און האַלטען ניט די פּראָבע אויס. — קומט זיין ארמיי?
לוציליוס. זיי דיינקען, נאַכטלעגער אין סאַרדיס האַלטען;
די גרעסטע טהייל פון זיין ארמיי, די רייטער,
קומט אָן מיט קאַסיוסען.
(אַ מאַרש הינטער דער סצענע)
ברוטוס. האָרך! ער איז שוין דאָ!
ציהט לאַנגזאַם איהם אַנטקעגען!
(קאַסיוס טרעט אויף מיט סאָלדאַטען.)
קאַסיוס. האַלט!
ברוטוס. האַלט! גיט דאָס בעפעהלוואָרט ווייטער!
(הינטער דער סצענע: האַלט! — האַלט! האַלט!)
קאַסיוס. דו האָסט מיר שלעכטס געטהאָן, מיין איידעלער ברודער!
ברוטוס. איהר, געטער, משפּט! טהו איך שלעכטס מיין פיינד?
פאַרוואָס אַזוינס זאָל איך מיין ברודער שלעכטס טהאָן?
קאַסיוס. ברוטוס, דיין איינגעהאַלטענעס בענעהמען זיך
פערבאָרגט אין זיך פיעל אומרעכט, און ווען דו —
ברוטוס. זיי רוהיג, קאַסיוס; רייד דיינע קריוודעס אויס
געלאַסען, שטיל צו מיר; איך קאָן דיך וואויל.
מיר זאָלען ניט אין אנגעזיכט פון דער ארמיי —
וואָס טאָרען קיין זאַך, אויסער ליעבע, זעהן פון אונז —
זיך אמפּערען; בעפעהל זיי אָבטרעטען צוריק.
דו וועסט אַלץ אויסריידען אין מיין געצעלט,
כ'וועל אויפמערקזאַם דיך הערען.
קאַסיוס. פּינדאַרוס!
בעפעהל די עלטסטע אָבטרעטען צוריק
אויף יענעם פּלאַץ דאָרטען.
ברוטוס. לוציליוס!
טהו אויך אַזוי. זאָל קיינער צום געצעלט ניט צוטרעטען
כל זמן די אונטעררעדונג וועט געווערען.
לוציליוס, טיטיניוס, האַלט וואַך! (אָב.)
דריטע סצענע. — ברוטוסעס געצעלט.
ברוטוס און קאַסיוס.
קאַסיוס. עס זעהט זיך די בעליידיגונג אַרויס דערפון:

דו האָסט פעראורטהיילט גרויזאַם לוציוס פעללאַ'ן
פאַר נעהמען שוחד פון די סאַרדיאַנער;
מיין בריעף, אין וועלכען כ'האָב פאַר איהם געבעטען,
ווייל איך קאָן גוט דעם מאַן, האָט ניט געהאָלפען.
**ברוטוס.** האָסט זיך אַליין בעליידיגט אין דעם פאַל.
**קאַסיוס.** ס'איז ניט די צייט די פאַסיגע אַצינד
א יעדע קליינינקייט אַזוי צו נעהמען.
**ברוטוס.** און לאָמיך דיר פערטרויען, קאַסיוס: דו אַליין
ווערסט שטאַרק בערעדט פאַר האָבען לאַנגע הענט;
פאַר גאָלד צו אויספערקויפען עמטער
צו ניט־פערדיענער.
**קאַסיוס.** איך — און לאַנגע הענט?
דו ווייסט, ביזט ברוטוס — וואָס דו זאָגסט אַזוי,
וועז ניט, ביי גאָט, וואָלט דאָס וואָרט זיין דיין לעצט.
**ברוטוס.** דער נאָמען קאַסיוס פערגלעט פערברעכען,
און ס'פערבעהאַלט איהר קאָפּ די שטראָף.
**קאַסיוס.** די שטראָף?
**ברוטוס.** געדיינק אָן מערץ! די איידען פונ'ם מערץ געדיינק!
האָט ניט דער גרויסער יוליוס צוליעב רעכט געבלוטיגט?
וואָס פאַר אַן אויסוואורף האָט זיין האַנט אויף איהם
געהויבען, אויב ניט פאַר גערעכטיגקייט?
זאָל עמיצער וואָס האָט דעם שעהנסטען מאַן
פון אונזער וועלט געשלאָגען, שטיצען רויבער?
די פינגער אונזערע מיט שוחד שמוצען,
און אונזער גרויסע עהרע־פעלד פערקויפען
פאַר נישטיג גאָלד פיעל נור מען קאָן פערכאַפּען?
כ'וואָלט ליעבערשט זיין א הונד, אויף דער לבנה בילען
ווי איידער אַזא רוימער.
**קאַסיוס.** ברוטוס, רייץ מיך ניט;
איך קאָן עס ניט פערטראָגען; דו פערגעסט זיך:
מיך, מיך, אַזוי בעליידיגען. איך בין א זעלנער,
ערפאַרענער פאַר דיר און פעהיגער פאַר דיר
בעדינגונגען צו שטעלען.

ברוטוס. געה שוין, ביזט עס ניט.
קאַסיוס. איך בין עס יאָ.
ברוטוס. איך זאָג, דו ביזט עס ניט.
קאַסיוס. ניט וועק מיין צאָרן אויף; כ'וועל זיך פערגעסען;
האָב זיך אין זינען און ניט רייץ מיך אויף.
ברוטוס. אוועק, אוועק! דו לייכטזיניגער מענש!
קאַסיוס. איז דאָס גאָר מעגליך?
ברוטוס. האָרך, דען איך וויל ריידען:
מוז איך זיך פאַר דיין ווילדען צאָרען שטילען?
מוז איך זיך פאַר א וואהנזיניגען שרעקען?
קאַסיוס. אָ, געטער! מוז איך אָט דאָס אַלץ פערטראָגען!
ברוטוס. דאָס אַלץ? — נאָך מעהר! קאָך ביז דיין הארץ צושפּרינגט!
ווייז דיינע קנעכט ווי אויפגערייצט דו ביזט
און מאַך זיי ציטערען. זאָל איך מיך שטיקען?
זאָל איך דיך אַכטען, בויגען זיך פאַר דיר,
דיין בייז געמיט פערטראָגען? ביי די געטער,
דו זאָלסט דיין גיפט אַליין ארונטערשלינגען —
און ווער צופּלאַצט; פון היינט און ווייטער אָן
ווען דו ווערסט גיפטיג.
ווען דו ווערסט גיפטיג.
קאַסיוס. האַלט דאָס אזוי וויים?
ברוטוס. דו זאָגסט, דו ביסט א בעסערער סאָלדאַט —
דערוויז עס מיר; מאַך דיין בעריהמונג וואָהר;
דאָס וועט מיך פרעהען און וואָס מיר בעלאַנגט,
וועל איך צופרידען זיין פון דיר צו לערנען.
קאַסיוס. בעליידיגסט מיך אויף יעדען טריט און שריט:
איך האָב געזאָגט, אַן עלטערער סאָלדאַט
און ניט קיין בעסערער; האָב איך געזאָגט?
ברוטוס. מיך אַרט ניט, אויב דו האָסט עס יאָ געזאָגט.
קאַסיוס. ווען צעזאַר וואָלט געלעבט — וואָלט ער עס ניט געוואגט.
ברוטוס. שווייג! שווייג! וואָלסט ניט געוואגט איהם צו דערצאָרענען.

קאסיוס. איך וואָלט ניט וואגען?
ברוטוס. ניין.
קאסיוס. ניט וואגען, וואָס?
ברוטוס. דו וואָלסט ניט וואגען, אויף דיין לעבען ניט.
קאסיוס. ניט שטעל צופיעל איין אויף מיין ליעבשאפט, ברוטוס;
כ'קאָן וואָס בעגעהן וואָס זאָל דערנאָך מיר באנג טהאָן.
ברוטוס. האָסט שוין געטהאָן אזוינס וואָס זאָל דיר באנג טהאָן.
ס'שטעקט קיין געפאהר אין דיינע דראָהונגען;
איך בין אזוי בעפּאַנצערט מיט מיין עהרליכקייט,
זיי ריהרען מיך אזוי פיעל ווי א ליאדע ווינד
וואָס ציהט פאַרביי. איך האָב צו דיר געשיקט
נאָך גאָלד א סומע, וואָס דו האָסט ענטזאגט:
דען איך קאָן דורך געוואלט קיין גאָלד ניט קריגען.
ביי גאָט, כ'וואָלט אין מטבעות אויסשמעלצען מיין הארץ
און אויסגיסען מיין בלוט אין דראַכמען — איידער צו
ארויספּרעסען פון פויער'ס הארטע הענט
זיין האָב און גוטס. איך האָב צו דיר געשיקט
נאָך גאָלד צו צאָלען די לעגיאָנען מיינע —
דו האָסט ענטזאגט; דאַרף קאסיוס אזוי בעגעהן?
וואָלט איך מיט קאסיוסען אזוי געהאנדעלט?
ווען ברוטוס זאָל ווען אזוי גייציג זיין,
אז ער זאָל לומפּיג גאָלד פון פריינד פערמיידען,
דאן, געטער, שיקט אויף איהם א דונער אָן
איהם צו צושמעטערען.
קאסיוס. איך האָב דיר ניט ענטזאגט.
ברוטוס. דו האָסט.
קאסיוס. איך האָב עס ניט; נור דער, וואָס האָט
מיין ענטפער אָבגעטראָגען איז א נאר.
דו האָסט מיין הארץ געבראָכען: ס'דאַרף א פריינד
די שוואַכע זייטען פון זיין פריינד פערטראָגען —
ס'מאכט ברוטוס מיינע — גרעסער ווי זיי זיינען.
ברוטוס. כ'האָב ניט געטהאָן ביז דו האָסט מיך געוויייטאָגט.
קאסיוס. דו ליעבסט מיך ניט.

ברוטוס. איך ליעב ניט דיינע פעהלער.
קאסיוס. עס זעהט א פריינדליך אויג קיין פעהלער ניט.
ברוטוס. דעם חונף'ס אויג זעהט קיינמאל ניט קיין פעהלער —
און מאגען זיי ווי דער אלימפוס גרויס זיין.
קאסיוס. קומט, מארק אנטאניוס, און אקטאוויוס, קומט!
און זעהט נקמה איצט אן קאסיוסען.
דען קאסיוסען איז ס'לעבען איבערדריסיג;
בעליידיגט פון זיין פריינד, בעקעמפפט פון ברודער,
און ווי א שקלאף געזידעלט; יעדע שוואכקייט
ביז צו א האר געמאסטען און געוואויגען;
פערשריעבען אויף א בלאט, געטראגען אויפ'ן זין
אין פנים מיר צו שליידערען. איך וואלט געקאנט
מיין זעעל דורך טרערען אויסגיסען; דא איז מיין שווערד —
און דא האסטו מיין ברוסט, אין ברוסט א הארץ
פיעל רייכער פון די פלוטוס' גאלד־גריבער —
אויב נור דו ביזט א רוימער — נעהם עס צו.
איך, וואס האב גאלד ענטזאגט דיר, גיעב מיין הארץ;
שלאג, ווי דו האסט געשלאגען צעזארען: כ'וויים וואויל,
נעהאסט ווי דו האסט איהם, האסטו איהם מעהר געליעבט
ווי דו ליעבסט קאסיוסען.
ברוטוס. בעהאלט דיין שווערד;
זיי צארניג, ווען דו ווילסט, אויב דיר געפעלט;
טהו וואס דו ווילסט; ס'איז אלץ פערגעבען דיר.
א קאסיוס, ביזט צו א שעפעלע געגליכען
וואס טראגט זיין צארען ווי דער קיזעלשטיין
טראגט אין זיך פייער, און שלאגט פונקען אויס
ווען איין שטיין ווערט אן צוויימען שטארק געריבען —
און ווערט באלד אבגעקיהלט.
קאסיוס. האט קאסיוס דערלעבט
אויף שאנד און שפאט צו זיין ביי ברוטוסען,
ווען ס'פלאגען איהם זיין לייד און בייז געמיט?
ברוטוס. ניט איך האב דאס גערעדט — נור אויך מיין בייז געמיט.
קאסיוס. ביזטו אזוי פיעל מודה — גיעב דיין האנד.

ברוטוס. נעהם אויך מיין האַרץ.

קאַסיוס. אַ, ברוטוס!

ברוטוס. קאַסיוס?

קאַסיוס. ליעבסטו מיך ניט גענוג, מיך צו פערטראַגען
ווען ס'טרייבט מיין ראַש געמיט, מיין מוטער'ס בלוט,
מיך אַן, זיך צו פערגעסען?

ברוטוס. קאַסיוס,
פון היינט און ווייטער, ווען דו ועסט צו שטריינג
מיט ברוטוסען בעגעהן זיך, וועל איך טראַכטען:
ס'איז נור דיין מוטער'ס בייז געמיט וואָס רעדט.

(אַ טומעל הינטער דער סצענע)

אַ פּאָעט. (הינטער דער סצענע) לאָזט מיך אריין; כ'מוז זעהן
די קריעגסהעררען.
זיי קריעגען זיך דאָרט אום; עס איז ניט גוט
וואָס זיי זיינען אליין.

לוציליוס. (הינטער דער סצענע) דו קאָנסט אהין ניט געהן.

פּאָעט. (הינטער דער סצענע) דער טויט נור זאָל מיך אָבהאַלטען!

(דער פּאָעט קומט אַריין.)

קאַסיוס. וואָס איז? וואָס ווילסטו זאָגען?

פּאָעט. ניט שעהן, איהר קריעגספיהרער, ס'איז גאָר ניט פיין!
זייט פריינד, ווי ברידער לעבט, ווי ס'דאַרף צו זיין —
דען איך האָב מעהרער טעג פון אייך געזעהן.

קאַסיוס. כאַ־כאַ! ווי ס'גראַמט זיך ביי דעם ציניקער.

ברוטוס. ארויס פון דאַנען פלינק, דו אונפערשעמטער יונג!

קאַסיוס. פערטראַג איהם. ברוטוס, ס'איז זיין שטייגער.

ברוטוס. כ'וועל איהם פערטראָגען ווען ער וויים זיין צייט:
וואָס האָט אַ קריעג צו טהאָן מיט גראַמענפלעכטער?
פערנעהם זיך, שנעל!

קאַסיוס. געה ווייטער, געה דיין וועג!

(פּאָעט אָב.)

ברוטוס. לוציליוס און טיטיניוס, הייסט די עלטסטע
אַ נאַכטלאַגער פאַר די סאָלדאַטען צוגרייטען.

קאַסיוס. און קומט צוריק און ברייגנט מעסאַלאַ'ן מיט,

אין אויגענבליק.

(לוציליוס און טיטיניוס אָב.)

ברוטוס. און דו ברייננ וויין דאָ, לוציוס. (לוציוס אָב.)

קאַסיוס. כ'האָב ניט נעגלויבט, קאָנסט זיין אזוי אין צאָרען.

ברוטוס. אָ, קאַסיוס, איך בין פון ליידען קראַנק.

קאַסיוס. נוצט דיין פילאָזאָפיע ניט אויס אין לעבען,
אויב נעהמסט זיך צופעליגע אומגליקען צום הארצען.

ברוטוס. קיין מענש קאָן בעסער ליידען ניט פערטראָגען:
מיין פּאָרטיאַ איז טויט.

קאַסיוס. וואָס, פּאָרטיאַ!
ווי בין איך פריהער לעבעדיג ארויס,
ווען איך האָב דיך אזוי דערצאָרענט שווער!
אָ אונערטרעגליכער און ביטערער פערלוסט!
פון וואָס פאר קראַנקהייט?

ברוטוס. ביינקעניש נאָך מיר
און ערגערניש וואָס מארק אַנטאָניוס און אָקטאַוויוס
פערשטאַרקען זיך אזוי — דען מיט איהר טויט
איז דער בעריכט געקומען — דאָס האָט איהר
געריהרט פון זין, און ווען ס'איז קיינער ניט געוועזן,
האָט זי געגומען זיך דעם טויט דורך פייער.

קאַסיוס. און איז אזוי געשטאָרבען?

ברוטוס. יאָ, אזוי.

קאַסיוס. אָ, אונשטערבליכע געטער!

(לוציוס קומט צוריק מיט וויין און ליכט)

ברוטוס. ניט רייד דערפון מעהר; גיעב אַ בעכער וויין —
אין וויין דערטרינק איך מיינע ליידען, קאַסיוס. (טרינקט.)

קאַסיוס. מיין האַרץ איז דורשטיג נאָך דעם נאָבעלען געטראַנק.
פיל, יונג, דעם בעכער אָן ביז ס'גהעט אריבער —
כ'קאָן צופיעל ניט פאר ברוטוס' ליעבע טרינקען! (טרינקט)

ברוטוס. אריין, טיטיניוס.

(לוציוס אָב. טיטיניוס און מעסאַלאַ טרעטען אויף.)

וווילקאָמען, מעסאַלאַ.
איצט לאָמיר ביי דער ליכט זיך זעצען דאָ



**עדווין בוטה**
אמעריקאנער שוישפּיעלער, אלס „האמלעט“.

**אלעקסאנדער סאלוויני**
איטאליענישער שוישפּיעלער, אלס „האמלעט“.

**הענרי אוירוויז**
ענגלישער שוישפּיעלער, אלס „האמלעט“.

אום, אלץ וואס נויטיג איז, בעשפרעכען.
קאסיוס. אָ, פּאָרטיא איז טויט!
ברוטוס. גענוג, איך בעט דיך.
מעסאלא, איך האָב דאָ ערהאַלטען בריעף,
אז מארק אַנטאָניוס און אָקטאַוויוס
זיי געהען מיט א שטארקע מאכט אויף אונז,
און ציהען זייער מחנה נאָך פהיליפּפּי.
מעסאלא. כ'האָב אויך בעקומען בריעף פון זעלבען אינהאַלט.
ברוטוס. מיט וועלכען צוגאָב?
מעסאלא. ס'האָבען דורך פּראָסקריפּשאָן
אָקטאַוויוס, אַנטאָניוס און לעפּידוס
א הונדערט סענאַטאָרען אומגעבראַכט.
ברוטוס. אין דעם נור אונטערשיידען זיך די בריעף:
מיין בריעף רעדט נור פון זיבעציג סענאַטאָרען —
וואָס זיינען דורך דעם ראט געשטאָרבען. ציצעראָ
איז איינער פון דער צאָל.
קאסיוס. אויך ציצעראָ!
מעסאלא. יאָ, ער איז טויט; און דורך דעם ראַט'ס בעפעהל;
בעקומט איהר בריעף פון אייער פרוי, מיין הערר?
ברוטוס. ניין, מעסאלא.
מעסאלא. דערמאָנט ניט אייער בריעף אויף עפּעס וועגען איהר?
ברוטוס. קיין וואָרט, מעסאלא.
מעסאלא. דאָס איז זאָנדערבאר.
ברוטוס. פּאַרוואָס? צי ווייסטו וואָס פון דיינע בריעף?
מעסאלא. ניין, מיין הערר.
ברוטוס. כ'בעשווער דיך אַלס א רוימער: זאָג דעם אמת.
מעסאלא. דאן הערט דעם אמת ווי א רוימער אוים:
זי איז שוין טויט, און אויף א זאָנדערבארען וועג.
ברוטוס. אָ, פריעדען, פּאָרטיא, צו דיר: מיר מוזען שטארבען,
מעסאלא, און דורך דעם וואָס איך בעדיינק,
אז זי האָט ווען עס איז געמוזט דאָך שטארבען,
האָב איך די קראַפט עס צו פערטראָגען איצט.
מעסאלא. אזוי פערטראָגט א גרויסער מאַן א גרויסען אומגליק.

קאסיוס. כ׳בין אויך געלערנט אומגליק צו בעקעמפפען:
דאך מיין נאטור וואלט עס ניט אויסהאלטען.
ברוטוס. גענוג; אצונד צו לעבעדיגע ארבייט:
צי זאלען מיר גלייך נאך פהיליפפי ציהען?
קאסיוס. איך האלט עס ניט פאר גלייך.
ברוטוס. דיין גרונד?
קאסיוס. אט וואס:
ס'איז בעסער פיעל דער פיינד זאל אונז ארומזוכען,
ער זאל די מיטלען זיינע אויסשעפען,
און זיינע זעלנער, זיך צום שאדען, מיעד מאכען:
ווען מיר ועלען זיך ליעגען שטיל דערוייל
אין גוטער רוה, אין שוץ און מונטערקייט.
ברוטוס. א גוטער גרונד מוז מאכען פלאץ פאר בעסערע:
דאס פאלק פון היע ארום און ביז פהיליפפי־לאנד
זיי זיינען אונטערטעניג בלויז דורך צוואנג,
זיי האבען צינזען אונז געצאהלט ניט ווילענדיג:
דער שונא, שניידענדיג א וועג דורך זיי,
וועט אויך זיין צאל מיט זיי פערגרעסערען
און אנקומען דערפרישט, פערשטארקט, דערמוטהיגט;
פון וועלכער אויבערהאנד מיר שניידען אב איהם
אויב מיר'ן אין פהיליפפי איהם בעגעגנען —
דאן וועט דאס פאלק זיין הינטער אונז.
קאסיוס. מיין ברודער, הארך —
ברוטוס. ענטשולדיג, קאסיוס. דארפסט וויסען אויך:
מיר האבען אלע פריינד שוין אויסגענוצט,
די לעגיאנען איבערפול, די זאך איז רייף.
דער פיינד פערמערט זיך אבער טאג צו טאג.
מיר, אויפ'ן העכסטען שטאפעל — קאנען פאלען.
דער שטראם פון מענשען'ס מעשים בייט זיך אימער —
נעהמסטו דעם ריכטיגען, פיהרט ער צו גליק;
האסטו פערזעהן — דער גאנצער וועג פון לעבען
וועט זיך דורך אומגליק און דורך פלאכקייט שלעפען;
מיר שווימען אויף א טיעפען ים אצינד

און מוזען אויסנוצען דעם שטראָם ווי לאַנג ער דיענט.
ווען ניט — געהט אַלץ פערלאָרען.
קאַסיוס. פיהר אונז אָן;
מיר וועלען אין פהיליפּפּי זיי בעגעגנען.
ברוטוס. ס'האָט טיעפע נאַכט אונזער געשפּרעך פערהילט
און די נאַטור מוז נאָכקומען בעדערפעניש
וואָס מיר'ן איינשטילען מיט עפּעס רוה.
איז נאָך וואָס צו בעשפּרעכען?
קאַסיוס. ניין, אַ גוטע נאַכט:
פריהמאָרגענס וועלען מיר זיך אויפהויבען און געהן.
ברוטוס. לוציוס! (לוציוס קומט אריין.) מיין נאַכט-קלייד!
(לוציוס אָב.) אַ גוטע נאַכט,
מעסאַלאַ און טיטיניוס; איידעלער קאַסיוס,
גוטנאַכט און גוטע רוה.
קאַסיוס. אָ, טרייער ברודער!
דאָס איז געווען אַ שלעכטער אָנהויב פון דער נאַכט;
עס זאָלען שוין מעהר אין הארצען אונז ניט פאָרקומען
אַזאַ צושפּאַלטונג, ברוטוס.
ברוטוס. איצט איז אַלץ שוין גוט.
קאַסיוס. אַ גוטע נאַכט, מיין הערר.
ברוטוס. גוט-נאַכט, מיין ברודער.
טיטיניוס און מעסאַלאַ. גוט-נאַכט, לאָרד ברוטוס!
ברוטוס. לעבט אַלע וואויל.
(אַלע, אויסער ברוטוסען, אָב; לוציוס קומט צוריק מיט אַ נאַכט-קלייד.)
ברוטוס. גיעב מיר מיין קלייד. האָסטו דיין האַרף מיט זיך?
לוציוס. דאָ, אין געצעלט.
ברוטוס. וואָס, דו ביזט שלעפעריג?
מיין אָרעם קינד, ס'איז ניט דיין שולד, ביזט מיעד.
רוף קלאַודיוסען און די אַנדערע
זיי זאָלען שלאָפען דאָ אין מיין געצעלט.
לוציוס. (רופט) וואַראָ און קלאַודיוס!
(וואַראָ און קלאַודיוס קומען אריין.)

וואַרא. האָט מיין הערר גערופען ?

ברוטוס. איך בעט אייך, לייגט זיך דאָ אין צעלט און שלאָפט.
קאָן זיין, איך זאָל אייך דארפען אויפוועקען
אין שליחות צו מיין ברודער קאסיוסען.

וואַרא. מיר וועלען בלייבען וואך און וואַרטען, אויב איהר ווילט.

ברוטוס. דאָס ניט ; איהר לעגט זיך בעסער צו און שלאָפט ;
קאָן זיין, איך זאָל גאָר אַנדערש זיך בעדיינקען.
זעה, לוציוס, דאָס בוך וואָס כ'האָב געזוכט —
איך האָב עס אין דער טאַש פון קלייד געלייגט.

(וואַרא און קלאַודיוס לייגען זיך שלאָפען.)

לוציוס. איך האָב געוואוסט ; איך האָב עס ניט בעקומען.

ברוטוס. פערטראָג מיך, גוטער יונג ; ס'איז מיין זכרון שוואך.
קאָנסטו די מיעדע אויגען האלטען אָפען נאך,
און שפיעלען אויף דיין הארף אַ צוויי מינוט ?

לוציוס. געוויס, מיין הערר, אויב אייך איז ליעב.

ברוטוס. גוט, גוט ;
איך מאַטער דיך צופיעל — דאך דו ביזט וויליג.

לוציוס. דאָס איז מיין פליכט, מיין הערר.

ברוטוס. כ'וואָלט ניט בעדאַרפט
דיין פליכט אַריבער דיינע קרעפטען טרייבען ;
איך וויים, עס פאָדערט רוה דאָס יונגע בלוט.

לוציוס. כ'האָב שוין גענוג געשלאָפען.

ברוטוס. דאָס איז גוט ;
און שפּעטער וועסטו קאָנען ווייטער שלאָפען.
כ'וועל לאַנג דיך ניט פערהאַלטען ; ווען איך לעבען,
וועל איך צו דיר זיין גוט.

(לוציוס שפּיעלט און זינגט.)

ווי שלעפעריג
עס קלינגט זיין ליעד. אָ, מערדערישער שלומער !
לייגסטו דיין בלייען סצעפּטער אויף מיין יונג
וואָס שפּיעלט אַצינד ? אַ גוטע נאַכט, מיין יונג ;
איך וועל דיך מעהר ניט פּייניגען : דיך וועקען ;
צוברעכסט דיין הארף אויב דו בעוועגסט זיך איצט ;

איך וועל עס צונעמען פון דיר: גוט־נאַכט.
לאָז זעהן, איז ניט דאָס בלאַט בעצייכענט דאָרט
וואו כ'האָב געהאַלטען? יאָ, איך גלויב, דאָ האַלט איך.
(זעצט זיך.)
(צעזאַר'ס גייסט ערשיינט.)
ווי דונקעל ס'ברענט דאָס ליכט דאָ. האַ, ווער קומט?
איך גלויב דאָס איז מיין שוואַכקייט פון די אויגען
וואָס מאָלט די שרעק־ערשיינונג אויס פאַר מיר.
ס'געהט גלייך אויף מיר; ציַ ביזטו אירגענד וואָס?
ביזטו אַ גאָט, אַ מלאך, אָדער טייוועל
וואָס פריהרט מיין בלוט און שטעלט קאַפּויר דאָס האָר?
זאָג, וואָס דו ביזט.
גייסט. דיין שלעכטער גייסט, ברוטוס.
ברוטוס. נאָך וואָס ביזטו געקומען האָ?
גייסט. דיר אָנזאָגען,
אַז דו וועסט אין פהיליפּפּי־פעלד מיך זעהן.
ברוטוס. גוט, כ'וועל דיך ווידערזעהן?
גייסט. יאָ, אין פהיליפּפּי.
(גייסט פערשווינדט)
אצינד, ווען כ'בין ביים מוטה — פערשווינדסטו, גייסט.
דו בייזער גייסט, כ'האָב נאָך געוואָלט וואָס זאָגען —
יונג, לוציוס! וואַרראָ! קלאַודיוס! שטעהט אויף!
קלאַודיוס!
לוציוס. די קלאַנגען זיינען פאַלש, מיין העררר.
ברוטוס. ער דיינקט, ער איז נאָך אַלץ ביים האַרף; שטעה אויף!
לוציוס. מיין העררר?
ברוטוס. האָסטו געזעהען אַ שלעכטען חלום, לוציוס,
וואָס דו האָסט אַזוי געשריען?
לוציוס. מיין העררר, איך וויים ניט, ציַ איך האָב געשריען.
ברוטוס. דו האָסט געשריען; האָסטו וואָס געזעהן?
לוציוס. קיין זאַך, מיין העררר.
ברוטוס. שלאָף ווייטער, לוציוס.
איי, קלאַודיוס! (צו וואַרראָ׳ן) שטעה אויף!

וואַראָ און קלאַודיוס. וואָס איז, מיין הערר?
ברוטוס. וואָס האָט געמאַכט אייך שרייען פונ'ם שלאָף?
וואַראָ און קלאַודיוס. געמאַכט אונז שרייען?
ברוטוס. יאָ, האָט איהר געזעהען וואָס?
וואַראָ. כ'האָב קיין זאַך ניט געזעהען, מיין הערר.
קלאַודיוס. איך אויך ניט.
ברוטוס. געהט און דערמאָנט מיך צו מיין ברודער קאַסיוס;
ער זאָל זיין מחנה פריה אַרויסציהען
און מיר'ן נאָכפאָלגען.
וואַראָ און קלאַודיוס. עס זאָל געשעהן, מיין הערר. (אַלע [illegible])

---

## פ י נ פ ט ע ר  אַ ק ט.

ערשטע סצענע. — די עבענע פון פהיליפּפּי.

אָקטאַוויוס, אַנטאָניוס און זייער אַרמיי.

אָקטאַוויוס. אַנטאָניוס, מיין האָפנונג ווערט אַצינד מקוים:
דו האָסט געזאָגט, דער פיינד וועט ניט אַרונטער,
ער וועט נור אויף די שפּיצען בערג זיך האַלטען;
עס צייגט זיך אַנדערש: ס'איז דער קאַמפּפּסטאָג נאָהנט;
זיי ווילען אין פהיליפּפּי־פעלד אונז טרעפען,
און ענטפער געבען איידער מיר פערלאַנגען.
אַנטאָניוס. איך זעה זיי דורך און דורך, און וויים גענוי
נאָך וואָס זיי טהוען דאָס. זיי וואָלטען זיין
צופריעדענער זיך ערגעץ אַנדערש צו געפינען;
דאָך קומען זיי אין אַ פערצווייפעלט העלדישקייט
אום אונז אַרויסצוצייגען זייער מוט;
ס'איז אָבער ניט אַזוי.

(אַ שליח קומט אָן.)

שליח. זייט גרייט, איהר פעלדהעררען!
עס קומט דער שונא אין געדיכטע רייהען,
דער בלוט־צייכען פון שלאַכט איז אויסגעהאַנגען
און עפּעס מוז אין אויגענבליק געשעהן.
אַנטאָניוס. אָקטאַוויוס, פיהר לאַנגזאַם דיין אַרמיי;
פערנעהם זיך אויף דער לינקער זייט פון פלאַך.

אָקטאַוויוס. איך גײ אויף רעכטס; פֿערנעם זיך דו אויף לינקס.
אַנטאָניוס. פֿאַרוואָס זאָלסטו מיר ווידערשפּרעכען אויף אין דעם?
אָקטאַוויוס. איך ווידערשפּרעך ניט; נור כ׳וועל טהאָן אַזוי.
(פּויקענקלעפּ; ברוטוס, קאַסיוס און זייער אַרמיי קומען אָן;
לוציליוס. טיטיניוס, מעסאַלאַ און אַנדערע.)
ברוטוס. זיי שטעהען שטיל; זיי ווילען מיט אונז ריידען.
קאַסיוס. טיטיניוס, האַלט! מיר מוזען צו זיי ריידען.
אָקטאַוויוס. אַנטאָניוס, געבען דעם סיגנאַל צום קאַמפּף?
אַנטאָניוס. ניין, צעזאַר, מיר׳ן ענטפֿערען אויף זייער אַנגריף;
קומט נעהנטער צו; זיי ווילען מיט אונז ריידען.
אָקטאַוויוס. בלייבט רוהיג שטעהן ביז צום סיגנאַל.
ברוטוס. צוערשט אַ וואָרט און דאַן די קלעפּ, נישט וואָהר?
אָקטאַוויוס. ניט אַז מיר ליעבען ווערטער מעהר ווי איהר ליעבט.
ברוטוס. ס׳איז בעסער אַ גוט וואָרט ווי שלעכטע קלעפּ.
אַנטאָניוס. ביי דיר געהט אַ גוט וואָרט מיט שלעכטע קלעפּ
צוזאַמען:
דערמאָן זיך אָן די וואונד אין צעזאַר׳ס האַרצען
ווען דו האָסט אין דער זעלבער צייט געשריען:
„לאַנג לעב דער גרויסער צעזאַר!“
קאַסיוס. אַנטאָניוס,
דיין קלאַפּ איז ביז אַצינד נאָך ניט בעקאַנט;
דיין וואָרט דערפֿאַר בערויבט די היבלאַ־ביהנען
און לאָזט זיי האָניגלאָז.
אַנטאָניוס. ניט גיפֿטלאָז אויך?
ברוטוס. אָ, יאָ, אויך רוישלאָז; האָסט, אַנטאָניוס,
בע׳גנבה׳ט זייער זשומען, און דערפֿאַר
קאָנסטו גוט דראָהען איידער נאָך דו שטעכסט.
אַנטאָניוס. איהר האָט עס ניט געטהאָן אַזוי, פֿעררעטער,
ווען ס׳האָבען אייערע פֿערפֿלוכטע שווערדען
אין צעזאַר׳ס ברוסט געשלאָגען איינער אָן דעם צווייטען.
איהר האָט, ווי אַפּען, אייערע צייהן בעוויזען,
ווי הינד צוגלייך אויף אַלע פֿיער געקראָכען,
ווי שקלאַפֿען זיך געבויגען, צעזאַר׳ס פֿיס געקושט,

ווען דער פערפלוכטער קאַסקאַ, ווי אַ הונד,
האָט צעזאַרען אין האַלז געשטאָכען. — שמייכלער!

קאַסיוס. איצט, ברוטוס, האָסטו זיך אַליין צו דאַנקען!
ווען דו וואָלסט מיר געפאָלגט, וואָלט היינט צו טאָג
די צונג די דאָזיגע אונז ניט באַליידיגט.

אָקטאַוויוס. גענוג! גענוג! אויב ווערטער מאַכען שוויצען,
וועט זיי דער קאַמפּף אין רויטער׳ס וואַס פערוואַנדלען.
זעהט:
איך ציה מיין שווערד אַנטקעגען די פעררעטער —
ווען, דיינקט איהר, וועל איך איהם אַרונטערלאָזען?
ניט פריהער, ווי צעזאַר׳ס דריי און דרייסיג וואונדען
זיי וועלען זיין געשטילט; ציס׳וועט אַ צווייטער צעזאַר
אָנזעטיגען מיט בלוט פעררעטער׳ס שווערדען.

ברוטוס. דו קאָנסט ניט, צעזאַר, שטאַרבען דורך פעררעטער,
אויב רופסט זיי ניט אַרויס מיט זיך.

אָקטאַוויוס. איך האָף אַזוי:
פון ברוטוס׳ האַנד איז טויט מיר ניט בעשערט.

ברוטוס. וואָלסטו געוועז דער בעסטער פון דיין שטאַם,
וואָלסטו ניט עהרענהאַפטער געקאָנט שטאַרבען.

קאַסיוס. אַ נישטיג לערעניונג, וואָס איז ניט זוכה,
גע׳חבר׳ט מיט אַ לעבע־יונג און שכור.

אַנטאָניוס. דער זעלבער אַלטער קאַסיוס.

אָקטאַוויוס. קום, אַנטאָניוס!
מיר וואַרפען אייך אין פּנים דעם אַרויסרוף.
אויב איהר ווילט קעמפּפען היינט — אַרויס אין פעלד;
ווען ניט — ווען איהר וועט האָבען מוט, פעררעטער!
(אָקטאַוויוס, אַנטאָניוס און זייערע בעגלייטער אָב.)

קאַסיוס. איצט, שטורעם, ווינד, קאָך, אַבגרונד! שיף מיינס, שווים!
דער שטורעם ברויזט און אַלעס שטעהט אין קאָן.

ברוטוס. לוציליוס, איך וויל איין וואָרט דיר זאָגען.

לוציליוס. מיין הערר? (ברוטוס און לוציליוס ריידען שטיל.)

קאַסיוס. מעסאַלאַ!

מעסאַלאַ. וואָס, מיין הערר?

קאסיוס. מעסאלא!
ס'איז מיין געבורטסטאג היינט. פונקט היינט צו טאג
איז קאסיוס אויף דער וועלט געקומען; גיעב דיין האנד,
און זיי מיין עדות, אז אנטקעגען ווילען
בין איך געצוואונגען, ווי אמאל פאמפעיוס,
אויף איין קאמפף אונזער גאנצע פרייהייט איינשטעלען.
דו ווייסט, כ'האב אימער זיך געהאלטען פעסט
אן עפיקורוס' לעהרע; כ'דיינק איצט אנדערש,
און גלויב צום טהייל אין צייכענס, וואס ס'וועט פארקומען.
אין אונזער צוג פון סארדיס, מיט דער ערשטער פאהן,
צוויי אדלערס זיינען אנגעפלויגען מעכטיגע,
בעזעצט זיך דארט — און פון די זעלנער'ס הענט
אהן מורא, גיעריג. ברויט גענומען —
און האבען ביז פהיליפפי אונז בעגלייט.
היינט מארגענס זיינען זיי פון אונז פערשוואונדען:
אנשטאט זיי זיינען ראבען, גייערס, קראהען
דא אנגעפלויגען, דרעהען זיך איבער די קעפ
ווי אויף א קראנקען רויב; און זייער שאטען
פאלט ווי א שווארצע חופה איבער דער ארמיי,
ווי זי וואלט גרייט זיין אויסהויכען איהר אטהעם.
מעסאלא. ניין, גלויבט עס ניט.
קאסיוס. איך גלויב עס טהיילווייז נור:
דען רוהיג און ענטשלאסען איז מיין גייסט
צו קוקען דער געפאהר גלייך אין די אויגען.
ברוטוס. טהו דאס, לוציליוס.
קאסיוס. איצט, ברוטוס איידעלער,
עס זאלען אונז די געטער בײשטעהן היינט,
מיר זאלען זיך אין פריעדען עלטערען.
האך וייל ניט זיכער איז דעם מענשענ'ס גורל
טא לאמיר גרייט זיין אויף דעם ערגסטען פאל.
אויב מיר פערלירען היינט די שלאכט — איז איצט
דאס לעצטע מאל וואס מיר'ןביידע ריידען:
וואס, זאג, האסטו בעשלאסען דאן צו טהאן?

ברוטוס. לויט דעם געזעץ פון דער פילאָזאָפיע,
לויט וועלכען כ'האָב בעשולדיגט קאַטאָ'ן פאַר זיין טויט
וואָס ער האָט זיך גענומען: כ'ווייס ניט ווי אַזוי.
איך גלויב עס איז געמיין און נידעריג
פאַר מורא וואָס ס'וועט זיין, אַליין פערקירצען
די צייט פון אונזער לעבען; כ'וואָלט געוואָלט
בעוואָפענען זיך מיט אייזערנעם געדולד;
דעם ווילען אויסשטעהן פון די העכערע קרעפטען
וואָס פיהרען אונזער וועלט.
קאַסיוס. און אויב מיר וועלען אונזער קאַמפף פערלירען —
ביזטו צופרידען, דאַן, געפיהרט צו זיין
אין אַ טריאומף-צוג דורך די גאַסען פון שטאָדט רוים?
ברוטוס. ניין, קאַסיוס, ניין; ניט מיין, דו איידעלער,
אַז ברוטוס זאָל געפאַנגען געהן נאָך רוים.
צו גרויס בין איך דערפאַר. נור, כ'ווייס, אין יענעם טאָג
וועט ענדיגען זיך דאָס וואָס האָט זיך אָנגעהויבען
אין יענעם טאָג פון איידען פונ'ם מערץ.
אויב מיר'ן ווידער טרעפען זיך — דאָס ווייס איך ניט.
דרום לאָמיר איצט אויף אייביג זיך צושיידען.
אויף אייביג און אויף אייביג וואויל, מיין קאַסיוס!
אויב מיר'ן טרעפען זיך — וועלען מיר שמייכלען;
ווען ניט — איז אונזער אָבשייד גוט געטהאָן.
קאַסיוס. אויף אייביג און אויף אייביג וואויל, מיין ברוטוס!
אויב מיר'ן ווידער זעהן זיך — וועלען מיר שמייכלען,
ווען ניט — איז ריכטיג — אונזער אָבשייד גוט.
ברוטוס. אַצונד פיהר דיין אַרמיי. אָ, וואָלט מען וויסען
דעם סוף פון דעם טאָג'ס אַרבייט, איידער ער פערגעהט!
נור ס'איז גענוג, אַז ס'נעהמט אַ סוף צום טאָג,
דאַן ווערט אונז אויך זיין סוף בעוואוסט. — קומט ווייטער!
(אַלע אָב.)

---

צווייטע סצענע. — דאָס שלאַכטפעלד.
אַ געטומעל. ברוטוס און מעסאַלאַ טרעטען אויף.

ברוטוס. רייט, רייט, מעסאלא, רייט! טראָג מיין בעפעהל
צו די לעגיאָנען אויף דער צווייטער זייט.
בעפעהל זיי שטורעמען דעם פריינד, איך זעה:
אָקטאוויוסעס פליעגעל האלט זיך שוואך;
א שנעלער אָנפאַל וועט איהם אומווארפען.
רייט, רייט, מעסאלא; הייס זיי שטורעמען! (אָב.)

---

**דריטע סצענע. — אַן אנדער טהייל פון שלאַכטפעלד.**

א געטומעל. קאַסיוס און טיטיניוס טרעטען אויף.

קאַסיוס. אָ, זעה, טיטיניוס, זעה: די לומפען פליהען!
איך בין אַ שונא מיינע אייגענע אַצינד.
איך האָב געזעהן די פאָהן אָט די זיך אָבציהען,
האָב איך דעם פייגלינג אויפ'ן שטעל געטויט!
טיטיניוס. אָ, ברוטוס האָט צו פריה דאָס וואָרט געגעבען
און האלטענדיג אַ זיעג איבער אָקטאוויוסען
האָט ער זיך צוגעאיילט; זיין מחנה איז נאָך רויב
ווען מיר זיינען ארומגערינגעלט פון אַנטאָניוסען.
(פינדאַרוס טרעט אויף.)
פינדארוס. אַנטלויף פון דאַנען שנעל, מיין הערר, אַנטלויף!
אַנטאָניוס איז אין דיינע צעלטען, הערר —
דרום, איידעלער קאַסיוס, אַנטלויף פון דאַנען!
קאַסיוס. דער היגעל אונזערער איז ווייט גענוג.
זעה, זעה, טיטיניוס, איז דאָס ניט מיין געצעלט
וואָס ברענט אין פייער דאָרטען?
טיטיניוס. יאָ, מיין הערר.
קאַסיוס. טיטיניוס, אויב ס'איז דיין ליעבע וואָהר —
בעשטייג מיין פערד, גראָב איין אין איהם די שפּאָרען,
ביז ער וועט ברייננגען דיך צו יענער מחנה
און קום צוריק געשווינד. כ'וויל וויסען ריכטיג,
צי איז אַ יענע מחנה פריינד צי פיינד.
טיטיניוס. כ'וועל, ווי אַ בליץ, באלד זיין צוריק מיט אייך.
קאַסיוס. געה, פינדארוס, שטייג העכער אויפ'ן באַרג ארויף;
איך זעה ניט גוט; זעה, וואָס איז מיט טיטיניוסען,

און זאָג מיר אַלץ וואָס דו בעמערקסט אין פעלד.
(פּינדאַרוס אַב.)

אין דעם טאָג האָב איך ס'ערשטע מאָל געאָטעמט;
מיין צייט געהט אוים; דאָרט וואו כ'האָב אָנגעהויבען
דאָרט וועל איך ענדיגען; מיין לעבען האָט
זיין קרייז־לויף שוין געמאכט. וואָס הערט זיך, יונג?

פינדאַרוס. (פון אויבען) אָ, מיין הערר!

קאַסיוס. וואָס איז?

פינדאַרוס. טיטיניוס איז ארומגערינגעלט פעסט
פון רייטער פיעל וואָס יאָגען זיך נאָך איהם.
ער פליהט, ער פליהט — אָט זיינען זיי אויף איהם;
זיי שפרינגען פון די פערד — ער אויך — ער איז
געפאַנגען — הערט נור זייער פריידגעשריי.

קאַסיוס. דו מאָגסט אַרונטער, קוק זיך מעהר ניט צו.
אָ, פייגלינג וואָס איך בין! צו לעבען אזוי לאַנג
און צו צוזעהן מיין בעסטען פריינד געפאַנגען.
(פּינדאַרוס קומט אַרונטער.)

אהער קום, יונג!
אין פּאַרטהיאַ האָב איך געפאַנגען דיך;
דיין לעבען שוינענדיג, האָב איך פערשוואָרען דיך
אז וואָס איך זאָל דיר ניט בעפעהלען טהאָן —
זאָלסטו געהאָרכען. האַלט דיין שבועה איצט:
איצט ווערסטו ווידער פריי — און מיט מיין שווערד,
וואָס האָט דערשטאָכען צעזאַרען — שטעך אין מיין ברוסט;
איך וויל קיין ענטפער ניט, האַלט פעסט מיין שווערד,
און ווען מיין פּנים איז פערהילט, ווי ס'איז אצינד,
שטעך אין מיין ברוסט.
(פּינדאַרוס שטעכט איהם.)

אָ, צעזאַר! ס'ווערט זיך אָבגערעכענט פאַר דיין בלוט —
און דורך דעם זעלבען שווערד וואָס האָט געטויט דיך.
(שטאַרבט.)

פינדאַרוס. כ'בין פריי אצינד; נור וואָלט עס ליעבערשט ניט זיין,
ווען איך וואָלט פריי זיין טהאָן מיין ווילען. — קאַסיוס!

ווייט, ווייט וועט פּינדאַרוס אַוועק פון דאַנען,
וואו ס'זאָל קיין רוימער איהם ניט קאָנען. (אָב.)
(טיטיניוס און מעסאַלאַ קומען צוריק.)

מעסאַלאַ. ס'איז נור אַ בייט, טיטיניוס; דען אָקטאַוויוס
איז פון דעם איידעלען ברוטוסען געשלאָגען —
ווי קאַסיוסעס לעגיאָנען פון אַנטאָניוסען.

טיטיניוס. די נייעס וועט קאַסיוסען גאָר נייַ־בעלעבען.

מעסאַלאַ. וואו האָסטו איהם געלאָזען?

טיטיניוס. נידערגעשלאָגען,
מיט פּינדאַרוס זיין שקלאַף, דאָ אויפ'ן באַרג.

מעסאַלאַ. איז דאָס ניט ער, וואָס ליעגט דאָרט אויף דער ערד?

טיטיניוס. ער ליעגט ניט ווי קיין לעבעדיגער. אָ, מיין האַרץ!

מעסאַלאַ. איז דאָס ניט ער?

טיטיניוס. דאָס איז געוועזען ער,
מעסאַלאַ, איצט איז קאַסיוס שוין מעהר ניטאָ.
אָ אָוונדזוהן, פערגעהענדע אַצינד!
ווי דו פערזינקסט אין דיינע רויטע שטראַהלען
איז קאַסיוס' טאָג אין רויטען בלוט פערזונקען.
געזונקען איז די זון פון רוים — ס'איז נאַכט;
אַ נאַכט פון וואָלקען, דונסט, געפאַהר; דער טאָג איז אויס,
זיין צווייפעל אין ערפאָלג, דאָס האָט איהם אומגעבראַכט.

מעסאַלאַ. זיין אונגלויבען אין גוטס — דאָס האָט איהם
אומגעבראַכט.
פערפלוכטער טעות! קינד פון שווער געמיט,
פאַרוואָס בעווייזטו צו דעם מענשליכען געדאַנק
אַזוינס וואָס איז ניט וואָהר? אָ, טעות, דו —
קומסט קיינמאָל צו קיין גליקליכען געבורט ניט,
נור טויטסט די מוטער וואָס האָט דיך געבראַכט
צום לעבען.

טיטיניוס. פּינדאַרוס! וואו ביזטו, פּינדאַרוס!

מעסאַלאַ. געפין איהם אויס, טיטיניוס; איך וועל דערווייל
בעגעגנען געהן דעם איידעלען ברוטוסען;
זיין אויער דורכצובויערען מיט מיין בעריכט:

וויל שאַרפע מעסער, פיילען גיפטיגע —
זיי וועלען אַזוי ליעב פאַר ברוטוס' אויער זיין
ווי מיין בעריכט.

**טיטיניוס.** דו טהו אַזוי, מעסאַלאַ.
איך וועל דערווייל דאָ פינדאַרוס געפינען.
(מעסאַלאַ אַב.)

פאַרוואָס האָסטו מיך אָבגעשיקט, מיין קאַסיוס?
האָב איך ניט דיינע פריינד בעגעגענט נור,
און האָבען זיי דאָס אויף מיין שטערן ניט געלייגט
דעם זיעגערקראַנץ, עס דיר, צו געבען?
האָסטו ניט זייער פריידגעשריי געהערט?
ניט ריכטיג, אַך, האָסטו דאָס אַלץ בענומען!
דאָך וואַרט! נעהם צו פון מיר דעם בלומענקראַנץ;
דען ברוטוס האָט מיך אָנגעבעטען דיר צו געבען —
כ'וועל זיין בקשה אויספיהרען; קום ברוטוס, זעה,
ווי איך האָב קאַיוס קאַסיוסען בעקראַנצט.
זייט מוחל, געטער, מיר! מיין זינד איז גרויס:
קום, קאַיוס' שווערד געפין דאָס הארץ מיינס אויס!
(דערשטעכט זיך)

(אַ געטומעל. מעסאַלאַ קומט צוריק מיט ברוטוסען, דעם יונגען קאַטאָ און אַנדערע.)

**ברוטוס.** וואו, וואו, מעסאַלאַ, רוהט זיין קערפער דאָ?
**מעסאַלאַ.** דאָרט ליעגט ער — און טיטיניוס בעוויינט איהם.
**ברוטוס.** טיטיניוסעס געזיכט געווענדט צום הימעל!
**מעסאַלאַ.** אָ, ער איז טויט!
**ברוטוס.** אָ, יוליוס צעזאַר, דו ביזט מעכטיג נאָך!
דיין גייסט געהט צווישען אונז אַרום און קערט
די שווערדען אונזערע אין אונזער הארצען!
**קאַטאָ.** טיטיניוס, איידעלער און בראַווער פריינד!
זעהט, ווי ער האָט דעם טויטען קאַסיוסען בעקראַנצט!
**ברוטוס.** צי זיינען נאָך אַזעלכע רוימער וואו געבליבען?
איהר לעצטע, לעצטע רוימער, רוהט אין פריעדען.
עס איז אונמעגליך — רוים זאָל ווען עס איז



עדוואַרד ל. דייווענפּאָרט — אַלס „ברוטוס“.
וויליאַם ס. מיקווירדי אַלס „קאַסיוס“, אין 4טען אַקט, 3טע סצענע.

סיר הערבערט טרי, ענגלישער שוישפּיעלער אַלס „מאַרק אַנטאָני“;
זיין רעדע איבער צו ּאר'ס טויטען קערפּער.

א זוהן, דיין גלייכען, אויפברייענגען. — אָ, פריינד,
איך בין דעם טויטען שולדיג פיעל מעהר טרערען
ווי די, וואָס איהר זעהט מיך אצונד פערגיסען.
כ׳וועל צייט געפינען, קאסיוס, צייט געפינען.
איצט קומט און שיקט נאָך טהאסאָס אָב זיין קערפּער —
זיין קבורה זאָל אין לאַגער דאָ ניט פאָרקומען;
עס וואָלט אונז נידערשלאָגען. קום, לוציליוס,
און דו אויך, יונגער קאטאָ: אויפ׳ן פעלד צוריק;
איהר לאבעאָ און פלאוויוס, זעצט פאָרט דעם קאמפּף.
ס׳איז דריי דער זייגער איצט; און איידער ס׳קומט די נאכט
פערמעסטען מיר זיך אין א צווייטער שלאַכט. (אָב.)

---

פיערטע סצענע. — אַן אנדער טהייל פון שלאַכטפעלד.

אַ געטומעל. סאָלדאַטען פוןביידע אַרמייען קעמפּפענדיג;
ברוטוס, דער יונגער קאטאָ, לוציליוס און אַנדערע.

ברוטוס. דאָך, לאַנדסלייט רוימער, האָך, האַלט הויך די קעפּ.
קאטאָ. ווער איז דאָ, נידעריג געבאָרען, — ער זאָל ניט?
ווער געהט נאָך מיר, ווער פאָלגט נאָך מיינע טריט?
איך וועל מיין נאָמען אויסשרייען אין פעלד:
איך בין דער זוהן פון מארקוס קאטאָ, האָרכט!
פיינד פון טיראַן און פריינד פון פאטערלאַנד:
איך בין דער זוהן פון מארקוס קאטאָ, האָרכט!
ברוטוס. און איך בין ברוטוס; מארקוס ברוטוס — איך!
דער פריינד פון פאטערלאַנד; ווייסט מיך אלס ברוטוס! (אָב.)
(דער יונגער קאטאָ פאַלט אין קאַמפּף.)
לוציליוס. אָ, איידעלער און בראַווער קאטאָ, ביזטו טויט?
ביזט בראַוו, גלייך צו טיטיניוס, געשטאָרבען;
מען דאַרף דיר כבוד אָבגעבען, ווי קאטאָ׳ס זוהן.
ערשטער סאָלדאַט. טויט — אָדער גיב זיך אונטער!
לוציליוס. איך גיעב זיך אונטער אום צו שטאַרבען נור:
(באָט איהם אָן געלד.)
דאָ האָסטו פיעל — אויב נור דו ווילסט מיך טויטען,
טויט ברוטוסען — און קויף זיך עהרע דורך זיין טויט.

ערשטער סאָלדאַט. מיר טאָרען ניט. אַן איידעלער געפאַנגענער.
צווייטער סאָלדאַט. זאָגט אַן אַנטאָניוסען, אַז ברוטוס איז געפאַנגען!
ערשטער סאָלדאַט. איך גײה עס מעלדען; זעה, דאָ קומט אַנטאָניוס.

(אַנטאָניוס קומט אַן.)

מיר האָבען ברוטוסען, מיין הערר, מיר האָבען ברוטוסען!
אַנטאָניוס. וואו איז ער?
לוציליוס. ברוטוס איז גענוג נאָך זיכער.
איך וואַג אייך צו פערזיכערען, אַנטאָניוס,
קיין פיינד וועט ברוטוסען אַ לעבעדיגען נעהמען;
די געטער שיצען איהם פון אַזאַ שאַנד!
ווען איהר געפינט איהם, לעבעדיג צי טויט,
וועט ער געפונען זיין ווי ברוטוס, ווי ער איז!
אַנטאָניוס. דאָס איז ניט ברוטוס, פריינד — דאָך, אויף מיין וואָרט,
אויך ניט פון קליינעם ווערטה. בעוואַכט איהם גוט,
און צייגט איהם פריינדשאַפט בלויז. כ'וואָלט בעסער האָבען
אַזוינע מענער פריינד צו מיר, ווי פיינד.
קומט ווייטער! זעהט צי ברוטוס לעבט, צי טויט
און מעלדעט אין אָקטאַוויוס'עס געצעלט
וואָס איהר וועט אויסגעפינען. (אַלע אָב.)

---

פינפטע סצענע. — אַן אַנדער טהייל פון שלאַכטפעלד.
אַ געטומעל. ברוטוס, דאַרדאַניוס, קליטוס, סטראַטאָ און וואָלומניוס קומען אַן.

ברוטוס. קומט, קומט, איהר איבערבלייבעניש פון פריינד,
רוהט אויס זיך אויף דעם פעלזען.
קליטוס. אָ, מיין הערר,
סטאַטיליוס האָט געגעבען דעם סיגנאַל —
ער איז אָבער צוריק שוין ניט געקומען;
ער איז געפאַנגען, אָדער טויט.
ברוטוס. נו זיצט:

אצינד איז טויט דאָס איינציג פּאַסיג וואָרט;
ס'איז מאָדע איצט. דו הער מיך, קליטוס, אויס.
(סוד'עט איהם אויפ'ן אויער.)
קליטוס. וואָס? איך, מיין הערר? ניט פאַר דער גאַנצער וועלט!
ברוטוס. נו שטיל! קיין וואָרט!
קליטוס. כ'וועל בעסער טויטען זיך אליין.
ברוטוס. הער אויס, דארדאַניוס!
(סוד'עט איהם אויפ'ן אויער.)
דארדאַניוס. זאָל איך אַזוינס בעגעהן!
קליטוס, אָ דארדאַניוס!
דארדאַניוס. אָ, קליטוס!
קליטוס. וואָס שלעכטס האָט ברוטוס דיך געבעטען טהאָן?
דארדאַניוס. איך זאָל איהם טויטען; זעה, ער איבערלייגט זיך.
קליטוס. איצט איז דאָס הערליכע געפעס פול לייד,
אַזוי אַז ס'פליסט ארויס דורך זיינע אויגען.
ברוטוס. קום גערהנטער, פריינד! וואָלומניוס, איין וואָרט.
וואָלומניוס. וואָס איז, מיין הערר?
ברוטוס. אָט וואָס, וואָלומניוס:
דער גייסט פון צעזאַר איז צו מיר געקומען
צוויי מאָל פערשיעדענע אין נעכט: אין סאַרדיס,
און לעצטע נאַכט אין דעם פהיליפּפּי־פעלד;
איך וויים, מיין שעה איז נאָהנט.
וואָלומניוס. ניט רעדט אַזוי, מיין הערר.
ברוטוס. אָ יאָ, דאָס איז אַזוי, וואָלומניוס;
דו זעהסט דאָך ווי עס האַלט מיט אונז, מיין פריינד,
עס האָט דער שונא אונזער קראַפט צובראָכען —
(אַ געטומעל.)
ס'איז שעהנער פיעל אליין אריינצושפּרינגען
ווי ווארטען אויף דעם לעצטען שטויס. וואָלומניוס,
מיר זיינען קינדרווייז אין איין שוהל געגאַנגען,
פאַר אונזער אַלטער פריינדשאַפט בעט איך דיך:
האַלט צו מיין שווערד. וואָלומניוס, ביז איך
וועל אַנלויפען אויף איהם.

וואָלומניוס. מיין טרייער פריינד,
דאָס איז קיין דיענסט ניט פאַר אַ פריינד צו טהאָן.
(דאָס געטומעל האַלט אָן.)

קליטוס. לויפט, לויפט, מיין הערר, פערזאַמט קיין רגע ניט!
ברוטוס. לעב וואויל; אויך דו; אויך דו, וואָלומניוס;
דו, סטראַטאָ, האָסט די גאַנצע צייט געשלאָפען —
אויך דו, סטראַטאָ, לעב וואויל: אַ בירגער־פריינד,
מיין הארץ איז שטאָלץ וואָס אין מיין גאַנצען לעבען
האָב איך קיין מענשען ניט געטראָפען פאַלש צו מיר.
פיעל מעהרער רוהם נעפין איך אין מיין אומגליקסטאָג,
פיעל מעהרער ווי אָקטאַוויוס און אַנטאָניוס
אין זייער נידעריגען זיעג אַצינד.
לעבט אַלע וואויל; דען ברוטוס׳ צונג ווערט באַלד
שוין די געשיכטע פון זיין לעבען ענדיגען.
די נאַכט פערדעקט מיך, מיין געביין זוכט רוה:
כ׳האָב לאַנג שוין אויסגעקוקט פאַר דיעזער שעה.
(אַ טומעל. געשרייען הינטער דער סצענע: לויפט! לויפט! לויפט!)
קליטוס. אַנטלויפט, מיין הערר, אַנטלויפט!
ברוטוס. געהט איהר צוערשט;
און איך וועל נאָכפאָלגען.
(קליטוס, דאַרדאַניוס און וואָלומניוס אָב.)

איך בעט דיך, סטראַטאָ, שטעה דיין הערר׳ן ביי.
דו האָסט אַ גוטען נאָמען, ווערסט געאַכט;
האַלט דו מיין שווערד און ווענד אָב דיין געזיכט
ווען איך וועל אָנלויפען אויף איהם. דו ווילגסט איין?
סטראַטאָ. צוערשט גיט אייער האַנד מיר, טרייער הערר.
ברוטוס. לעב וואויל, מיין גוטער סטראַטאָ.
(לויפט אויף דעם שווערד אָן)
צעזאַר, בערוהיג דיך:
כ׳האָב דיך געטויט אַ העלפט ניט גערן ווי זיך! (שטאַרבט.)
(אַ געטומעל. אָקטאַוויוס, אַנטאָניוס, מעסאַלאַ, לוציליוס
און אַנדערע קומען אָן.)

אָקטאוויוס. ווער איז דער מאַן?
מעסאַלאַ. מיין הערך׳ס דיענער. סטראַטאָ,
וואו איז דיין הערר?
סטראַטאָ. איז פון די קייטען פריי
וואָס דו, מעסאַלאַ, טראָגסט אויף זיך; די זיעגער
זיי קאָנען זיין געביין אויף אַש פערברענען;
דען ברוטוס האָט נור זיך אַליין בעזיעגט
און ס׳קאָן זיך קיינער ריהמען מיט זיין טויט.
לוציליוס. אַזוי האָט ברוטוס זיך געמוזט געפינען;
אַ דאַנק דיר, ברוטוס —
דו האָסט לוציליוסעס וואָרט פערוואָהרט.
אָקטאוויוס. איך נעהם די מענשען ברוטוסעס צו זיך אין דיענסט:
ווילסטו מיר דיענען אין דער צוקונפט, יונג?
סטראַטאָ. יאָ, אויב מעסאַלאַ נור איז איינשטימיג.
אָקטאוויוס. מעסאַלאַ, טהו עס מיר צוליעב, שטים איין.
מעסאַלאַ. ווי איז מיין הערר געשטאָרבען, סטראַטאָ? זאָג!
סטראַטאָ. איך האָב דעם שווערד געהאַלטען — און מיין הערר
איז אַנגעלאָפען אויפ׳ן שווערד.
מעסאַלאַ. אָקטאוויוס,
נעהם איהם מיט זיך, זאָל ער דיר וויטער דיענען:
ער האָט די לעצטע דיענסט געצייגט מיין הערען.
אַנטאָניוס. ער איז דער נאָבעלסטער געווען פון אַלע:
די אַנדערע פערשווערער, אויסער איהם,
זיי האָבען עס געטהאָן אין זייער קנאה;
נור ער, אין גרויסען עהרליכען געדאַנק
פיר אַלגעמיינעם בעסט, האָט זיך מיט זיי פעראייניגט.
זיין לעבען איז געוועזען גרויס, און ס׳האָבען זיך
די עלעמענטען אויסגעמישט אין איהם אַזוי —
אַז די נאַטור האָט אויפשטעלען געמאָגט זיך
און זאָגען צו דער וועלט: „דאָס איז געווען אַ מאַן!“
אָקטאוויוס. מיר זאָלען איהם בעהאַנדלען נאָך זיין ווערטה
מיט יעדען כבוד און לויה־טרויער.

אין מיין געצעלט זאָלט איהר איהם ליינען היינט ביי נאַכט
מיט עהרען, ווי אַ קריגסהעלד, צוגעדעקט.
איצט רופט דאָס פאָלק צו רוה; און לאָמיר איילען
און די טראָפייען פון דעם פריידענסטאָג פערטהיילען. (אַב.)

וויליאַם שעקספּיער

# האַמלעט

פּרינץ פון דענעמאַרק

טראַגעדיע אין פינף אַקטען

אידיש: י. י. שוואַרץ

איינלייטונג צו „האמלעט“ פון געאָרג בראַנדעס,
איבערזעצט פון הלל ראָגאָף.

אַרויסגעגעבען פון
פאָרווערטס, 1918, ניו־יאָרק.

# האמלעט׳ס פסיכאלאגיע.

---

די פערזאן האמלעט, ווי זי האט זיך אויסגעארבייט אין שעקספיער׳ס פאנטאזיע, וואס איז ווי לעבעדיג געמאלען אין דער דראמע, איז איינע פון די זעהר ווייניגע אונשטערבליכע פערזאנען אין דער קונסט און אין דער פאעזיע. אזוי ווי סערוואנטעס׳עס דאן קיכאט און געטהע׳ס פאוסט, אזוי שטעלט האמלעט יעדען נייעם דור פראבלעמען צו לעזען און רעטענישע צו טרעפען.

האמלעט געהערט דער מאדערנער צייט; ער איז די פערקערפערונג פון א הויכען און דענקענדען גייסט, וועלכער שטעהט איינזאם, מיט זיינע שטרענג־ערהאבענע אידעאלען אין א קארופטע ווערטהלאזע אומגעבונג; א גייסט וועלכער איז געצוואונגען צו בעהאלטען די טיעפקייט פון זיין נאטור און וועלכער וועקט דאך איבעראל פיינדשאפט. האמלעט בעזיצט די נשמה פון א זשעני, וועלכער קען ניט דערגרונטעוועט ווערען, און וועמעס אויסערליכער אויסזעהן האלט זיך אייביג אין ענדערן.

געטהע, אין זיין בעריהמטע אבשעצונג פון האמלעט, שרייבט אז ער איז „ליעבליך, ריין, הערליך און פאלשטענדיג מאראליש“. די דאזיגע אבשעצונג איז ניט אין גאנצען ריכטיג. האמלעט זאגט וועגען זיך אליין: „איך בין צימליך עהרליך; דאך קען איך געגען זיך אויסרעכענען אזוינע זינד, אז עס וואלט בעסער געווען ווען מיין מוטער וואלט מיך ניט געבוירען“. עס איז אמת דאס האמלעט שרייבט זיך צו שלעכטע אייגענשאפטען, וועלכע געהערען איהם ניט; אבער ער איז אהן צווייפעל אויפריכטיג אין דעם אלגעמיינעם אינהאלט פון זיינע ווערטער, ווערטער אונטער וועלכע יעדערער פון דעם בעסערען קלאס מענשען וועט זיך אונטערשרייבען. האמלעט

איז ניט קיין שפּיגעל פון טוגענד. ער איז ניט בלויז ריין, עהרליך, מאָראַליש א. ז. וו.; ער האָט אנדערע אייגענשאַפטען אויך. — ער ווערט צייטענווייז ווילד, פערביטערט, בייז; אמאָל איז ער צאַרט און אמאָל גראָב, אויפגערעגט ביז'ן שוועל פון משוגעת, פערהאַרטעוועט, גרויזאַם. ער איז אָהן צווייפעל צו שוואַך דורכצופיהרען זיין אויפגאַבע, אָדער בעסער געזאָגט, ער איז אין גאַנצען אונפעהיג דערצו, אָבער ער איז בשום אופן ניט אָהן פיזישען כוח און אָהן טהעטיגקייט־קראַפט.

שעקספּיער האָט פון אָנפאַנג זיך פאָרגעשטעלט האַמלעט'ן אַלס א איינגעל פון א יאָהר נייננצעהן. איהם האָט געשיינט, דאָס די פּאַסירונגען אין דער דראַמע פאָדערען א גאָר יונגען מענשען פאַר'ן העלד. האַמלעט האָט ביז דער ערעפענונג פון דער טראַגעדיע געלעבט ווייט פון דער ברייטער וועלט, א סטודענט אין דעם שטילען אוניווערזיטעט אין וויטענבערג, וואו ער האָט קיין מאָל ניט געצווייפעלט, אַז דאָס לעבען איז ווירקליך אַזוי האַרמאָניש ווי עס זעהט אויס אין די אויגען פון אַ יונגען פּרינץ. דאָרטען אין אוניווערזיטעט האָט ער געגלויבט אין דער מעגליכקייט צו פערווירקליכען אידעאַלען אויף דער ערד, זיך פאָרגעשטעלט, דאָס גייסטיגע הערליכקייט און עדלע געפיהלען בעהערשען די וועלט, אַז גערעכטיגקייט רעגיערט אין עפענטליכען לעבען און טריישאַפט און עהרע הערשען אין פּריוואַט לעבען. ער האָט זיין גרויסען פאָטער בעוואונדערט, זיין שעהנער מוטער געעהרט, ליידענשאַפטליך געליעבט די צויבערהאַפטע אָפעליא, הויך פערעהרט די מענשהייט, פרויען איבערהויפּט. פון דעם מאָמענט ווען ער פערליערט זיין פאָטער און איז געצוואונגען צו ענדערען זיין מיינונג וועגען זיין מוטער, ווערט זיין רוהיגער בליק אויפ'ן לעבען פערדונקעלט. אויב זיין מוטער האָט געקענט פערגעסען זיין פאָטער און הייראַטען זיין אָנקעל, וואָס איז אַ פרוי ווערטה? און וואָס פאַר אַ ווערטה האָט דאָס גאַנצע לעבען? שוין פון אָנהויב אָן, איידער ער האָט נאָך געהערט וועגען זיין פאָטער'ס וואַנדערענדען גייסט, און איידער ער האָט נאָך מיט'ן גייסט גערעדט, רעדט ער שוין מיט אַ שטימע פון פערצווייפלונג און דריקט אויס זיין נאַאיווע איבערראַשונג איבער דעם וואָס אַ מענש קען שמייכלען, שמייכלען און אַ מערדער זיין. דאָס וואָס מיט איהם איז געשעהען בעטראַכט ער אַלס אַ זאַך כאַראַקטעריסטיש פאַר'ן לעבען אין אַלגעמיין. ער זאָגט דאַרום צו ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן:
„די לעצטע צייט — איך ווייס אַליין ניט ווי אַזוי, האָב איך מיין גאַנצע לעבענס־לוסט פערלאָרען“. די וועלט איז פאַר איהם „בלויז אַ געמיש פון נעבלען גיפטיגע“, און דער מענש. וואָס געהט איהם

אָן דער „קווינטעסענס פון שטויב". ער געפינט קיין פערגעניגען מעהר אין מאַן און פרוי.

און דעריבער ווערען אין איהם געבּירען געדאַנקען פון זעלבסטמאָרד. און וואָס איידעלער דער כאַראַקטער פון אַ יונגען מאַן, אַלץ שטאַרקער איז זיין וואונש ביים אַריינטרעטען אין לעבען צו געפינען די פאַרווירקליכונג פון זיינע אידעאַלען אין מענשען און אין אומשטענדען. האַמלעט זעהט פּלוצלינג איין, אַז אַלץ איז אין גאַנצען אַנדערש ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט, און ער פיהלט אַזוי ווי צום שטאַרבען, ווייל ער קען ניט די וועלט אין אָרדנונג ברייגנען.

איהם איז זעהר שווער צו גלויבען, אַז די וועלט איז מיט אַן אמת אזוי שלעכט; דאַרום האלט ער אין איין זוכען נייע בעווייזען, דאַרום, צום ביישפּיעל, פּלאַנט ער די פאָרשטעלונג פון דער שוישפּיעל. די פרייד מיט וועלכע ער רייסט אַרונטער די מאַסקע פון נידערטרעכטיגקייט איז בלויז דער אויסדרוק פון בעפריעדיגונג; מיט אַ טיעפען שמערץ אין הינטערגרונד — אַן אבסטראַקטע בעפריעדיגונג געשאַפען פון דעם געפיהל, דאָס ענדליך איז איהם קלאָהר דיא ווערטהלאָזיגקייט פון דער וועלט. דאָס איז ניט קיין קאַלט־הערציגער פעסימיזם. האַמלעט'ס פייער ווערט קיינמאָל ניט פערלאָשען; זיינע וואונדען קיינמאָל ניט פערהיילט. לאַערטיסעס פערגיפטעטער שווערד בערוהיגט ענדליך זיין געפייניגטע נשמה.

אָט דאָס אַלץ קאָנען מיר זיך פאָרשטעלען זאָל פּאַסירען מיט אַ מאַן פון אַ יאָהר דרייסיג. עס איז אָבער מעהר נאַטירליך מיט אַ בחור פון נײַנצעהן יאָהר. דאַרום האָט שעקספּיער פון אָנפאַנג געמאַכט האַמלעטען פאַר אַ יונגען בחור. שפּעטער אָבער, ווען ער האָט איבער דער דראַמע געאַרבייט און האָט אין האַמלעט'ס געדאַנק אַריינגעלייגט מעהר און מעהר פון זיין אייגענעם לעבענס־פערשטאַנד, פון זיין אייגענער ערפאַהרונג, פון זיין אייגענע שאַרפע און ענערגישע חכמה, האָט ער איינגעזעהן אַז אַ יונגער בחור איז אַ צו שוואַכער קערפּער פאַר אַזאַ גייסטיגען געוויכט, און האָט דאַרום האַמלעטען געגעבען די עלטער פון אַ רייפען מענשען, אַ מאַן פון אַ יאָהר דרייסיג.

האַמלעט'ס גלויבען אין דער מענשהייט ווערט צושמעטערט נאָך איידער זיין פאָטער'ס גייסט בעווייזט זיך צו איהם. פון דעם מאָמענט וואָס זיין פאָטער'ס גייסט ענטפּלעקט פאַר איהם די שוידערליכע פאַקטען, צופּלאַקערט זיך דער אינגערליכער מענש אין איהם אין אַ ווילדען אויפשטאַנד.

דאָס איז די אורזאַך פאַר זיין שיידען זיך, זיין שטילען שיידען זיך פון אפעליא'ן, ווען ער האָט אין בריעף אָנגערופען די

געטין פון זיין נשמה. זיין אידעאַל פון דעם פרויען־געשלעכט עקזיסטירט ניט מעהר. אפעליא געהערט איצטער צו יענע „קליינליכע ליעבע דאָקומענטען”, וועלכע דער געפיהל פון זיין גרויסער שליחות צווינגט איהם אויסצומעקען פון זיין זכרון. אין זיין נשמה איז קיין פּלאַץ ניטאָ אי פאַר זיין אויפגאַבע, אי פאַר איהר, ווי באַלד זי איז אַזוי פּאַסיוו און אַזוי געהאָרכזאַם צו איהר פאָטער. אנפערטרויען איהר קען ער ניט; זי האָט בעוויזען, ווי אונפּאַסיג זי איז צו דער סיטואַציע, ווען זי האָט זיך ענטזאגט אויפצונעמען זיינע בריעף און זיינע בעזוכען. זי גיט זאָגאַר איבער זיין לעצטען בריעף צו איהר פאָטער! און דאָס מיינט, אַז מען וועט זיין בריעף לייענען אין הויף. און ענדליך, ווילינגט זי זאָגאַר איין צו שפּיעלען די ראָלע פון אַ שפּיאָן איבער איהם. ער גלויבט מעהר ניט, ער קען מעהר אין קיין פרוי ניט גלויבען.

ער וויל באַלד נעהמען זיך צו טהאַטען; אַבער צופיעל געדאַנקען שפּאַרען זיך איהם אין קאָפּ. ער קלעהרט וועגען די שווערליכקייטען, וואָס דעם פּאָטער'ס גייסט האָט פאַר איהם אויפגעדעקט און וועגען דער וועלט וואו אַזוינע זאַכען קענען פּאַסירען; ער צווייפעלט צו דער גייסט איז ווירקליך געווען זיין פּאָטער'ס, אָדער פיעלייכט גאָר אַ פאַלשער, טייוועלשער כוח; און ער צווייפעלט וועגען זיך אַליין, וועגען זיין מעגליכקייט צוריק אויפצושטעלען, צוריק אין שטאַנד ברייגגען דאָס וואָס איז אומגעוואָרפען געוואָרען, וועגען זיין פעהיגקייט פאַר אַזאַ אויפגאַבע צו אורטהיילען און ראַכע נעהמען. זיין צווייפעל וועגען די טרויענווירדיגקייט פון גייסט פיהרט איהם צום שלום אויפצופיהרען דאָס שטיק פאַר'ן קעניג, וועלכע איבערצייגט זיין שולד. זיין געפיהל וועגען זיין אייגענע אונפּאַסיגקייט פאַר זיין אויפגאַבע ברייגגט מיט אַז ער זאָל נאָכאַנאַנר זיין בעשלום אָפּלייגען אויף שפּעטער.

אין פערלויף פון דער טראַגעדיע ווערט גענוג בעוויעזען אַז ער איז ניט, אין גרונד גענומען, אונפעהיג צו האַנדלען. ער האַלט זיך ניט אָב פון דערשטעכען דעם אונטערהערער הינטערען פאָרהאַנג; אָהן ספקות און אָהן רחמנות שיקט ער ראָזענקראַנצען און גילדערשטערן צו אַ זיכערען טויט; ער פאָהרט אָרוים אויף אַ פיינדליכע שיף; און ניט אָראָבנעהמענדיג קיינמאָל די אויגען פון זיין ציעל, נעהמט ער נקמה איידער ער שטאַרבט. עס איז אָבער ניט וועניגער קלאָר, דאָס אַ גרויסע איננערליכע שטערונג מוז פון וועג אָבגעראַמט ווערען איידער ער קען דורכפיהרען אַ בעשלאָסענע טהאַט. דאָס דיינקען שטערט איהם; זיין „בעשלום איז קראַנק דורך די אונבעשטימטקייט פון זיין דיינקען”, ווי ער דריקט זיך אַליין אויס.

## IV.

פאר דעם פאָפולערען בעגריעף, איז האמלעט דער גרויסער טיפּ פון דעם „אונטהעטיגען טרוימער“; און ביז היינטיגען יאָהר־הונדערט האָבען הונדערטע איינצעלנע מענשען און זאָגאר גאנצע פעלקער דערקאנט אין האמלעטען אַן אָבשפּיגלונג פון זיך אליין.

מיר טאָרען אָבער ניט פערגעסען אַז דער דאָזיגער דראמאטישער קוריאזיטעט — א העלד וואָס האנדעלט ניט — איז ביז א געוויסען גראד נויטיג געווען פאר דער טעכניק פון דער דראמע. ווען האמלעט וואָלט געטויט דעם קעניג גלייך ווי ער הערט דעם גייסט׳ס בעשולדיגונג, וואָלט די דראמע זיך געענדיגט מיט׳ן ערשטען אקט. עס איז דארום אבסאָלוט נויטיג געווען דאָס די טהאט זאָל אָבגעלייגט ווערען.

שעקספּיער ווערט שלעכט פערשטאנען פון די וואָס בעטראכטען האמלעט אלס א פּראָדוקט פון דער מאָדערנער צייט — אלס א נשמה וועלכע איז אָנגעשטעקט מיט קרייַנקליכע געדאנקען, אָהן די פעהיגקייט צו טהאָן עטוואָס פּראקטישעס. אין דער אמת׳ן, איז עס א שיגעון פון איראָנישען שיקזאל, דאָס ער, האמלעט, איז געוואָרען א מין סימבאל פון דיינקענדע פוילקייט, אָט דער מאָן וועלכער האָט פולווער אין יעדען נערוו און די דינאמיט פון גאונות אין זיין נאטור.

עס איז אָהן צווייפעל געווען שעקספּיער׳ס אבזיכט בולט׳ער ארויסצוברייגען האמלעט׳ס כאראקטער, דורכדעם וואָס ער שטעלט איהם אין קאָנטראסט דעם יונגען נאָרוועגישען פּרינץ פּארטינבראס, וועלכער בעזיצט יוגענדליכע פּראקטישע ענערגיע, דורך וועלכע ער פערפאָלגט זיין ציעל מיט א בעשטימטע פעסטקייט. האמלעט ווערט פערצווייפעלט, ווען ער פערגלייכט זיך מיט דעם איידעלען, צארטען פּרינץ, וועלכער וואגט צו געהן אויף געפאהר און טויט אין הויפּט פון זיין ארמיי צוליעב „אַן אויסגעבלאָזענע איי“.

עס איז נאטירליך דאָס האמלעט זאָל זיך שעהמען, ווען ער זעהט ווי פּארטינבראס מארשירט אוועק מיט זיינע סאָלדאטען, ווערהענד ער האָט ניט דורכגעפיהרט, האָט זאָגאר ניט אויסגעארבייט קיין שום פּלאן. ער, וועלכער האָט פעסטגעשטעלט דעם קעניג׳ס שולד און פאר אלעמען אויפגעדעקט זיין גייסטיגען צושטאנד, פּייניגט זיך איצטער אין דעם בעוואוסטזיין פון זיין מאכטלאָזיגקייט. אָבער די איינציגע אורזאכע פון זיין מאכטלאָזיגקייט איז די פּאראליזירענדע האנד וואָס פאלט אויף אלע זיינע כחות דורך זיין נייעם בעגריעף וועגען די בעדייטונג פון לעבען, און די רעיונות וואָס ווערען געבראכען פון דיעזען בעגריעף. זאָגאר זיין שליחות פון נקמה זינקט אין הינטערגרונד פון זיין מארך. אין איהם קעמפּפען פערשיעדענע

געפיהלען — זיין פליכט צום פאָטער, זיין פליכט צו דער מוטער, די גרוילען פון פערברעכען, היילינע אכטונג, האַס, מיטלייד, מורא צו האַנדלען, און מורא ניט צו האַנדלען. ער פיהלט, ווען זאָגאר ער זאָגט עס ניט מיט ווערטער, ווי ווייניג מען געווינט דורכדעם וואָס מען ווערט פּטור פון איין איינציגע שעדליכע חיה. ער אליין איז שוין פיעל מעהר ווי דאָס וואָס ער איז געוועזן פון אָנהויב — א יונגער מענש, וועלכער דאַרף דורכפיהרען א ראַכע־מאָרד. ער איז געוואָרען א טיעף ליידענדער, וועלכער לאַכט און שפּאַט און זידעלט די וועלט וועלכע פּייניגט איהם. ער איז דער אויסגעשריי פון דער מענשהייט וואָס קוקט אַ שרעק־פערציטערטע אויף איהר אייגענעם פּנים.

ניטאָ קיין „אַלגעמיינע בעדייטונג“ וואָס ליגט אויבען אויף אויף האַמלעט. קלאָהרקייט איז ניט געוועזן שעקספּיער׳ס אידעאַל, ווען ער האָט געשריעבען די טראַגעדיע. אין דער דראַמע זיי־נען פאַראַן גענוג רעטעניזשען און וויעדערשפּרעכונגען; אָבער אַ גרוי־סער טהייל פון דעם אינטערעס פון דער דראַמע שטאַמט טאַקע פון דער דונקעלהייט און ניט קלאָהרהייט.

מיר ווייסען וואָס עס הייסט אַ גוט־געשריעבענער בוך, וועלכעס איז אָהן פעהלערען אין פאָרם, קלאָהר אין זיינע אבזיכטען, און אין וועלכע די פּערזאָנען זיינען שאַרף געמאָלען. מיר לייענען אזא בוך מיט פערגעניגען; אָבער ווען מיר ענדיגען לייענען, זעגענען מיר זיך מיט איהם אויף שטענדיג. מיר קאָנען דאָרטען צווישען די שורות גאָר ניט געפינען, צווישען איין שטעל און דער צווייטער. קיין גרייז איז ניטאָ; ערגעץ ניט קיין מיסטישעס, בין השמשות ליכט; קיין שאַ־טענס וואו מען קאָן חלום׳ען. און פערקעהרט, זיינען פאַראַן ביכער אין וועלכע דער גרונד־געדאַנק קאָן אויסגעטייטשט ווערען אויף פערשיעדענע אופנים, וועלכע גיבען שטאָף פאַר זיי דיסקוטירען, וועמענס בעדייטונג ליגט ווייניגער אין דאָס וואָס זיי זאָגען אונז, ווי אין דאָס וואָס זיי מאַכען אונז זיך פאָרצושטעלען צו טרעפען. אזעל־כע ביכער בעזיצען די זעלטזאַמע מאַכט צו בעוועגען אונזערע גע־דאַנקען און געפיהלען; מעהר געדאַנקען ווי זיי אליין ענטהאַלטען און פיעלייכט אויך געדאַנקען פון א גאַנץ אנדער מין. „האַמלעט“ איז אָט אזאַ בוך. אַלס אַ פּיעסע פון פּסיכאָלאָגישער ענטוויקלונג פעהלט איהר די קלאָהרקייט פון קלאַסישער קונסט; דעם העלד׳ס נשמה איז פּונקט אזוי פערנעבעלט און פערפּלאָנטערט ווי די נשמה פון אַ רעאַלע פּערזאָן; אָבער איין דור נאָכ׳ן צווייטען האָט געזוכט צו לעזען די פּראָבלעמע נאָך זיין פאָרשטעלונגס קראַפט נאָך, און

האָט אין האַמלעט'ס נשמה אַריינגעלייגט דעם סך הכל פון זיין אייגענער ערפאַהרונג אין לעבען.

פאַר האַמלעטען איז דאָס לעבען האַלב ווירקליכקייט און האַלב טרוים. צייטענווייז איז ער עהנליך צו אַ שלאָף-וואַנדערער, כאָטש אָפט איז ער וואך ווי אַ שפּיאָן. זיין קאָפּ איז תמיד אויפ'ן אָרט, איהם פעהלט קיינמאָל ניט דער פּאַסיגער ענטפער; צו דערזעלבער צייט אָבער איז איהם דער קאָפּ אַזוי צודרעהט, אַז ער פערגעסט זיין פעסטען בעשלוס אום צו פערפאָלגען אַ געוויסען גערדאַנק אָדער זיך לאָזען אַריינשלעפּען אין אַ טרוים-פּלאָנטער. ער דערשרעקט, אַמוזירט, פאַנגט, צוטומעלט און בעאונרוהיגט אונז. אין דער ליטעראַטור זיינען פאַראַן ווענינ כאַראַקטערען, וועלכע האָבען אַזוי בעאונרוהיגט די וועלט ווי האַמלעט. ניט קוקענדיג וואָס ער רעדט אָהן אַן אויפהער, איז ער פון נאַטור איינזאַם. ער שטעלט מיט זיך פאָר אָט יענע נשמה-איינזאַמקייט וועלכע קאַן זיך מיט אַ צווייטען די געפיהלען און גערדאַנקען ניט טהיילען.

„זיין נאָמען", זאָגט וויקטאָר הוגאָ, „איז ווי דער נאָמען וואָס איז אויסגעשניצט אויף אַלבערט דיכער'ס קונסטווערק „מעלאַנכאָליע". די פלעדערמויז פליהט איבער האַמלעט'ס קאָפּ; ביי זיינע פיס זיצט די וויסענשאַפט מיט אַן ערד-קוגעל און אַ קאָמפּאַס און ליעבע מיט אַ זאַמד-זייגער; און הינטער איהם אויף דעם האָריזאָנט רוהט אַ ריעזיגע זון, וועלכע מאַכט דעם הימעל איבער זיין קאָפּ נאָך דונקעלער". פון אַן אַנדער שטאַנדפּונקט אָבער איז האַמלעט'ס נאַטור ווי אַ שטורם-ווינד — צאָרן און ווילדקייט, רעש'דיגע רוגזה וואָס איז שטאַרק גענוג די גאַנצע וועלט איבערצוקערען.

אין האַמלעט איז דאָ ניט ווייניגער צאָרן ווי מרה-שחורה; ניין, די מרה-שחורה איז דער רעזולטאַט פון זיין צאָרן. ליידענדע מענשען האָבען אין איהם אַ ברודער געפונען. דאַרום איז ער אַזוי אויסערגעוועהנליך פּאָפּולער, טראָץ דעם וואָס ער איז דער היפוך פון קלאָהרקייט.

צושויער און לעזער פיהלען מיט האַמלעטען און פערשטעהען איהם; ווייל די מעהר בעגרייפענדע צווישען אונז מאַכען די ענטדעקונג, ווען מיר טרעטען אַריין אין לעבען אַלס ערוואַקסענע מענער און פרויען, אַז דאָס לעבען איז ניט דאָס וואָס מיר האָבען זיך פאָרגעשטעלט, אַז עס איז פיעל מאָל ערגער. עפּעס איז פויל אין דעם שטאַאַט פון דענעמאַרק. דענעמאַרק איז אַ געפענגניס און די וועלט איז פול מיט אַזוינע תפיסות. אַ גייסטער שטימע רעדט צו אונז: „שרעקליכע זאַכען האָבען פּאַסירט; שרעקליכע זאַכען פּאַסירען היינט. שטעלט זיך די אויפגאַבע די איבלען אָפּצושאַפען, בע-

סער אראנזשירען דעם גאנג פון זאכען. די וועלט איז ניט גוט צונויפגעשטעלט, דו מוזט עס אויסבעסערען". אָבער דיינע הענד זיינען מאכטלאָז. די איבלען זיינען צו שטארק, צו שכל'דיג פאר אונז.

אין „האמלעט", די ערשטע פילאָזאָפישע דראמע פון דער מאָדערנער צייט, בעגעגענען מיר צום ערשטען מאָל דעם טיפּישען מאָדערנעם כאראקטער, מיט זיין טיעפען געפיהל פון קאמפף צווישען די אידעאלע און ווירקליכע וועלט. מיט זיין שארפען בעגריעף וועגען דעם אבגרונד וואָס ליגט צווישען אונזערע כוחות און אונזער שטרעבען און מיט די קאמפּליצירטע נאטור זיינע, וועלכע צייגט זיך אין שארף־זיניגקייט; אָהן פרייד; גרויזאמקייט פעראייניגט מיט געפיהל, ווילדע אונגעדולד אין קאמפף מיט איינגעגעסענע פויל־קייט.

---

## האמלעט און אָפעליא.

קיין זאך אין דער דראמע איז ניט טיעפער אויפגעפאסט ווי האמלעט'ס בעציהונגען צו אָפעליא. האמלעט איז א זשעני אין ליעבע — א זשעני מיט גרויסע פאָדערונגען, וועלכער אנערקענט ניט גרענעצען פון שטאאט אין זיין אויפפיהרונג. ער ליעבט ניט ווי ראָמעא, מיט א ליעבע וואָס פיהלט אָן זיין גאנצען מארך. ער האָט געפיהלט א נייגונג צו אָפעליא ווען זיין פאָטער האָט נאָך געלעבט, האָט איהר דאָן געשיקט בריעף און מתנות און איצטער טראכט ער וועגען איהר מיט גרענצלאָזע צערטליכקייט; אָבער זי איז ניט די פרוי, וועלכע קען זיין זיין פריינד און אנפערטרויטע חבר'טע. „איהר גאנצעס וועזען", זאָגט געטהע, „איז צייטיגע, זיסע לוסט". דאָס איז אָבער צו שטארק. בלויז אין די ליעדער, וואָס זי זינגט משור־גענערהייט, „אין דער אונשולד פון משוגעת", ווי געטהע אליין דריקט זיך אזוי טרעפליך אויס, בלויז דאָן איז קענטיג א פייערדיגער שטראָם פון לוסטיגע תאוה און לוסטיגע זכרונות: איהר בענעהמען זיך צו האמלעטען איז העכסט אנשטענדיג, כמעט שטרענג. זייערע בעציהונגען זיינען געוועזען נאָהענטע. ווי נאָהענט, ווייזט די פּיעסע ניט.

דערפון וואָס האמלעט'ס בענעהמען זיך צו אָפעליא איז זעהר פריי קען מען גאָר ניט שליסען. ער רעדט צו איהר אין זעלבען טאָן ניט בלויז אין דער ריהרענדער סצענע, ווען ער בעפעהלט איהר צו פערשליסען זיך אין קלויסטער. ער איז נאָך פרייער אין דיא שפּא־

סיגע געשפּרעכען מיט איהר, אין איין פאַל איז ער איינפאַך גראָב. דאָס בעווייזט אָבער ניט, דאָס אָפעליאַ איז געווען בעפלעקט. אין דער צייט, ווען שעקספּיער האָט געלעבט, פלעגט אַ יונגער אַדעלמאַן אַזוי ריידען צו אַן אונשולדיגע אַדעליגע אָהן דערמיט איהר צו בעלײדיגען.

ענגלישע קריטיקער זוכען אָפעליאַ'ן צו פערטהיידיגען; איינינע דייטשע קריטיקער האַלטען, דאָס עס איז קיין שום צווייפעל ניט אַז איהרע בעציהונגען מיט האַמלעטען זיינען געווען די אינטימסטע. שעקספּיער האָט בכיון דעם דאָזיגען פּונקט געלאָזען אונבעשטימט. און עס איז מיר שווער צו פערשטעהן פאַרוואָס זיינע לעזער זאָלען ניט טהאָן דאָס זעלבע.

האַמלעט פאַנגט אָן זיך אָבצוקעהרען פון אָפעליאַ'ן פון דעם מאָמענט ווען ער פיהלט זיך דער בעשטימטער שליח דורכצופיהרען די הייליגע ראַכע. מיט אַ טיעפען וועהטאָג זעגענט ער זיך מיט איהר אָהן ווערטער, דריקט איהרע הענד, קוקט אויף איהר געזיכט אַזוי, ווי ער וואָלט וועלען עס מאָלען — דאַן שאָקעלט ער דריי מאָל אַרויף און אַראָב דעם קאָפּ, און פערלאָזט איהר מיט אַ זיפץ פון מיטלייד.

אויב ער צייגט זיך נאָך דעם האַרט, כמעט גרויזאַם צו איהר, איז עס דערפאַר, ווייל זי איז געווען שוואַך און געזוכט איהם אָבצונאַרען. זי האָט אַ ווייכע נאָכגעבענדע נאַטור, אָהן וויעדערשטאַנד'ס קראַפט; אַ ליעבענדע נשמה אָבער אָהן די לײדענשאַפט, וועלכע מאַכט די נשמה שטאַרק. זי איז עהנליך צו דעזדעמאָנא אין „אָטהעלאָ“ אין די נאַרישע האַנדלונגען צו איהר געליעבטען. אָבער זי איז ווייט ניט אַזוי וואַרעם און אַזוי ענטשלאָסען אין איהרע ליעבעס בעציהונגען ווי דעזדעמאָנא. זי הויבט ניט אָן צו פערשטעהן האַמלעט'ס שמערץ איבער זיין מוטער'ס טהאַט. זי בעמערקט זיין ניעדערשלאָגענקייט און פערשטעהט ניט די אורזאַכע. ווען, נאָכדעם ווי ער זעהט דעם גייסט, קומט ער צו איהר מיט אָבגענומענעם לשון, בעגרייפט זי ניט אַז עטוואָס שרעקליכעס האָט געמוזט פּאַסירען. און טראָץ איהר מיטלייד פאַר דעם קראַנקליכען צושטאַנד פון זיין גייסט, ווילינט זי איין אָהן קיינע העפטיגע פּראָטעסטען אַריינצוציהען איהם אין אַ געשפּרעך, וועהרענד איהר פאָטער און דער קעניג שפּיאָנירען זיי נאָך. אָט דאַן פלאַצט ער עס אויס אין די בעריהמטע ווערטער: „ביזטו עהרליך? ביזטו שעהן?“ א. ז. וו. דער בעהאַלטענער מיין פון די רייד איז: ביזטו ווי מיין מוטער? דו וואָלסט אויך אַזוי געהאַנדעלט ווי זי?

האמלעט שענקט ניט אפעליא'ן איין געדאנק, אין זיין אויפרעגונג, נאך דעם ווי ער טויט איהר פאטער פאלאניוס. אבער שעקספיער גיט אונז אינדירעקט צו פערשטעהן, דאס שפעטער האט איהם פאר איהר זיין הארץ וועה געטהאן — „ער וויינט איבער דעם וואס איז געשעהן". שפעטער שיינט ער איהר צו פערגעסען. און דערפאר ווערט ער אזוי אויפגערעגט איבער איהר ברודער'ס קלאגען ווען מען לאזט איהר אין קבר אראב, און דערפאר שיינט עס אונפערשטענדליך זיין ווילדער פערזוך צו איבערשטייגען לאערטיסען אין טרויער. אבער פון זיינע ווערטער פערשטעהען מיר, אז זי איז געוועזן די טרויסט פון זיין לעבען, טראץ דעם וואס זי האט ניט געקאנט זיין זיין שטיצע. זיא, פון איהר זייט, האט איהם זעהר געליעבט מיט אן איינגעהאלטענע צערטליכקייט. איהר האט וועה געטהאן ווען ער האט גערעדט וועגען זיין ליעבע צו איהר אלס א זאך פון דער פערגאנגענהייט („איך האב דיך אמאל געליעבט"). מיט טיעפען שמערץ האט זי געזעהן וואס איהר האט אויסגעוויעזען אלס די פערדונקלונג פון זיין ליכטיגען גייסט אין משוגעת; און צום סוף ווערט זי אליין געטריבען צו משוגעת דורך האמלעט'ס מארד פון איהר פאטער. מיט איין קלאפ האט זי פערלארען איהר פאטער און איהר געליעבטען. אין איהר משוגעת דערמאהנט זי ניט האמלעט'ס נאמען; זי צייגט אויך ניט ארויס קיין סימן פון טרויער איבער דעם וואס ער האט איהר פאטער דער'הרג'עט. איהר אונגליק ווערט געמילדערט דורך דעם וואס זי פערגעסט דעם גרויזאמסטען קלאפ; איהר שווערער שיקזאל פעראורטהיילט איהר צו איינזאמקייט; און די איינזאמקייט ווערט אנגעפילט מיט שאטענהאפטע פערזאנען, און ווערט פערלייכטערט דורך איהר משוגעת.

געטהע, ווען ער מאלט די בעציהונגען צווישען פאוסט און גרעטכען, האט רעפראדוצירט פיעל כאראקטער־שטריכען אין די בעציהונגען צווישען האמלעט און אפעליא. אין ביידע פאלען האבען מיר טראגישען ליעבעס־בונד צווישען דעם זשעני און דער צארטער מיידעל. פאוסט הרג'עט גרעטכענ'ס מוטער, און האמלעט טויט אפעליא'ס פאטער. אין „פאוסט" איז אויך דא א דועל צווישען דעם העלד און זיין געליעבטער'ס ברודער, אין וועלכען דער ברודער ווערט געטויט. אין ביידע דראמען ווערט דאס מיידעל משוגע פון ליידען. עס איז קלאר, דאס געטהע האט געהאט אפעליא'ן אין זיינע געדאנקען, ווען ער מאכט זיין מעפיסטאפעל זינגען א ליעד צו גרעטכען, וועלכע איז א דירעקטע נאכאהמונג, כמעט אן איבערזעצונג פון אפעליא'ס ליעד, נאך דעם ווי זי ווערט משוגע.

---

X.

## האַמלעט׳ס איינפלוס אויף שפּעטערע דורות.

אויב מיר היינט קענען מיטפיהלען מיט האַמלעטען, איז זיכער קיין וואונדער ניט וואָס די דראַמע איז געווען אַזוי שטאַרק פּאָפּולער אין איהר צייט. עס איז לייכט צו פערשטעהן דעם רייץ וואָס זי האָט געהאַט פאַר דער אינטעליגענטער יוגענד פון יענער עפּאָכע; אָבער ווען מיר וואָלטען ניט געוואוסט וואָס פאַר א וואונדערבאַרע תשוקה־אנציהונג די רענעסאנס עפּאָכע (שעקספּיער׳ס צייטען) האָט געהאַט פאַר דער העכסטער קולטור, וואָלטען מיר געווען איבער־ראַשט צו געפינען דאָס „האַמלעט“ איז דאַן געווען די ליעבלינג דראַמע ביי די נידעריגע שיכטען פון דער געזעלשאַפט, אַזוי גוט ווי ביי די העכערע. אַ מערקווירדיגער בעווייז אויף ווי ווייט די דאָזיגע טראַגעדיע און שעקספּיער אַליין זיינען פּאָפּולער געווען אין די יאָהרען גלייך נאָך האַמלעט׳ס אויפפיהרונג, איז אַ בוך פון מע־מוּאַרען, פון אַ קאַפּיטאַן מיט׳ן נאָמען היעלינג פון דעם שיף „דראַגאַן“, וועלכע האָט זיך אין מאָנאַט סעפּטעמבער פון יאָהר 1607 געפונען אין אַפריקאַנישען האַפען פון וואַנען זי האָט געדאַרפט אָבפאָהרען נאָך אינדיען. אָט וואָס עס ווערט געשריעבען אין דעם בוך:

סעפּטעמבער 5. איך האָב געשיקט דעם דאָלמעטשער אויף דער שיף „העקטאָרי“, וואו ער האָט געפרישטיקט. דאַן בין איך אהין געגאַנגען און מיר האָבען אויפגעפיהרט די טראַגעדיע פון האַמלעט.

סעפּטעמבער 30. קאַפּיטאַן האוקינס האָט ביי מיר געגעסען. מיינע קאַמעראַדען האָבען דערנאָך געשפּיעלט „קעניג ריטשאַרד דער צווייטער“.

סעפּטעמבער 31. איך האָב איינגעלאַדען קאַפּיטאַן האוקינס צו אַ פיש־דינער און האָב דערנאָך אויפגעפיהרט „האַמלעט“. איך טהו עס אום מיינע מענשען זאָלען ניט ארומגעהן ליידיג, בעטהייליגען זיך אין אונגעזונצליכע שפּיעלען אָדער שלאָפען.

ווער וואָלט זיך עס געקענט פאָרשטעלען דאָס דריי יאָהר נאָכ־דעם ווי „האַמלעט“ איז געדרוקט געוואָרען, וועט ער זיין אַזוי גוט בעוואוסט און אַזוי בעליעבט צווישען די ענגלישע מאַטראָזען, אַז זיי וועלען איהם קאָנען אויפפיהרען פאַר אייגענעם אונטערהאַלט אָהן פאָרבערייטונגען? דאַרף מען אַ בעסערען בעווייז פאַר זיין אַל־געמיינע פּאָפּולאַריטעט? דאָס גיט אייך אַ ריכטיגען בילד פון דער קולטור פון יענער עפּאָכע. אַ שאָד וואָס שעקספּיער אַליין האָט העכסט וואהרשיינליך דערפון גאָר קיינמאָל ניט געוואוסט.

XI.

האמלעט'ס וואקסענדע בעדייטונג מיט דעם לויף פון דער צייט איז אין דער זעלבער מאָס ווי זיין בעדייטונג אין שעקספּיער'ס יאָהרען. א גרויסע טהייל פון דער פּאָעזיע פון דעם 19טען יאָהרהונדערט שטאמט פון האמלעט. געטהע האָט איהם איבערגעארבייט און פערטייטשט אין „ווילהעלם מייסטער", און דער איבערגעארבייטער האמלעט איז עהנליך צו פּאוסט. די טריאָ: פּאוסט, גרעטכען און וואלענטין זיינען ווי די טריאָ: האמלעט, אָפעליא און לאערטיס. פּאוסט, איבערגעפּלאנצט אויף דעם ענגלישען באָדען, האָט פּראָדוצירט בייראנ'ס מאנפרעד, אן אמת'ער כאָטש א ווייטער קרוב פון דעם דענישען פּרינץ. די בייראנישע פרוכט האָט אין דייטשלאנד ווידער אָנגענומען א נייע און האמלעטישע פאָרם אין היינע'ס ביטערע און פאנטאסטישע חכמה, אין זיינע האסען און קאפּריזען און אינטעלעקטועלע גרויסקייט. בערנע איז דער ערשטער וואָס האָט אין האמלעט געזעהן דעם דייטש פון זיין אייגענער צייט, א מענש וואָס בעוועגט זיך תמיד אין א צירקעל און איז קיינמאָל ניט פעהיג עטוואָס צו טהאָן. ער פילט אָבער דאָס געהיימניספולע אין דער דראמע און זאָגט אזוי טרעפליך און שעהן: „איבער דעם בילד הענגט א דינער שלייער, מיר ווילען איהם אויפהויבען און בעטראכטען נעהענטער דאָס בילד, אָבער מיר ענטדעקען דאָס דער שלייער אליין איז געמאָלט".

אין פראנקרייך דערמאָנען אונז די העלדען פון אלפרעד דע־מוסע אָן האמלעט'ען. זיי זיינען אויך נערוועז, ברענענדיג ווי פולווער, מיט צובראָכענע פליגעל, מיט א טהעטיגקייט־ספערע וואָס איז צו־קליין פאר זייערע שטרעבונגען און אָהן טהעטיגקייט קרעפטען פאר דער קליינער ספערע, וועלכע איז זיי פריי. אין לארענזאציא, פיעלייכט, דע־מוסע'ס פיינסטער מענער־כאראקטער, איז דער פראנצויזישער האמלעט א בריה אויף אָבנארען, אָפליגען, איז קלוג, איידעל צו פרויען, דאָך קריינקט ער זיי מיט גרויזאמע ווערטער, מיט א קריינקליכען בעגעהר צו בעצאָהלען פאר דער פוסטקייט פון זיין וויסט לעבען מיט איין גרויסער טהאט און וועלכער האנדעלט ענדליך, ווען עס איז שוין צו־שפּעט און אָהן נוצען.

האמלעט, וועלכער האָט מיט יאָהר־הונדערטע פאָרגעשטעלט מיט זיך יונג־ענגלאנד און אין וועלכען מוסע האָט געזעהען יונג־פראנקרייך, איז אין דיא פופציגער יאהרען געוועזען, ווי בערנע האָט עס פאָראויסגעזאָגט, דער אָנגענומענער טיפּ פון דייטשלאנד „האמלעט איז דייטשלאנד", האָט געזונגען פרייליגראטה.

עהנליכע פּאָליטישע אומשטענדען האָט מיטגעבראכט דאָס די פערזאָן האמלעט זאָל אין דער זעלבער צייט, און נאָך מעהר מיט

צוואַנציג יאָהר שפּעטער, בעהערשען די רוסישע ליטעראַטור. זיין איינפלוס קען זיך שפּירען פון פּושקין און גאָגאָל ביז גאָנטשאַראָוו און טאָלסטאָי און ער דרינגט דורך די גאַנצע לעבענס־אַרבייט פון טורגעניעוו. אין דעם פאַל ווערט האַמלעט׳ס ראַכע ־ אויפגאַבע אויסגעלאָזען; די גאַנצע געוויכט ווערט געלייגט אויף דעם אָב־גרונד וואָס ליעגט צווישען די קראַפט צו דיינקען און די קראַפט צו האַנדלען.

אויך אין דער ענטוויקלונג פון דער פּוילישער ליטעראַטור אין דעם ניינצעהנטען יאָהר־הונדערט איז געקומען אַ צייט, ווען די דיכטער זיינען געניינט געווען צו זאָגען: „מיר זיינען האַמלעט! האַמלעט אין פּוילען!“ מיר געפינען די כאַראַקטער שטריכען פון האַמלעט אין די אַלע גרויסע גייסטער פון פּוילען אין העלפט פון יאָהר־הונדערט: אין מיצקעוויטש, אין סלאָוואַצקי, אין קראַסינסקי. פון זייער יוגענד אָן האָבען זיי זיך געפונען אין האַמלעט׳ס לאַגע. די וועלט זייערע איז געווען אין אונאָרדנונג און זיי האָבען מיט זייערע שוואַכע הענד געזוכט זי צורעכט מאַכען. פון איידעלע פאַ־מיליע געבאָרען, מיט נאָבעלע געפיהלען בעגאַבט, האָבען זיי ווי האַמלעט געפיהלט דעם אינערליכען פייער און די אויסערליכע שוואַכקייט פון זייער יוגענד; די אומשטענדען וואָס האָבען זיי אַרומגערינגעלט זיינען פאַר זיי געווען לויטער גרויל. אין איין און דער זעלבער צייט ווילען זיי אי חלום׳ען, אי טאָהן, אי טראַכטען צופיעל, אי שפּרינגען אין געפאַהר.

אַזוי ווי האַמלעט האָבען זיי געזעהען זייער מוטער, דאָס לאַנד וואָס האָט זיי געבוירען, פעראומריינינגט אין די הענד פון אַ קעניג־ליכען רויבער און מערדער. דער הויף, אין וועלכען מען לאָזט זיי צייטענווייז אַריין, וואַרפט אויף זיי אַ שרעק, אַזוי ווי דער הויף פון קעניג קלאַודיוס האָט אַרויפגעוואָרפען שרעק אויף דעם דענישען פּרינץ, אַזוי ווי דער הויף אין קראַסינסקי׳ס „נסיון“ (אַ סימבאָליש בילד פון דעם הויף אין פעטערבורג) וואַרפט שרעק אויף דער יונגער העלדין פון דער פּאָעמאַ. די דאָזיגע קרובים האַמלעט׳ס זיינען, ווי ער, גרויזאַם צו זייער אָפעליאַ און פערלאָזען איהר, ווען זי ליעבט זיי צום טהייערסטען; ווי ער, לאָזען זיי זיך פערשיקען אין פרעמדע לענדער; און ווען זיי ריידען, מאַסקירען זיי זיך ווי ער — פערשטעלען דעם מיין זייערען הינטער פראַזען און משלים. דאָס וואָס האַמלעט זאָגט וועגען זיך קאָן אָנגעווענדעט ווערען אויף זיי: „דאָך בעזיץ איך אין מיר עטוואָס געפעהרליכעס“. די בעזאָנ־דערע פּוילישע אייגענשאַפט, וועלכע שיידט זיי אָב און שטערט זיי, איז ניט זייער נייגונג צו טראַכטען צופיעל, נאָר זייער נייגונג

צו זיין פּאָעטיש. טראַכטען רואינ׳רט דעם דייטש פון דעם דאָזיגען טיפּ; ווילדע אויסגעלאַסענהייט רואינירט דעם האַמלעטישען פראַנצויז; פּוילקייט — חוזק איבער זיך אַליין, פערצווייפלונג — רואינירט דעם רוס; אָבער דער פּאָלאַק איז פערפיהרט פון זיין פּאָעטישע קראַפט. זי רייצט איהם ער זאָל לעבען אָבגעזונדערט פון דעם פּראַקטישען לעבען.

אין האַמלעט׳ס כאַראַקטער איז פאַראַן אַ גרויסע צאָהל פערשיעדענע זייטען. האַמלעט איז דער צווייפלער; ער איז דער מאַן, וואָס איז פער׳משפּט צו אונטהעטיגקייט דורך צופיעל פאָרזיכט, צופיעל איבערלעגונג; ער איז אַ בעשעפעניש פון ריינעם פערנונפט, וועלכער טהוט אמאָל עטוואָס נערוועזעס, און אמאָל איז ער צו נערוועז עפּעס צו טאָהן; און צו לעצט, איז ער דער ראַכע־נעהמער, דער מאַן וועלכער פערשטעלט זיך, כדי זיין ראַכע זאָל זיין ווירקזאַמער. יעדע פון די זייטען פון זיין כאַראַקטער איז ענטוויקעלט אין די ווערק פון די פּוילישע דיכטער.

מיט אַנדערע ווערטער. צוויי הונדערט און פופציג יאָהר נאָך דעם ווי האַמלעט איז געשאַפען געוואָרען אין שעקספּיער׳ס פּאָרשטעלונגס קראַפט, געפינען מיר איהם אַ לעבעדיגען אין דער ענגלישער און פראַנצויזישער ליטעראַטור. מיר געפינען איהם אַלס אַ הערשענדער טיפּ אין דער דייטשער שפּראַך און אין צוויי סלאַווישע שפּראַכען. און היינט, דריי הונדערט יאָהר נאָך זיין געבורט, איז האַמלעט נאָך אַלץ דער אָנפערטרויטער און דער פריינד פון אומעטיגע און בענקענדע נשמות אין יעדען לאַנד. אין דעם איז עטוואָס בעזאָנדערס פאַראַן. מיט אַזאַ דורכדרינגענדען בליק האָט שעקספּיער אויסגעפאָרשט די טיעפעניש פון זיין אייגענער, און אין דער זעלבער צייט, פון דער גאַנצער מענשליכער נאַטור, און אַזוי שטאַרק און פעסט האָט ער געמאָלען די אויסערליכע פאָרמע פון אַלעס וואָס ער האָט דאָרטען געזעהן, דאָס יאָהר־הונדערטער שפּעטער האָבען די מענשען פון יעדען לאַנד און פון יעדער ראַסע דערפיהלט זייערע אייגענע וועזענס אויסגעקנאָטען ווי וואַקס אין זיינע הענד, און האָבען זיך אין זיין דיכטונג דערזעהן ווי אין שפּיגעל.

---

## האַמלעט אַלס דראַמאַ.

לאָמיר איצטער בעטראַכטען האַמלעט אַלס אַ דראַמע אום צו בעקומען דעם גאַנצען איינדרוק פון שעקספּיער׳ס גרויסקייט. לאָמיר פריהער זיך עראינערען די ריין טעאַטראַלישע, די ממשות־

דיג זיכטבארע זייט, וועלכע בלייבט אין זכרון אלס א פאנטאמינע, אלס א שפיעל אָהן ווערטער.

אָט זיינען די בילדער :

די נאכט־וועכטער אויף דער טערראסע פאר'ן שלאָס עלסי־נאר און די ערשיינונג פון דעם גייסט צו די סאָלדאטען און צו די אָפיצירען. דאן אלס קאָנטראסט צו די פראכטפאָל־געקליידטע הויפלייט, די פיגור פון פרינץ אין שווארצען, שטעהענדיג אָבגעזונ־דערט, א לעבעדיג געשטאלט פון הארץ־וועהטאָג; זיין געזיכט בע־צייכענט נשמה און דיינקונגס־קראפט, אָבער זי טראָגט אן אויס־דרוק וואָס שיינט צו זאָגען אז פון איצטער אָן זיינען פרייד און ער איינער פון די אנדערע אָבגעפרעמדט. ווייטער, זיין בעגעגעניש מיט'ן פאָטער'ס גייסט; די שבועה ביים שווערד. דאן זיין ווילדע אויפפיהרונג : אום צו האלטען זיין אויפרעגונג, מאכט ער זיך פאר משוגע. דערנאָך, די פיעסע אין דער פיעסע; דער מאָרד דורכ'ן פאָרהאנג; די שעהנע אפעליא מיט די בלומען און שטרוי אין די האָר, האמלעט מיט יאריק'ס שארבען אין די הענד; דער קאמפף מיט לאערטיס אין אפעליא'ס קבר, א מאָדנער אָבער בעדייי־טונגספאָלער עפיזאָד. אין שעקספיער'ס טהעאטער האָט א שטומע סצענע פאָראויסגעזאָגט אז אימיצער וועט פארגיפטעט ווערען; און דער קאמפף אין קבר איז דאָס די שטומע סצענע, וועלכע זאָגט פאָראויס דעם טוידטליכען צוזאמענשטויס וואָס דארף באלד פאָר־קומען.ביידע וועלען באלד פערשלונגען ווערען אין דעם קבר וואו זיי שטעהען. דאן קומט די דועל סצענע, ווען די קעניגין שטארבט פון די גיפט וואָס דער קעניג האָט צוגעגרייט פאר האמלעטען אי'ן לאָערטיס ווערט געטויט דורך דעם פערגיפטעטען שווערד, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרען פאר'ן פרינץ, וועלכער מיט זיין לעצטער גרויסער אָנשטרענגונג הרג'עט דעם קעניג און פאלט דערנאָך א פערגיפטעטער. דער פינסטערער וואָלקען ארום די אלגעמיינע פער־ניכטונג, ארום די פיער גע'הרג'עטע, ווערט דורכגעריסען פון דעם טריאומף־מארש פון דעם יונגען פארטינבראס, וועלכער ווערט אויך באלד פערוואנדעלט אין לויה מוזיק.

און איצט גיט צו צו די בילדער רייכקייט, וואָס די דראמע האָט פאר דעם אויג, דעם צויבער וואָס זי בעקומט דורך דער סימ־פאטיע וועלכע שעקספיער מאכט אונז פיהלען פאר די הויפט פער־זאָנען, דעם איינדרוק וועלכען ער האָט אונז געגעבען פון די ליידען פון א שטארקען און פיהלענדען גייסט ארומגערינגעלט מיט פאלש־קייט און אויסגעלאסענהייט. האמלעט איז פון דער נאטור געווען אָפענהערציג, ענטהוזיאסטיש, צוטרויליך, ליעבליך. די פאלשקייט

פון אנדערע צווינגט איהם צו זוכען שוץ אין פאלשקייט. די רשעות פון אנדערע טרייבען איהם צו מיסטרויען, און דאָס פערברעכען וואָס איז בעגאנגען געווארען געגען זיין ערמאָרדעטען פאָטער שרייט צו איהם פון יענער וועלט נאָך נקמה.

פון נאַטור איז האמלעט א דיינקער. ער דיינקט ניט בלויז, ווען ער פלאנט א טהאַט, נאָר אויך ווייל ער האָט א ליידענשאפטליכען בעגער צו פארשטעהן זאכען פון אבסטראַקט. ער בענוצט זיך מיט דער טרופע אראָפּצורייסען דיא מאַסקע פון דיא מערדער, דאָך גיט ער די שוישפּיעלער ניצליכע און טיעפע עצות וועגען דער טעכניק פון זייער קונסט. ווען ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן פרעגען איהם די אורזאָך פון זיין מעלאנכאָליע, ערקלעהרט ער זיי מיט טיעפזיניגע ווערטער זיין איינגעוואָרצעלטע טעמ׳לאָזיגקייט פון לעבען.

דער געפיהל וואָס א שטארקער איינדרוק רופט אין איהם ארויס געפינט קיינמאָל ניט קיין אויסדרוק אין דירעקטע קורצע ווערטער. זיינע רעדען בענוצען קיינמאָל ניט דעם קירצערען וועג אויסצודריקען די געדאנקען. זיי בעשטעהען פון שארפזיניגע, ווייט לויפענדע מליצות און וויציגע ווערטלעך, וועלכע שיינען צו האָבען א ווייטע שייכות צו דעם ענין. סאַרקאַסטישע און רעטזעלהאַפטע פראזען בעהאַלטען זיינע געפיהלען. די דאָזיגע מאַסקע ווערט אויף איהם ארויפגעצוואונגען דורך די שטארקייט פון זיינע געפיהלען; אום זיך ניט צו פערראַטען, ניט אונטערצוגעבען זיך צו די שמערצען וואָס ער ליידט, מוז ער די געפיהלען דערשטיקען אין פאַנטאַסטישע און שרייענדע פראזען. דערפאַר שרייט ער אויס נאָכדעם ווי ער זעהט דעם גייסט: „הא, הא, יונג! קום, פויגעל, קום אהער!“ און דערפאר אויך, נאָכדעם ווי די פאָרשטעלונג האָט געווירקט דער קעניג זאָל זיך ארויסגעבען, שרייט ער אויס: „אָה, הא! מוזיק אהער, אהער מוזיק!“ זיין געמאַכטע משוגעת איז בלויז א בכיון׳דיגע איבערטרייבונג פון דער ווירקליכער טענדענץ צו משוגעת.

דער שרעקליכער סוד וואָס פאר איהם איז ענטפּלעקט געוואָרען האָט אומגעווארפען זיין גלייכגעוויכט. די מאַסקע פון משוגעת גיט איהם די מעגליכקייט צו געפינען טרויסט און אויסדריקען אינ־דירעקט דאָס וואָס איהם פייניגט צו זאָגען דירעקט. און אין דער זעלבער צייט ווענדט אָפּ זיין געמאַכטע משוגעת די אויפמערקזאַמ־קייט פון דער אמת׳ער אורזאָך פון זיין טיעפער מעלאַנכאָליע. אין גאַנצען נארט ער מיט זיינע ווילדע רייד ניט אָפּ די צוהערער. אין זיין אומגעבונג איז דער פאַנטאַסטישער און וואַגענדער סארקאַזם

אַ גאַנץ נאַטירליכער וועג אויסצודריקען די אויפרעגונג וואָס די מוראדיגקייט האָט אין איהם געשאַפען: „דאָס איז טאַקע משוגעת; אָבער אויסגערעכענטער". אָבער די ווילדעסטע אויפרעגונג אין וועלכע די האַנדלונג פון די אַרומיגע שליידערען איהם אַריין ווערט צייטענווייז איינגעשטילט; דאָס פּאַסירט ווען ער פיהלט די נויטווענדיגקייט פאַר גייסטיגע אָנשטרענגונג — אַ בעגעהר וועלכען ער בעפרידיגט אין איינזאַמען דענקען וואָס דריקט זיך אויס אין זיינע מאָנאָלאָגען.

ווען זיין צאָרן ווערט אויפגערודערט, איז איהם שווער זיך צו קאָנטראָלירען. נערוועזע אויפרעגונג איז פעראַנטוואָרטליך פאַר זיין בעפעהל צו אפעליא, אַז זי זאָל זיך פאַרשליסען אין אַ קלויסטער; און אַן אויסברוך פון נערוועזע ווילדקייט איז פעראַנטוואָרטליך פאַר פּאָלאָניוסעס מאָרד. אָבער געוויינליך לאָזט ער אויס זיין כעס צו זיך אַליין. טראָץ דעם וואָס ער גלויבט, אַז ער איז געצוואונגען צו פערשטעלען זיך און היטען זיך, איז ער אימער אין אַ פיבער־האַפטען אונגעדולד און הערט ניט אויף צו טאַדלען און חוזק מאַכען פון זיך אַליין פאַר זיין ניט־האַנדלען, אַזוי ווי דאָס וואָלט ווירקליך געקומען פון גלייכגילטיגקייט אָדער פּחדנות.

פון נאַטור איז ער אָפענהערציג און וואַרעם־הערציג; ער רעדט צום וועכטער אויף דער טערראַסע ווי צו אַ חבר; ער איז פון אָנפאַנג העפליך צו זיינע אַלטע בעקאַנטע ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן; ער איז ליעבליך און פריינדליך אָהן שום גאוה צו דער טרופּע שוישפּיעלער. אָבער ביטערע, ווייטאָגליכע ערפאַהרונגען האָבען איהם פּלוצלונג אָנגעטאָהן אַ שלאָס אויפ'ן מויל; און אַזוי שנעל ווי ער האָט אויף זיך אָנגעטאָהן די מאַסקע, בעמערקט ער, אַז מען שפּיאָנירט איהם נאָך; אַפילו זיינע פריינד און די פרוי וועלכע ער ליעבט, זיינען אויף דער זייט פון זיינע געגנער, און כאָטש ער גלויבט אַז זיין לעבען איז אין געפאַהר, פיהלט ער, דאָס ער מוז שווייגען און וואַרטען.

די מאַסקע פון זיין משוגעת איז אָפט ניט מעהר ווי אַ דינער שלייער. צוליעב די צושויער, האָט שעקספּיער געמוזט מאַכען די מאַסקע דורכזיכטבאַר, כדי זי זאָל ניט דערעסען.

לעזט די קלוגע ענטפערס וואָס האַמלעט גיט פּאָלאָניוסען אין צווייטען אַקט, אין דער סצענע וואָס פאַנגט זיך אָן מיט די ווערטער: „וואָס לעזט איהר, פּרינץ?" „ווערטער, ווערטער, ווערטער". אין די דאָזיגע שאַרפע רייד איז ניטאָ קיין סימן פון משוגעת. ערשט צום סוף, אום אָבצושאַפען דעם עפעקט פון די פריהערדיגע רייד, שליסט ער מיט די ווערטער: איהר, מיין הערר, וואָלט אויך

געוואָרען אַלט ווי איך, און איהר וואָלט געקאָנט קריכען הינטערווײלעכם ווי אַ קראב".

האַמלעט האַלט אין איין בעשולדיגען זיך אַליין, וואָס ער טהוט ניט זיין פליכט. דאָס הייסט ניט אַז שעקספּיער האָט איהם ווירקליך פערמשפּט, איהם פאַראַורטהיילט פאַר זיין שוואַכקייט. האַמלעט איז אונגעדולדיג מיט זיין אייגענער נאַטור; ער דורשט נאָך גערעכטיגקייט; און דאָס ציהט פון איהם אַרויס די ביטערע ווערטער. שעקספּיער מיינט ניט דורך זיי צו בעשטימען האַמלעט'ס שולד.

מאַנכע קריטיקער זיינען מיט דער מיינונג, דאָס וועגען האַמלעט'ס שולד אָדער אונשולד איז ניטאָ וואָס צו ריידען, ווייל ער איז משוגע. זיי האַלטען, דאָס זיין משוגעת איז ניט קיין געמאַכטע— נור אַ ריכטיגע. זיי זעהען אמת'ע משוגעת אין זיין קרענקליכע מרה־שחורה; זיינע מאָדנע און צוטומעלטע ווערטער נאָך די ערשיינונג פון גייסט; זיין ניט פיהלען קיין שום פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר דעם טויט פון פּאָלאָניוס, ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן, אין וועלכע ער איז געווען דירעקט אָדער אונדירעקט שולדיג, זיין מורא אַז קלאַדיוס וועט אַריין אין הימעל אויב ער וועט איהם הרגנ'ען אין מיטען זיין תפילה; זיין ברוטאַליטעט צו אָפעליע'ן, זיין שטענדיגער פערדאַכט און אַזוי ווייטער. אָבער די וואָס זעהען אמת'ע משוגעת אין די אַלע פּאַסירונגען, פאַרשטעהען שלעכט שעקספּיער'ס אמת, אַז האַמלעט בענוצט זיין מאַסקע ניט אַזוי קאַלט און סיסטעמאַטיש ווי עדגאַר אין „קעניג ליער"; אָבער דאָס איז קיין אורזאַך ניט ווארום זיין גייסטיגער עקסטאַז זאָל מיספערשטאַנען ווערען אַלס משוגעת. האַמלעט בענוצט זיך מיט זיין משוגעת אויסצופיהרען זיין ראַכע־פּלאַן.

מיר ווילען ניט בעהויפּטען, דאָס די משוגעת מאַכט לייכטער זיין אויפגאַבע ראַכע צו נעהמען; פערקעהרט, זי שטערט איהם, ווייל דורך איהר ווערט ער אַראָבגעפיהרט פון גלייכען וועג. ער יוכט דורך איהר זיין געהיימניס צו בעהאַלטען. אָבער נאָך דער פאָשטעלונג ווייס עס שוין דער קעניג, און כאָטש האַמלעט מאַכט זיך נאָך פאַר משוגע, איז עס איהם נוצלאָז, ווייל זיין סוד איז אויפגעדעקט, זוכט האַמלעט, אויף דעם בעפעהל פון גייסט, צו דערוועקען אין זיין מוטער דעם געפיהל פון שאַנד און איהר אָבצורייסען פון קעניג. אָבער דערווייל ערמאָרדעט ער פּאָלאָניוסען דורך אַ טעות, און ער ווערט געשטעלט אונטער אַ וואַך און אַוועקגעשיקט. ער מוז זיין ראַכע פּלאַן אויף דערווייל פאָרט אָפּלעגען.

איבערזעצט פון **הלל ראָגאָף.**

## XVIII.

## פ ע ר ז אָ נ ע ן :

קלאוּדיוס, קעניג פון דענעמאַרק.
האַמלעט, זוהן פון פערשטאָרבענעם און נעפע צום איצטיגען קעניג.
פּאָלאָניוס, קעניג׳ס ראַטגעבער.
האָראַציאָ, האַמלעט׳ס פריינד.
לאַערטיס, פּאָלאָניוס׳עס זוהן.

וואָלטימאַנד
קאָרנעליוס
ראָזענקראַנץ
גילדענשטערן
אָסריק
אַדעלמאַן
} הויף־לייט.

אַ גלח.

מאַרצעלוס
בערנאַרדאָ
} אָפיצירען.

פראַנציסקאָ, אַ זעלנער.
ריינאַלדאָ, פּאָלאָניוס׳עס אַ דיענער.
שוישפּיעלער.
צוויי קברנים.
פאָרטינבראַס, פרינץ פון נאָרוועגען.
אַ קאַפּיטאַן.
ענגלישע געזאַנדטע.
גערטרודאַ, קעניגין פון דענעמאַרק און האַמלעט׳ס מוטער.
אָפעליאַ, פּאָלאָניוס׳עס טאָכטער.
הערען, דאַמען, אָפיצירען, זעלנער, מאַטראָזען, שלוחים, און אַנדערע.
גייסט פון האַמלעט׳ס פאָטער.

אָרט : דענעמאַרק.

ערשטער אקט. — ערשטע סצענע.

עלסינאָר, אַ טעראַסע פאַר׳ן שלאָס.

(פראַנציסקאָ אויף דער וואַך. בערנאַרדאָ קומט אַן.)

בערנאַרדאָ. ווער איז?
פראַנציסקאָ. דו בעסער ענטפער מיר: ווער געהט?
בערנאַרדאָ. לאַנג לעבען לעבען זאָל דער קעניג!
פראַנציסקאָ. דו, בערנאַרדאָ?
בערנאַרדאָ. איך.
פראַנציסקאָ. קומסט פּינקטליך צום מינוט.
בערנאַרדאָ. ס׳האָט צוועלף געשלאָגען;
קאָנסט שלאָפען געהן, פראַנציסקאָ.
פראַנציסקאָ. בעסטען דאַנק.
ס׳איז אונערטרעגליך קאַלט דאָ היינט צו נאַכט
און כ׳פיהל זיך ניט ביים מוט.
בערנאַרדאָ. איז אַלץ דאָ שטיל געוועזן?
פראַנציסקאָ. שטיל, ווי אין קבר. נו, פערבלייב געזונד;
אַ גוטע נאַכט.
בערנאַרדאָ. אויב דו וועסט טרעפען וואו
די פריינד מארצעלוס און האָראַציאָ,
זאָלסטו זיי בעטען שנעלער קומען דאָ.
פראַנציסקאָ. איך גלויב, דאָ קומען זיי. העי דאָרט, ווער געהט?
(האָראַציאָ און מארצעלוס קומען אַן.)
האָראַציאָ. פריינד פון׳ם פאַטערלאַנד.
מארצעלוס. און אונטערטהאַנען פון׳ם קעניג.
פראַנציסקאָ. אַ גוטע נאַכט אייך.
מארצעלוס. געה געזונד, מיין פריינד.
ווער האָט דיין פּלאַץ פערנומען דאָ?
פראַנציסקאָ. בערנאַרדאָ. אַ גוטע נאַכט. (אַב.)
מארצעלוס. בערנאַרדאָ!
בערנאַרדאָ. דו ביזט דאָ, האָראַציאָ?
האָראַציאָ. איין טהייל פון איהם איז דאָ!

בערנאַרדאָ. זיי ווילקאָמען, האָראַציאָ, אויך דו, מאַרצעלוס.
מאַרצעלוס. איז ווידער היינט ביי נאַכט דאָס בילד ערשינען?
בערנאַרדאָ. דערווייל נאָך ניט.
מאַרצעלוס. האָראַציאָ זאָגט, ס'איז נור אַן איינבילדונג
און וויל ניט גלויבען אין דעם בילד פון שרעק,
וואָס מיר האָבען צוויי נעכט פאַר אונז געזעהן.
דעריבער האָב איך איהם אַהער געלאַדען,
זאָל ער מיט אונז צוזאַמען האַלטען וואַך
דאַמיט, ווען ווידער וועט דאָס בילד ערשיינען —
זאָל ער אַליין אין דעם זיך איבערצייגען.
האָראַציאָ. ס'איז נאַרישקייט, ס'וועט ניט ערשיינען.
בערנאַרדאָ. זעץ דיך צו —
און לאָמיר נאָך אַמאָל דיין אויער, וואָס איז טויב
פאַר אונזער וואונדערבאַרע זעהונג, אויפטרייסלען
מיט דעם וואָס מיר האָבען צוויי נעכט געזעהן.
האָראַציאָ. גוט, זיצען מיר — און לאָמיר אויסהאָרכען
וואָס ס'האָט בערנאַרדאָ צו דערצעהלען אונז.
בערנאַרדאָ. די לעצטע נאַכט, ווען יענער זעלבער שטערען
וואָס ליגט צו מערב זייט פון פאָל — געגאַנגען איז
זיין וועג, בעלויכטען יענעם טהייל פון הימעל
וואו ס'ברענט אַצינד — האָב איך און אויך מאַרצעלוס —
דער גלאָק האָט נור וואָס אויסגעקלונגען איינס —
(דער גייסט ערשיינט.)
מאַרצעלוס. שאַ, שטיל! ניט רייד! אָט קומט עס ווידער אָן!
בערנאַרדאָ. אין אויסזעהן גלייך צו אונזער טויטען קעניג!
מאַרצעלוס. דו ביזט געלערנט: רייד צו איהם, האָראַציאָ!
בערנאַרדאָ. איז'ס ניט דאָס בילד פון קעניג? זאָג. האָראַציאָ!
האָראַציאָ. צוויי טראָפּען וואַסער. ס'אַראָ שרעק און וואונדער!
בערנאַרדאָ. ער וואַרט, מען זאָל צו איהם זיך .ווענדען.
מאַרצעלוס. דו רייד צו איהם, האָראַציאָ!
האָראַציאָ. ווער ביזטו וואָס בעהערשט די האַלבע נאַכט,
פערקליידט אין שעהן און קריעגעריש געשטאַלט
אין וועלכער ס'פלעגט זיין גרויסקייט, דענמאַרק'ס קעניג,

ארומגעהן אויף דער וועלט, ווען ביי זיין לעבען?
כ'בעשווער דיך אין גאט'ס נאמען: זאג, ווער ביזטו?
בערנארדא. זעהסט, עס ווערט פערשוואונדען!
האראציא. שטעה! רייד! כ'בעשווער דיך נאך אמאל: שטעה, רייד!

(דער גייסט פערשווינדט.)

מארצעלוס. עס איז פערשוואונדען; ס'וויל ניט ענטפערען.
בערנארדא. וואס זאגסטו איצט, האראציא. ביזט בלייך,
דו ציטערסט? איז האס בלויז אן איינבילדונג?
וואס דיינקסטו איצט פון דעם?
האראציא. איך שווער ביי גאט,
איך וואלט עס ניט געגלויבט, ווען איך זאל ניט
די אייגענע אויגען מיינע טרויען.
מארצעלוס. איז עס ניט עהנליך אויף דעם טויטען קעניג?
האראציא. ווי דו אויף זיך אליין.
ער טראגט דעם זעלבען פאנציר פונקט ווי דאמאלס
ווען ער האט מיט דעם שטאלצען נארוועג זיך פערמאסטען;
און בייז איז זיין געזיכט, פערוואלקענט, פונקט ווי דאן
ווען ער האט אויפ'ן אייז דאס פוילען-פאלק בעזיעגט.
ס'איז זאנדערבאר!
מארצעלוס. אזוי איז ער צוויי מאל
אין טיעפער טויטער שעה פון האלבער נאכט
מיט שטאלצע טריט פאר אונזער וואך פארביי.
האראציא. מיט וואס ערקלערען זיך דעם וואונדער וויים איך ניט;
נור איין זאך פיהל איך — אז דאס בילד זאגט פאר
א גרויסע איבערקעהרעניש פאר אונזער שטאאט.
מארצעלוס. נו זעצט אייך און ערקלערט מיר, דער וואס ווייסט;
נאכוואס די שטרענגע פארזיכטיגע וואך,
וואס מאטערט אויס די איינוואוינער פון לאנד?
קאנאנען ווערען טאג פאר טאג געגאסען,
און קוילען ווערען פון דער פרעמד געבראכט;
זאגט, וואס בעטייט די ארבייט ביי די שיפען
וואס מאכט קיין אונטערשייד פון וואך ביז טעג פון רוה?

וואָס איז אַזוינס וואָס שפּאַנט דעם פאָלק אין יאָך
און צווינגט איהם אַרבייטען סיי טאָג, סיי נאַכט?
ווער קאָן דאָס מיר דערקלערען?

**האָראַציאָ.** דאָס קאָן איך.
דער קלאַנג אַם וויינינגסטען. דער לעצטער קעניג —
דאָס בילד פון וועלכען איז נור וואָס ערשינען —
איז, ווי איהר ווייסט, געווען אַרויסגערופען
צו אַ געפעכט דורך פאָרטינבראַס פון נאָרוועגען —
גערעגט דערצו פון שטאָלץ און אייפערזוכט.
אין דעם געפעכט האָט אונזער בראַווער האַמלעט —
אַזוי האָט איהם די גאַנצע וועלט געהאַלטען —
זיין פיינד געטויט; דורך דעם האָט פאָרטינבראַס
פערלאָרען מיט זיין לעבען זיינע לענדער,
לויט נאָך אַ געגענזייטיגען בעשלוס
פערזיעגעלט מיט די קעניגליכע זיעגלען —
אין פאַל פון טויט געהערט אַלץ צו דעם זיעגער.
אויך אונזער קעניג האָט אַלץ איינגעשטעלט
אין פאַל פון נידערלאַגע: וואָלט ער פאַלען —
וואָלט אויך זיין לאַנד צו פאָרטינבראַס אריבער.
אַצינד האָט זיך דער יונגער פאָרטינבראַס,
פלאַם־פייעריג זיין יונגעם האַרץ, גענומען,
צונויפגעיאָגט אַ מחנה וואַגאַבונדען
פון יעדען ווינקעל פון נאָרוועגען־לאַנד
וואָס זיינען גרייט צו יעדער אונטערנעמונג
פאַר ברויט און קלייד — און ס'איז ניט עפּעס אַנדערש —
ווי עס איז וואויל בעוואוסט צו אונזער שטאַאַט —
ווי אָבצונעהמען דורך אַ זיעג אין שלאַכט
די לענדער וואָס זיין פאָטער האָט פערלאָרען.
דעריבער גרייט מען זיך אַצינד צו קריעג:
מען גיסט קאַנאָנען, ס'ווערט פערשטאַרקט די וואַך,
און ס'הערשט אַן אומרוהע אין דעם גאַנצען לאַנד.

**בערנאַרדאָ.** און איך גלויב אויך, אַז ס'איז ניט עפּעס אַנדערש:
דאָס שטימט אויך איין מיט די ערשיינונג,

וואָס האָט צו אונז פון קבר זיך בעוויזען —
אזוי שטארק עהנליך צו דעם טויטען קעניג,
וואָס איז געוועזן די אורזאך פון דעם קריעג.
האָראַציאָ. דאָס איז אַ פלעק וואָס פאַלט אויפ'ן געוויסען.
אין העכסטען, שעהנסטען פּאַלמענשטאנד פון רוים,
קורץ פאר דעם פאַל פון גרויסען יוליוס —
דאַן האָבען קברים זיך צועפענט פּלוצים,
און טויטע, איינגעהילט אין ווייסען, האָבען
זיך אין די גאַסען פון שטאָדט רוים ארומגעשלייכט.
עס האָבען זיך בעוויזען פלעקען אויף דער זון,
די שטערען האָבען דאַן געשפּריצט מיט פייער,
דער טוי אין בלוט, און יענער פייכטער שטערען
אויף וועמען נעפּטונ'ס הערשאַפט האַלט זיך אָן —
געוואָרען איז פערדונקעלט, קראַנק, ווי ס'וואָלט
געוועזן נאָך פאַר דעם ערשטען טאָג פון וועלט־בעשאַף.
אויך אונז האָבען אַצינד די ערד און הימעל
געשיקט אַ צייכען פאָרצוזאָגען וואונדער
וואָס גרייטען זיך בעפאַלען אונזער שטאַאַט.
(דער גייסט ערשיינט ווידער.)
נור האַלט! ווארט אוים! אָט קומט עס ווידער אָן!
איך מוז עס אָבהאַלטען — מאָג איך דערפאַר
בעצאָהלען מיט מיין לעבען! — שטעה! דו, זעהונג!
האָסטו אַ שטים און קאָנסט דיין שטים געברויכען —
טאָ רייד צו מיר:
אויב איך קאָן עפּעס גוטעס טהאָן פאַר דיר,
וואָס קאָן דיר שאַפען רוה און עהרע — מיר;
טאָ רייד צו מיר:
איז דיר דער שיקזאַל פון דיין לאַנד בעוואוסט
און קאָנסט פערמיידען וויסענדיג פון אומגליק —
אָ, רייד!
האָסטו וואו אוצרות אין דער ערד פערגראָבען
און קאָנסט דערפאַר ניט קומען צו דיין רוה,
און וואַנדערסט אויף דער ערד אָרום דורך נעכט —

אַ, רייד! אַ, רייד!

(דער האָהן קרעהט.)

דו שטעל איהם אָב, מארצעלוס!

מארצעלוס. צי זאָל איך שליידערען אויף איהם מיין שפּיעז?

האראציאָ. יאָ; אויב עס וויל ניט שטעהן.

בערנאַרדאָ. ס'איז האָ!

האראציאָ. ס'איז דאָרט!

(דער גייסט פערשווינדט.)

מארצעלוס. עס איז פערשוואונדען —

בעליידיגט האָבען מיר דעם קעניגליכען גייסט

מיט דעם וואָס מיר האָבען געוואָלט איהם צווינגען;

ווייל אונבעריהרבאר איז דער שאָטען, ווי די לופט

און אונזער דראָהען מיינט בעליידיגונג.

בערנאַרדאָ. ער האָט געוואָלט וואָס ריידען — האָט דער האָהן געקרעהט.

האראציאָ. און אויפגעשוידערט האָט ער ווי א זינדער

צום רוף פון גיהנם־טהאָל. איך האָב געהערט,

דער האָהן, וואָס איז דער וועקער פון פריהמאָרגען,

וועקט מיט זיין הויכען שרייענדיגען קול

דעם גאָט פון יונגען טאָג, און אויף זיין ווארנונג,

אין פייער צי אין וואסער, לופט צי ערד

די בלאָנדזשענדיגע גייסטער איילען פלינק

צוריק צו זייער רוה — אז דאָס איז וואָהר,

האָט איהר פון דעם געקאָנט זיך איבערצייגען.

מארצעלוס. פערשוואונדען איז ער מיט'ן קרעה פון האָהן.

מען זאָגט, אז אויף דער נאכט פון אויסלעזער'ס געבורט

זינגט דורך דער האָהן די גאנצע לאַנגע נאכט;

עס בלאָנדזשען דאַן קיין גייסטער ניט ארום,

די נעכט זיינען געזונד, די שטערען קלאָר,

און ס'האָט קיין צויבערקראפט די שליטה ניט —

אזוי איז יענע צייט געהייליגט און געבענשט.

האראציאָ. כ'האָב אויך געהערט און גלויב צום טהייל אין דעם

נור זעהט: דער מאָרגען איינגעהילט אין פּורפּור־קלייד

שפּאַנט אויף דעם טהוי פון יענע מזרח-בערג.
מיר קאָנען געהן אצינד, און מיין ראַט איז:
מיר זאָלען אַלץ וואָס מיר האָבען געזעהן ביינאַכט
דערצעהלען האַמלעט'ען; איך שוואָר ביים לעבען,
דער גייסט, פאַר אונז א שטומער, וועט פאַר איהם
זיך עפענען. צי זייט איהר איינשטימיג,
מיר זאָלען האַמלעט'ען דערפון דערצעהלען,
ווי ס'הייסט אונז אונזער פליכט און אונזער ליעבע?
מארצעלוס. געוויס; מיר בעטען אייך. כ'וויים אויך גענוי
וואו מיר קאָנען היינט-מאָרגענס איהם געפינען. (אָב.)

---

## צווייטע סצענע.

### אַן אויפנאַהמס-צימער אין שלאָס.

(אַ דענישער מאַרש. עס טרעטען אויף: דער קעניג, קעניגין, האַמלעט, פּאָלאָניוס, לאַערטיס, וואָלטימאַנד, קאָרנעליוס, הויפליים און אַנדערע.)

קעניג. ווי טהייער און ווי פריש עס זאָל ניט זיין
דער אָנדיינקען פון האַמלעט, אונזער ברודער;
ווי ס'זאָל דאָס הארץ ניט זיין אין טיעפען טרויער,
און אונזער גאַנצע ברייטע קעניגרייך
איין טיעפער אויסדרוק פונ'ם גרויסען לייד —
האָט דאָך אונזער פערשטאַנד בעזיעגט נאַטור,
אַז מיר זאָלען פערנינפטיג טרויערען,
דערביי אָן אונז אַליין זיך ניט פערגעסען.
דעריבער האָבען מיר אונזער גערטרודא'ן —
וואָס איז אַמאָל געוועזען אונזער שוועסטער
און קעניגין אצינד — די הערשערין
פון אונזער שטאָלצען קריגערישען שטאַאַט,
מיט אונטערדריקטער פרייד, אַזוי צו זאָגען,
מיט טרערען אין די אויגען פול מיט גליק,
מיט פרייד געזאַנגען אויף דעם ברודער'ס קבר

און מיט לויה קלאַנגען אויף דער האָכצייט,
אויף גלייכע שאָלען וועגענדיג די לייד און פרייד —
גענומען זי צום ווייב. געטהאָן אין איינקלאַנג
פון אייער קלוגען ראַט, וואָס האָט דערויף
געפעליגסט איינגעשטימט. דערפאַר — מיין דאַנק.
איצט וועלען מיר צו עפּעס אַנדערש איבערגעהן;
איך איז בעקאַנט: דער יונגער פאָרטינבראַס —
קאָן זיין ווייל ער שעצט אונטער אונזער ווערטה,
צי ווייל ער מיינט, דורך אונזער ברודער'ס טויט
צופאַלען איז דער בונד און מאַכט פון אונזער שטאַאט —
טראָגט זיך מיט נאַרישע חלומות אום,
און הערט ניט אויף בעלעסטיגען מיט שלוחים,
פערלאַנגענדיג צוריק די אַלע לענדער,
פערלאָרען דורך זיין פאָטער ביים געזעץ
צו אונזער בראַוועז ברודער. נו, גענוג דערפון.
אַצינד וואָס מיר האָבען פעררופען איך:
די זאַך איז די: מיר האָבען דאָ געשריבען
צום אַלטען גרייז-גרויען מאָנאַרך פון נאָרוועגען,
וואָס ליגט אַ קראַנקער, צוגעבונדען צו זיין בעט —
און האָט קיין אַהנונג פון זיין נעפע'ס פּלענער —
ער זאָל זאָפאָרט דעם אויפשטאַנד אונטערדריקען,
און וואָס נאָך מעהר, דערפאַר וואָס אַלע קאָסטען
צו אויסהאַלטען די זעלנער, זיי בעוואָפענען —
זיי פאַלען דאָך אויף זיינע אונטערטהאַנען.
דעריבער שיקען מיר איך דאָרט אַצינד —
איך, וואָלטימאַנד, און איך קאָרנעליוס,
איהר זאָלט מיין גרוס צום אַלטען קעניג טראָגען.
איהר זייט בעפאָלמעכטיגט ניט אַנדערש האַנדלען
ווי נור לויט אונזער קעניגליכען וואָרט.
נו, געהט מיט גליק! זאָל אייער שנעלער וועג
בעווייזען אייער פערטיגקייט צום דיענען.
וואָלטימאַנד און קאָרנעליוס. מיט לייב און לעבען פערטיג איך
צו דיענען!

קעניג. מיר צווייפלען ניט אין דעם. א גוטע רייזע.
(וואלטימאנד און קארנעליוס אב.)
אצינד, לאערטיס, וואס האסטו צו זאגען?
האסט עפעס וואס פערלאנגט: וואס איז, לאערטיס?
דו קאנסט ניט ריידען פון פערנונפט צו מיר
און זאלסט אומזיסט ארויסווארפען דיין ווארט;
זאג, וואס איז דיין בעגעהר, לאערטיס,
וואס איך זאל ניט ערפילען איידער דו פערלאנגסט?
דער קאפ איז ניט מעהר נעהענטער צום הארצען,
די האנד איז ניט מעהר דיענסטפערטיג צום מויל
ווי פאר דיין פאטער איז דער טהראן פון דענעמארק —
וואס איז דיין וואונש, לאערטיס?
לאערטיס. גרויסער קעניג!
איך בעט ערלויבניש געהן צוריק נאך פראנקרייך,
פון וואנען כ'בין נאך דענעמארק געקומען
ארויסצייגען מיין פליכט ביי אייער קרוינונג.
און איצט, כ'מוז מודה זיין, מיין פליכט ערפילט —
ציהט ווידער מיך מיין הארץ אהין, נאך פראנקרייך,
און גארט נאך אייער גנעדיגער ערלויבניש.
קעניג. וואס זאגט דיין פאטער? וואס זאגסטו, פאלאניוס?
פאלאניוס. ער האט מיט זיינע צודרינגליכע ביטען
מיין צושטימונג דערצו ארויסגעפרעסט —
און איך בין איינגעגאנגען אויף זיין וואונש.
ערלויבט איהם, מאיעסטעט, אונז צו פערלאזען.
קעניג. נוץ אויס די ערשטע בעסטע שעה. ביזט פריי.
און טהו, ווי עס איז דיר אליין געפעלען.
אצינד, מיין נעפע האמלעט און מיין זוהן —
האמלעט. (אן א זייט) אביסעל מעהר ווי זוהן און ווינציגער ווי פריינד.
קעניג. וואס? הייננגט נאך אלץ דער וואלקען איבער דיר?
האמלעט. א, ניין! איך בין שוין צופיעל אויף דער זון.
קעניגין. פערוואָרף, מיין גוטער האמלעט, שוין דיין טרויער
און זאל דיין אויג אלס פריינד פון דענמארק בליקען.

ווי לאַנג נאָך מיט אַראָבגעלאָזטע אויגען
ווּעסטו אין שטויב דיין טויטען פאָטער זוכען?
דו ווייסט דאָך וואויל, אַז אַלץ וואָס לעבט מוז שטאַרבען
און מוז אַריבערגעהן אין אייביגקייט.
האַמלעט. יאָ, אַלץ מוז שטאַרבען.
קעניגין. אויב ס'איז יאָ אַזוי —
וואָס ווייזט עס אויס מיט דיר צו זיין גאָר אַנדערש?
האַמלעט. ווייזט אויס? אָ, ניין, געטרייע מוטער,
פאַר מיר איז גאָר ניט ווערטה וואָס ס'ווייזט זיך אויס.
ניין, מוטער, ניט מיין שוואַרצער טרויער־מאַנטעל,
און ניט דאָס אומעטיגע פאַרב פון טרויער,
און אויך דער זיפץ ניט פון פערקלעמטען אָטהעם,
און ניט די קוואַלען טרערען פון די אויגען —
און ניט דאָס טרויעריגע אויסזעהן פון געזיכט —
קיין איינער פון די אַלע טרויער־צייכען
זאָגט ניט דעם אמת; אַלץ קאָן אָבנאַרען,
דאָס זיינען זאַכען וואָס אַ מענש קאָן שפּיעלען;
נור עפּעס טיעפערס פון דעם אַלעם טראָגט מיין האַרץ:
אָט דאָס איז נור דאָס קלייד, די ציערונג פון מיין שמאַרץ.
קעניג. ס'איז שעהן און ליבענסווערטה פון דיין זייט, האַמלעט,
אַזוי פיעל טרויער פאַר דיין פאָטער צו בעווייזען —
פערגעס ניט אָבער, אויך דיין פאָטער האָט
דעם זייניגען פערלאָרען; זיינע קינדער
זיי האָבען אויך געטרויערט; אָבער אָנהאַלטען
אַזוי לאַנג טרויער אין אַזאַ פערצווייפלונג —
איז בלויז עקשנות. ס'איז נישט מענעריש;
דאָס צייגט אַ גייסט, וואָס בויגט זיך ניט צו גאָט,
אַ שוואַכעס האַרץ, אַ נידריגען געמיט,
אַ ניט פּאָלירטען, ניט געלערענטען פערשטאַנד;
דען וואָס מיר אַלע ווייסען איז דאָך איינפאַך
און ס'קאָן דאָך איינפאַכער פון דעם ניט זיין —
פאַרוואָס נאָך זאָלען מיר אין בייזען ווידערשטאַנד
אַזוי עס נעהמען זיך צום האַרצען? ניין!

ס'איז זינד אַנטקעגען גאָט, עס איז אַ זינד
אַנטקעגען דעם פאַרשטאָרבענעם, און זינד
אַנטקעגען דעם פאַרשטאַנד, וואָס האָט פון אייביג אָן
געפּריידיגט אויף דער ערד דעם טויט פון פאָטערס,
פון ערשטען ביז צום היינט פאַרשטאָרבענעם:
„אזוי מוז זיין". מיר בעטען דיך, דאַרום:
וואַרף צו דער ערד דיין אונפּרוכטבאַרען טרויער.
דו וועסט אין אונז אַ נייעם פאָטער אויסזוכען.
איך מאַך בעקאַנט איצט פאַר דער גאַנצער וועלט:
דו ביזט דער טהראָנפאָלגער פון אונזער קעניגרייך.
און ניט מיט מינדער אדעלקייט און ליעבע
ווי די, וואָס צייגט זיין זוהן דער בעסטער פאָטער,
וועל איך דיר איינטהיילען. אצינד, דיין וואונש
צוריקצוגעהן אין שוהל נאָך וויטענבערג —
איז דאָס אין גאַנצען קעגען אונזער וואונש;
מיר בעטען דיך — פערבלייבען דאָ מיט אונז,
בעליעבט, אין מילדען שיין פון אונזער אויג,
אלס אונזער ערשטער הויפהערר, נעפע, זוהן.

קעניגין. לאָז ניט דיין מוטער איהר געבעט פערלירען —
בלייב דאָ מיט אונז — ניט געה נאָך וויטענבערג.

האמלעט. איך וועל אייך וויליג נאָכגעבען, מאדאם.

קעניג. דאָס איז אַ ליעבער און אַ טרייער ענטפער.
דו פיהל זיך אַזוי גוט ווי מיר אין דענעמארק.
איצט קום, גערטרודא; האמלעט'ס צושטימונג
זי שמייכעלט פריידיג אין מיין הארצען טיעף.
זאָל הילכיג זיך צוגיסען דער קאַנאָן,
און זאָל ער ביז צום וואָלקען זיך דערטראָגען
און זאָל דעם הימעל'ס דונער ענטפערען:
דער קעניג טרינקט פאַר האמלעט'ס עהרע!
(אלע, אויסער האמלעט, אָב.)

האמלעט. אָ, וואָלט דאָס שטייפע לייב צושמאָלצען ווערען
און וואָלט זיך אויפלייזען אין טראָפּענס טוי־
צי וואָלט דער אלערהעכסטער זיין געבאָט

ניט שטעלען קעגען זעלבסטמאָרד ! גאָט מיין גאָט !
ווי נישטיג, נאַריש, קליין און עקעלהאַפט
דעם מענשענ׳ס מעשים זיינען אויף דער ערד !
פערהאַסטע וועלט ! ביזט א פערלאָזטער גאָרטען
וואָס בריינגט נור דערנער שטעכיגע ארוים.
אז דאָס זאָל קאָנען צוקומען דערצו !
נור צוויי מאָנאטען — ניין, ניט פולע צוויי —
ווי ער איז טויט; דער גרויסער, בראַווער קעניג,
וואָס זעהט זיך אָן פערגלייכענדיג מיט דעם
ווי אפּאָלאָן אנטקעגען דעם סאַטיר, מיין אָנקעל —
וואָס האָט מיין מוטער אַזוי הייס געליעבט,
אז ער האָט ניט דערלאָזט דעם הימעל׳ס ווינטען
צו רויה זי אָנריהרען ! אָ, ערד און הימעל !
מוז איך עס אַלץ דערמאָנען ? זי, וואָס איז געווען
אַזוי געטריי — אז עס האָט אויסגעזעהן,
עס וואַקסט איהר ליעבע גרעסער פון מינוט —
און דאָך איין מאָנאַט צייט, איין קורצער מאָנאַט, —
איך טאָר פון דעם ניט טראַכטען. — נישטיגקייט,
ס׳איז פרוי דיין נאָמען ! — נור איין מאָנאַט,
אין וועלכען זי האָט איהם בעגלייט צום קבר —
ווי ניאָבעא דורך אין טרערען — זי, אפילו זי —
א חיה האלט דאָך לייננגער אָן איהר טרויער —
איז שוין די פרוי געוואָרען פון מיין אָנקעל,
מיין פאָטער׳ס ברודער, וואָס איז ענליך צו איהם
ווי איך צו הערקולעס; איין קורצער מאָנאַט,
נאָך איידער ס׳איז דאָס זאַלץ אויף איהרע באַקען
פון איהרע פאַלשע טרערען אויסגעטריקענט —
און שוין אַ צווייטענס ווייב. פערפלוכטע האַסט
צו זינקען אַזוי גיך אין בעט פון זינד.
דאָס איז ניט גוטס און ס׳קאָן צו גוטס ניט פיהרען —
נור, פּלאַץ, מיין הארץ, מיין צונג מוז שווייגען שטיל.
(עס טרעטען אויף: האָראַציאָ, מאַרצעלוס און בערנאַרדאָ.)
האָראַציאָ. פריעדען צו אייך, פּרינץ.

האמלעט. כ'בין גליקליך אייך צו זעהן;
האראציא, אויב כ'מאך קיין טעות ניט.
האראציא. ס'איז איך, מיין פּרינץ,
דער דיענער אייערער געטרייער.
האמלעט. מיין ליעבסטער פריינד; לאמיר די נעמען בייטען.
ווי קומסטו'דא פון וויטענבערג, האראציא?
מארצעלוס, דאס ביזטו?
מארצעלוס. יא, ליעבער פּרינץ.
האמלעט. עס פרעהט מיך אייך צו זעהן. (בערנארדא'ן)
זיי ווילקאמען!
(האראציא'ן) נור וואס האט דיך געבראכט פון וויטענבערג?
האראציא. איך בין ניט אויפגעלייגט צום לערנען, פּרינץ.
האמלעט. כ'וואלט ניט געוואלט עס הערען פון דיין שונא,
און נאך מעהר וואלט איך ניט געוואלט פון דיר
אליין אויף זיך אזא פערליימדונג הערען.
איך וויים דאך גוט, ביזט ניט קיין פוילענצער.
נור וואס האסטו צו טהאן אין עלסינאר?
מיר וועלען טרינקען וויין דיך אויסלערנען.
נאך איידער דו וועסט אונז פערלאזען.
האראציא. פּרינץ, —
איך בין צו אייער פאטער'ס לויה דא געקומען.
האמלעט. איך בעט דיך, מאך קיין שפּאס ניט, קאמעראד,
ביזט נאר געקומען צו מיין מוטער'ס חתונה.
האראציא. ס'איז ווירקליך אויסגעפאלען גלייך דערנאך.
האמלעט. ס'איז ווירטשאפט, פריינד מיינער, ס'איז ווירטשאפט—
פון טרויער־מאלצייט איז גענוג געבליבען
דעם חתונה־טיש מיט קאלטע שפּייזען דעקען.
כ'וואלט בעסער מיט מיין ערגסטען פיינד אין הימעל
געטראפען זיך — ווי יענעם טאג דערלעבען.
מיין פאטער — ס'דאכט זיך מיר אלץ, איך זעה מיין פאטער.
האראציא. וואו זעהט איהר, פּרינץ?
האמלעט. איך זעה איהם מיט די אויגען פון מיין גייסט.
האראציא. כ'האב איינמאל איהם געזעהן, מיין פּרינץ:

ער איז געווען א גרויסער קעניג.
האמלעט. יא, ער איז
געווען א מענש אין העכסטען זין פון ווארט;
איך וועל זיין גלייכען קיינמאל מעהר ניט זעהן.
האראציא. מיר דאכט, איך האב איהם לעצטע נאכט געזעהן.
האמלעט. וואס מיינסטו, וועמען?
האראציא. דעם קעניג אייער פאטער.
האמלעט. קעניג, און מיין פאטער?
האראציא. בעהערשט נור אייער שטוינונג אויף איין רגע
און הערט מיך אוים; כ'וועל אייך דערצעהלען וואונדער —
נור זיי וועלען בעשטעטיגען די וואונדער.
האמלעט. דערצעהל, אום גאטעס ווילען, רייד, דערצעהל.
האראציא. צוויי נעכט, איינס נאך דער צווייטער, האבען זיי —
מארצעלוס און בערנארדא, אויף דער וואך
אין טויטער שטילקייט פון דער האלבער נאכט
געזעהן דאס פאלגענדע: עס איז ערשינען
א בילד פאר זיי ווי אייער טויטען פאטער'ס,
בעוואפענט פונ'ם קאפ ביז צו די פיס;
און זיי, מיט קעניגליכען שטאלץ, פארביי.
דריי מאל אזוי איז ער פארביי געגאנגען
פאר זייערע ערשטוינטע בליקען, ביז ער האט
כמעט זיי מיט זיין סצעפטער אנגעריהרט.
זיי האבען זייער שפראך פון שרעק פערלארען
און האבען ניט געוואגט צו איהם צו ריידען.
דאן האבען זיי דעם סוד פאר מיר ענטפלעקט
און כ'האב מיט זיי געוואכט די דריטע נאכט.
וואו, פינקטליך ווי געווען, אין צייט,
אין בילד און אויסזעהן — ריכטיג איטליך ווארט —
האט די ערשיינונג ווידער זיך בעוויזען.
כ'האב גוט געקענט דעם פאטער אייערען —
עס זיינען איינע אויף דער צווייטער מיינע הענד
ניט עהנליכער.
האמלעט. און וואו איז עס געווען?

מאַרצעלוס. אויף דער טעראַסע, וואו מיר האַלטען וואַך.
האמלעט. האָט איהר צו איהם ניט אָנגעהויבען ריידען?
האָראַציאָ. איך האָב געפּרופט — נור ס'האָט מיר ניט געענטפערט,
נור איינמאָל האָט ער אויפגעשטעלט זיין קאָפּ,
ווי ער וואָלט וועלען ריידען — נור אויף דעם,
האָט זיך דער האָהן צוקרעהט, און ביים געשריי
איז ער פערשוואונדען באַלד פון אונזער בליק.
האמלעט. ס'איז זאָנדערבאַר!
האָראַציאָ. איך שווער ביים לעבען,
אז דאָס איז וואהר; דעריבער האָבען מיר
גערעכענט, אז ס'איז נויטיג אייך צו זאָגען.
האמלעט. יאָ, ווירקליך מיינע פריינד, עס מאַכט מיך אומרוהיג.
וועט איהר אויך היינט ביי נאַכט שטעהן אויף דער וואַך?
מאַרצעלוס און בערנאַרדאָ. יאָ, פּרינץ.
האמלעט. איהר זאָגט, בעוואָפענט?
מאַרצעלוס און בערנאַרדאָ. יאָ, בעוואָפענט, פּרינץ.
האמלעט. פון קאָפּ ביז צו די פיס?
מאַרצעלוס און בערנאַרדאָ. פון קאָפּ ביז צו די פיס.
האמלעט. דאַן האָט איהר זיין געזיכט ניט גוט געזעהן?
האָראַציאָ. אָ, ניין, זיין קיווער איז געוועזען אויפגעהויבען.
האמלעט. איז ער געוועזען אין צאָרען?
האָראַציאָ. ניין, אויף זיין געזיכט
איז מעהר געלעגען לייד, ווי צאָרען.
האמלעט. איז ער געוועזען בלאַס, צי רויט?
האָראַציאָ. ניין, זעהר בלאַס.
האמלעט. און האָט אויף אייך זיין בליק געהאַלטען?
האָראַציאָ צוגעשמידעט.
האמלעט. ווען איך וואָלט דאָרט געוועזען!
האָראַציאָ. עס וואָלט אייך זעהר שטאַרק געשראָקען, פּרינץ.
האמלעט. ס'איז זעהר מעגליך. איז עס לאַנג געשטאַנען?
האָראַציאָ. ווי איינער וואָלט געקענט ניט איילענדיג
אַ הונדערט אָבצעהלען.
מאַרצעלוס און בערנאַרדאָ. ניין, לייננער, לייננער.

האָראַציאָ. ניט דאַן ווען איך האָב עס געזעהן.
האַמלעט. זיין באָרד איז גרוי געווען?
האָראַציאָ. ווי איך האָב זי
גזעהן ביים לעבען זיינעם: שוואַרצליך־גרוי.
האַמלעט. כ׳וועל האַלטען וואַך מיט אייך היינט נאַכט;
ס׳קאָן טרעפען
עס זאָל ערשיינען ווידער.
האָראַציאָ. העכסט וואַהרשיינליך.
האַמלעט. און אויב ס׳וועט אָננעהמען מיין פאָטער׳ס אויסזעהן
דאַן מוז איך צו׳ן איהם ריידען — מאָג דער גיהנם
פאַר מיר זיך עפענען און הייסען שווייגען.
איך בעט אייך, פריינד, האָט איהר ביז איצט געשוויגען,
פון אַלעמען די זאַך געהאַלטען אין געהיים —
זאָל דאָס אויף ווייטער זיין אין אייך פערשלאָסען.
אויך אַלץ וואָס ס׳וועט פערלויפען היינט צו נאַכט —
דיינקט וואָס איהר ווילט — ניט ברייננגט עס אויף די ליפען.
איך וועל אייך דאַנקבאַר זיין. נו, געהט געזונד.
מיר וועלען צווישען עלף און צוועלף זיך טרעפען.
כ׳וועל קומען דאָרט.
האָראַציאָ. צו אייערע דיענסטען, פרינץ.
האַמלעט. איך בעט ניט דיענסט ביי אייך — נור אייער
פריינדשאַפט,
ווי מיין פריינדשאַפט פאַר אייך. נו, געהט געזונד.
(אַלע, אויסער האַמלעט, אָב.)
האַמלעט. מיין פאָטער׳ס גייסט בעוואָפענט! ס׳איז ניט גלאַט —
כ׳פערדעכטיג בייז; וואָלט שוין די נאַכט געקומען!
ביז דאַן, זיי רוהיג, האַרץ! דאָס בייז מוז קלאָר,
ווי ס׳זאָל ניט זיין בעהאַלטען, זיך ענטפלעקען —
און מאָג עס אויף די גאַנצע ערד פערדעקען! (אָב.)

## דריטע סצענע.

### אַ צימער אין פּאָלאָניוס'עס הויז.

(עס טרעטען אויף לאַערטיס און אָפעליאַ.)

לאַערטיס. די פּעק שוין אָבגעשיקט צום שיף; אדיע.
און שוועסטער, ווען די ווינדען זיינען גינסטיג,
און די מאַטראָזען דיענסטפערטיג — ניט שלאָף.
און לאָז פון דיר מיך הערען.
אָפעליאַ. צווייפעלסט נאָך?
לאַערטיס. וואָס האַמלעט און זיין ליעבע אנבעלאַנגט —
דו קוק דערויף, ווי אויף אַ צייטפערטרייב,
אַ שוימען אין זיין יונגען בלוט, אַ בלום,
וואָס בליהט פאַרנאַנדער זיך אין ערשטער יוגענד,
וואָס האָט קיין האַפט; איז ניט בעשטענדיג,
איהר דופט און שעהנקייט ווערען גיך צופלויגען —
דאָס גאָר.
אָפעליאַ. דאָס גאָר — און גאָר ניט מעהר?
לאַערטיס. ניט מעהר:
ווייל ס'וואַקסט ניט די נאַטור בלויז אויסערליך —
צוזאַמען מיט'ן קערפּער וואַקסט אויך אויס
די אינערליכע פליכט פון הארץ און גייסט,
און שפּרייט זיך ווייט פאַרנאַנדער. מעגליך, אַז ער ליעבט:
קיין אומריינער געדאַנק האָט ניט פערפלעקט
זיין ריינעם הארץ; נור דו מוזט היטען זיך;
ווען דו בעטראַכסט די הויכקייט פון זיין שטאַנד,
דאַן איז ער ניט דער האַר איבער זיין ווילען —
ווייל ער איז בלויז אַ שקלאַף צו זיין געבורט:
ער קאָן ניט, ווי דער מענש דער איינפאַכער,
זיך אויסוועהלען אַ פרוי, וואָס ער האָט ליעב —
ווייל אָן זיין אויסוואַהל איז אָפט אָבהייננגיג
די זיכערקייט און גליק פון גאַנצען לאַנד;
דעריבער איז דער אויסוואַהל פון זיין הארצען

געצאַמט, בעשריינקט פון יענער קערפּערשאַפט,
פון וועלכען ער איז קאָפּ. און ווען ער קומט,
און זאָגט דיר נאָך אַמאָל, ער האָט דיך ליעב —
וועסטו זיך זעהר קלוג בעגעהן — אויב וועסט
איהם גלויבען אויף אַזוי פיעל, און ניט מעהר,
אויף וויפיעל בלויז ער קאָן זיין וואָרט פערווירקליכען;
דאָס איז ניט מעהר אויף וויפיעל ער בעקומט
דערצו די אַלגעמיינע שטים פון דענעמאַרק.
געדיינק, ווי ווייט עס וועט דיין עהרע ליידען
אויב דו וועסט צוטרויליך איהם אויסהערען,
אויב דו וועסט איהם דיין הארץ אַוועקשיינקען,
און וועסט די אוצרות דיינע עפענען
פאַר איהם און פאַר זיין שטורמישען בעגעהר.
גיעב אַכט, אָפעליאַ, היט זיך, שוועסטער!
און האַלט זיך ווייט פון ברענענדער געפאַהר,
וואָס ווייטער פון דעם פלאַם און בראַנד פון האַרצען.
די ריינסטע יונגפרוי איז פערשווענדעריש
ווען זי ענטפּלעקט איהר רייץ פאַר דער לבנה.
אויך טוגענד איז ניט פון פערליימדונג פריי.
די שעהנסטע בליטהען נאָגט דער וואָרים אויס
ווען ס'זיינען נאָך די קנאָספּען ניט צועפענט —
און אין דער יוגענד'ס טויאיגען פריהמאָרגען
געפעהרליך זיינען ווינטען גיפטיגע.
נור זעה, גיעב אַכטונג, שוועסטער; פאָרזיכט
פערהיט פון אַלע אומגליקען; ס'האָט יוגענד
גענוג זיך אויסצושטעהן אין קאַמפף מיט זיך אַליין.

אָפעליאַ. איך וועל די לעהרע פון דיין קלוגען וואָרט
צום וועכטער פון מיין הארצען אָנשטעלען.
נור זאָג מיר, ברודער, ביזטו ניט צומאָל
ווי יענע פאַלשע פריידיגער, וואָס צייגען
דעם צווייטען אָן דעם דערנער־וועג צום הימעל,
ווען זיי אַליין פערגינען זיך דעם בלומען־וועג
פון זינד און אויסגעלאַסענהייט —

און לאַכסט אַליין זיך אויס פון דיינע רייד?

לאַערטיס. ניט זאָרג דערפאַר. נור כ'האָב מיך שוין פערשפּעטיגט.
אָט קומט דער פאָטער אָן.

(פּאָלאָניוס טרעט אויף.)

אַ צווייטע ברכה —
איז שטאַרק אין צווייען. ס'האָט מיין מזל אונז
צום צווייטען מאָל צונויפגעבראַכט.

פּאָלאָניוס. נאָך דאָ?

לאַערטיס! ס'איז אַ שאַנד! צום שיף! צום שיף!
דער ווינד בלאָזט אין דעם נאַקען פון דיין זעגעל;
מען וואַרט אויף דיר: נו, נעהם מיין ברכה צו.
און זעה, קריץ איין די ווערטער מיינע טיעף
ביי דיר אין הארצען; רייד ניט וואָס דו דיינקסט,
און אַ ניט צייטיגען געדאַנק פערווירקליך ניט.
זיי פריינדליך, אָבער ניט קיין פריינד פון יעדען;
די פריינד וואָס דו האָסט אויסגעפּרופט געטריי,
שמיעד צו מיט אייזען־רייפען צו דיין הארצען;
ניט שמוץ אָבער די הענד מיט איטליכען
צו שליסען יעדען טאָג אַ נייע פריינדשאַפט.
גיעב אכטונג, ניט אריינפאַלען אין קריעג,
נור איינמאָל יאָ — זאָל יענער שוין זיך היטען.
האָרך יעדען איינעם אויס — נור גיעב דיין שטים
ניט אָב צו יעדען איינעם; האָרך אַ יעדענ'ס ראָט —
נור האָב דיין מיינונג; קלייד זיך מיט געשמאַק
לויט דיינע מיטלען, נור ניט אויסטערליש,
ניט שרייענדיג — נור רייך; דען לויט'ן אַנטהאָן
איז לייכט גאַנץ אָפט אַ מענשען צו דערקאָנען.
און אין די הויכע קרייזען אין פּאַריז
קליידט יעדער איינער זיך מיט גרויס געשמאַק.
ניט באָרג אַליין און לייה קיין געלד צו פריינד —
ווייל לייהען געלד צום צווייטען, מיינט גאַנץ אָפט
פערלירען אי דעם געלד און אי דעם פריינד —
און חובות עסען אויף אַ לעבעדיגען.

און איבער אַלץ: צו זיך אַליין זיי עהרליך,
און פאַלגליך, פּונקט ווי נאָכ'ן טאָג קומט נאַכט,
וועסטו ניט קאָנען פאַלש זיין צו דעם צווייטען.
נו, געה געזונד, לאַערטיס; גאָט'ס גענאָד
זאָל שטאַרקען דיר דיין הארץ.

לאַערטיס. נו, זייט געזונד.

פּאָלאָניוס. די צייט איז אָב. געה שנעל; די דיענער וואַרטען.

לאַערטיס. צום ווידערזעהן, אָפעליא; געדיינק,
וואָס איך האָב דיר געזאָגט.

אָפעליא. כ'האָב דיינע רייד
פערשלאָסען אין זכרון; נעהם דעם שליסעל מיט.

לאַערטיס. פערבלייב געזונד. (אָב.)

פּאָלאָניוס. וואָס האָט ער דיר אַזוינס געזאָגט?

אָפעליא. ער האָט גערעדט מיט מיר פון האמלעט'ען.

פּאָלאָניוס. יאָ, גוט וואָס איך האָב זיך דערמאָנט אַצינד;
ווי מען דערצעהלט מיר, איז די לעצטע צייט
האָט ער זיך מיט דיר אָבגעגעבען פיעל;
און דו, ווי ס'ווייזט, ביזט זעהר שטאַרק צופרידען
און זעהר פרייגיביג געווען אויף דיין געזעלשאַפט;
אויב ס'איז אַזוי — אַזוי האָט מען מיר אָנגעטייט,
מיך וואַרנענדיג דערפאַר — דאַן מוז איך זאָגען,
אַז וועדליג פאַר מיין טאָכטער, וואָלט ניט שאַדען
דו זאָלסט מיט אָפענע אויגען איינזעהן
וואָס איז געזונד פאַר דיר און וואָס איז שעדליך.
דערצעהל נור, וואָס ביי אייך איז פאָרגעקומען.

אָפעליא. מיין הערר, ער האָט זיינע געפיהלען מיר ענטפּלעקט.

פּאָלאָניוס. געפיהלען? באַ! דו רעדסט בלויז ווי אַ נאַר!
און ווייסט אַליין ניט די געפאַהר פון דעם.
נו, גלויבסט זיינע געפיהלען, ווי דו רופסט עס?

אָפעליא. איך וויים שוין ווירקליך ניט אין וואָס צו גלויבען.

פּאָלאָניוס. וועל איך דיר זאָגען: גלויב, דו ביזט אַ קינד,
וואָס האָט אָט די געפיהלען אָנגענומען
פאַר ריינעם גאָלד — און ניט דערפאַר.וואָס ס'איז;

דו האלט זיך עפעס טהייערער — וועו ניט —
כ׳זאל ניט ארויסווארפען אומזיסט מיין ווארט —
וועסטו צום נאר מיך מאכען אויף דער עלטער.
**אפעליא.** א, פאטער, ער האט מיר ענטפלעקט זיין ליעבע
העכסט אנשטענדיג און ריין.
**פאלאניוס.** נו, נעה שוין, קינד.
**אפעליא.** און האט ביי אלעם הייליגען, זיין ווארט,
זיין עהרענווארט געגעבען.
**פאלאניוס.** ס׳איז א נעץ
די פויגעלעך צו כאפען. כ׳וויים, איך וויים:
ווען ס׳קאכט דאס יונגע בלוט, ווי פרייגעביג דאס הארץ
מאכט לויז דעם צונג צו שווערען; ס׳איז א שיין
וואס גיט מעהר ליכט ווי היץ; ס׳איז ניט קיין פייער.
עס לעשט זיך אוים צוזאמען מיט׳ן ווארט.
פון היינט און ווייטער זיי אביסעל קארגער
אויף דיין געזעלשאפט; זיי ניט אימער גרייט
זיין וואונש צופרידען שטעלען ווען ער וויל.
מאגסט האמלעטען אזוי פיעל גלויבען נור,
אז ער איז יונג און מאג זיך פרייער אויפפיהרען,
ווי דו קאנסט זיך ערלויבען. קורץ גערעדט,
אפעליא, ניט גלויב אין זיינע ווערטער —
זיי וועלען אבנארען; עס איז ניט דאס;
פערמיטלער זיינען זיי אום צו פערפיהרען;
זיי קלינגען פרום און גוט אום בעסער פונ׳ם וועג
אראבצופיהרען. איינס פאר אלע מאל:
פון היינט און ווייטער זאלסטו ניט דיין צייט
מיט האמלעט׳ען אומזיסט ארויסווארפען.
נעהמ׳ס גוט אריין אין זין. איצט מאגסטו געהן.
**אפעליא.** איך וועל געהארכען, פאטער. (אב.)

---

## פיערטע סצענע.

### די טעראַסע.

(עס טרעטען אויף: האמלעט, האָראַציאָ און מאַרצעלוס.)

האמלעט. דער פראָסט שניידט ווי מיט מעסער ביז צום ביין.
האָראַציאָ. דער ווינד נעהמט דורך אַ יעדען גליעד.
האמלעט. ווי שפעט איז איצט?
האָראַציאָ. איך גלויב, ס'איז נאָהענט שוין צו האַלבער נאַכט.
מאַרצעלוס. ניין, ס'האָט שוין אויסגעשלאָגען האַלבע נאַכט.
האָראַציאָ. ס'האָט שוין געשלאָגען? איך האָב ניט געהערט.
דאַן איז שוין נאָהנט די צייט, ווען עס בעוויייזט זיך.
(טראָמפייטען שאַלען און קאַנאָנען קראַכען הינטער דער סצענע.)
האָראַציאָ. וואָס מיינט עס, פּרינץ?
האמלעט. דער קעניג וואַכט ביינאַכט ביי זיין געטראַנק,
און יעדען בעכער רהיינוויין וואָס ער גיסט אַריין
בעגלייט דער קעסעלפּויק און שאַלט טראָמפּייט
זיין זיעג בעקאַנט צו מאַכען פאַר דער וועלט.
האָראַציאָ. צי פיהרט זיך דאָ אַזוי אין לאַנד?
האמלעט. יאָ, יאָ, אַזוי;
נור לויט מיין מיינונג, וואָלט פיעל גלייכער זיין —
ניט קוקענדיג וואָס איך בין דאָ אין לאַנד
געבאָרען און דערצויגען און דערצו געוואָהנט —
דעם פיהרונג אָבצושאַפען, איידער אָנהאַלטען..
דאָס זויפען און די לוסטיגקייט מאַכט אונז צו שפּאָט
ביי אַלע פעלקער פון דער גאַנצער וועלט.
זיי האָבען פאַר אונז בלויז איין נאָמען: זויפער!
מיט שמוציגע פערגלייכען. דאָס איז אמת,
דער ווייַן וואַשט אָב אויך אונזערע פערדיענסטען,
דעם רוהם און לויב פון גרויסע העלדענטהאַטען.
דאָס זעלבע זעהסטו מיט דעם איינצעלנעם —
ווען ער בעזיצט אַ פלעק אַן איינגעבאָרענעם,
אין וואָס דער מענש איז דאָך געוויס ניט שולדיג —

ווי, לאָמיר זאָגען, אויפגערעגטעם בלוט,
וואָס נעהמט די אויבערהאַנד אויף זיין פערשטאַנד,
צו גאָר, אַזאַ געוואוינהייט וואָס פערשוואַרצט
די אַלע איבעריגע גוטע זייטען —
וואָס מאָגען זיין ווי זילבער ריין און קלאָר —
דער מענש, זאָג איך, וואָס איז דערמיט געשטעמפּעלט
ער ווערט פון יעדען אַנדערען פעראורטהיילט
פאַר פעהלערען וואָס זיינען איינגעבאָרען —
פון דער נאַטור, צי פון זיין שיקזאַל — אָהן זיין שולד.
איין קווינט פון בייז וועגט אָפטמאָל גאַנץ אריבער
אַ באַרג פון גוטס —

(דער גייסט ערשיינט.)

**האָראַציאָ.** אָ, זעהט נור, פּרינץ, עס קומט!

**האַמלעט.** מלאכים ליכטיגע, בעשירעמט אונז!
ביזטו אַ ריינער גייסט צי אַ פערפלוכטער?
קומסטו אין קלאָרער הימעלסלופט געהילט,
צי גאָר אין רויך פון גיהנם איינגעוויקעלט?
ערשיינסט פאַר מיר דאָ אין אַזאַ געשטאַלט —
אַז איך מוז ריידען צו דיר: כ'רוף דיך האַמלעט,
מיין פאָטער, און מיין קעניג: ענטפער מיר!
ניט לאָז מיך אויסגעהן אין אונוויסענהייט;
פאַרוואָס, זאָג, האָבען דיינע ביינער הייליגע
צוריסען זייער לעצטען אָנטהאָן? זאָג, פאַר וואָס
די שטומע, טיעפע גרוב אין וועלכער מיר האָבען
געזעהען דיך ליגענדיג אַ שווייגענדען —
האָט זי איהר מאַרמאָרנעם און שווערען שלונד
צועפענט ברייט און דיך ארויסגעשפּיגען?
זאָג, וואָס בעטייט דיין אומוואַנדלען אַ טויטער
בעוואָפענט שוער ביים שיין פון דער לבנה —
און פילסט מיט שוידער אָן די שטילע נאַכט.
און מיר, בענגרענעצט פון דער נאַטור, מיר שטעהען
ערשטוינט, די הערצער פול מיט בייזער שרעק —

פול זאכען וואָס מיר קאָנען ניט בעגרייפען?
פארוואָס, אָ זאָג, פארוואָס? וואָס זאָל איך טהאָן?
(דער גייסט ווינקט צו האמלעט'ן.)

האָראַציאָ. ער רופט אייך איהר זאָלט געהן מיט איהם — אַזוי
ווי ער וואָלט וועלען עפּעס אייך פערטרויען.

מארצעלוס. און זעהט נור, פּרינץ, ווי פריינדליך ס'איז זיין
שמייכעל.
ער רופט אייך ערגעץ צו אַן אָבגעלייגטען פּלאַץ.
איהר טאָרט ניט געהן מיט איהם.

האָראַציאָ. אויף קיין פאַל ניט.

האמלעט. ער וויל ניט ריידען דאָ — דאַן מוז איך געהן נאָך איהם.

האָראַציאָ. ניט געהט, מיין פּרינץ.

האמלעט. וואָס האָב איך צו פערלירען?
עס האָט מיין לעבען סיי ווי ניט קיין ווערטה —
און וואָס אַזוינס קען ער צו מיין נשמה טהאָן —
זי איז דאָך אונשטערבליך, ווי ס'איז דער גייסט.
ער רופט מיך ווידער — איך מוז נאָכפאָלגען.

האָראַציאָ. און וואָס — אויב ער וועט אייך צום ים פערנארען,
צי גאָר דאָרט אויפ'ן שפּיץ פון הויכען פעלזען,
וואָס בויגט זיך מורא'דיג דעם הויכען ים אריבער?
עס קאָן דאָרט אָננעהמען אַן אַנדער אויסזעהן,
וואָס קאָן אייך פון דעם זין אראָבפיהרען;
דער פּלאַץ אַליין קאָן ברייננגען צו פערצווייפלונג
דעם מענש וואָס קוקט אראָב צום טיעפען אָבגרונד,
און הערט איהם אונטען רוישען.

האמלעט. ס'רופט מיך אַלץ;
געה ווייטער און איך קום.

מארצעלוס. איהר טאָרט ניט, פּרינץ.

האמלעט. נעהמט צו די הענד.

האָראַציאָ. איך בעט אייך, געהט ניט, פּרינץ.

האמלעט. מיין שיקזאָל רופט; מאכט יעדען מוסקול שטייף,
ווי שטייף עס איז דער מוסקול פון אַ לייב.

ער רופט מיך אַליין — לאָזט אָב — איך שווער ביי גאָט,
כ'וועל יענעם פון אייך אין אַ גייסט פערוואַנדלען,
וואָס וועט מיך וואַגען אָבהאַלטען. פאַראויס!
איך קום נאָך דיר.

(גייסט און האַמלעט אָב.)

האָראַציאָ. ער איז געריהרט פון זין!
מאַרצעלוס. מיר מוזען נאָכפאָלגען!
מיר האָבען ניט געטאָרט איהם לאָזען געהן.
האָראַציאָ. קום שנעל; וואָס ס'וועט פון דעם זיך אויסלאָזען?
מאַרצעלוס. ס'איז עפּעס פויל אין שטאַאט פון דענעמאַרק.
האָראַציאָ. זאָל גאָט דערבאַרמען זיך.
מאַרצעלוס. קום, לאָמיר געהן. (אָב.)

---

פינפטע סצענע.

אַן אָבגעלעגענער ווינקעל פון דער טעראַסע.

(גייסט און האַמלעט.)

האַמלעט. וואוהין, זאָג, פיהרסטו מיך? איך געה ניט ווייטער!
גייסט. אָ, האָרך!
האַמלעט. איך הער!
גייסט. ס'איז נאָהנט די שעה, ווען איך
מוז ווידער זיך צום שוועבעלדיגען פלאַם
פון גיהנם אומקעהרען.
האַמלעט. אָ, אָרעמער גייסט!
גייסט. ניט מיטלייד וויל איך — האָרך נור אויפמערקזאַם,
וואָס איך וועל דיר ענטפּלעקען.
האַמלעט. ס'איז מיין פליכט.
גייסט. און אויך נקמה נעהמען — ווען דו וועסט דערהערען.
האַמלעט. וואָס?
גייסט. איך בין דיין פאָטער'ס גייסט;
פערמשפּט אומצו־וואַנדלען דורך די נעכט
און דורך די טעג צו בראָטען זיך אין גיהנם —

ביז ס'וועלען מיינע זינד, בעגאנגען אויף דער וועלט,
געלויטערט זיין. וואלט ניט געווען פערבאטען
די סודות פון מיין תפיסה דיר ענטפלעקען —
וואלט איך אזא געשיכטע דיר דערצעהלט,
אז ס'וואלט דאס ווארט דאס לייכטסטע דיך צודריקט;
עס וואלט פערפריהרט דיין קאכיג בלוט אין לייב;
עס וואלט די אויגען דיינע פון די לעכער
ארויסגעפרעסט, ווי שטערען פון זייער ספערע;
און איטליך האר פון דיינע קרויזענדיגע לאקען
וואלט זיך בעזונדער, ווי א נאדעל, אויפגעשטעלט.
נור ס'איז ניט צום געהער פון פלייש און בלוט
אזוינס גאר צו פערנעמען; הארך, א, הארך!
אויב דו האסט ווען געליעבט דיין פאטער —
האמלעט. א, גאט!
גייסט. נעהם ראכע פאר דעם שוידערליכען מארד!
האמלעט. מארד?
גייסט. א מארד א שענדליכער ווי יעדער מארד —
נור מיין ערמארדונג איז נאך גרויזאמער!
האמלעט. דערצעהל געשווינד! אויף פליגעל פון געדאנק
צי ווי אין ליעבעס פאנטאזיע, זאל איך
צו ראכע איילען.
גייסט. כ'זעה דו ביזט בערייט:
און טעמפער פון'ם האר וואלסטו געווען,
וואס שלאפט זיך רוהיג אויפ'ן ברעג פון לעטא —
ווען דו וואלסט ניט ערוואכט. איצט, האמלעט, הארך:
מען האט בעקאנט געמאכט, אז שלאפענדיג
האט מיך א שלאנג געביסען, אין מיין גארטען;
אזוי האט מען גאנץ דענעמארק גענארט —
נור וויס, א האמלעט איידעלער: דער שלאנג,
וואס האט דיין פאטער אין'ם שלאף געביסען —
טראגט איצט זיין קרוין.
האמלעט. א, מיין פערדאכט! מיין אנקעל?
גייסט. יא, ער; דער פאלשער בלוט-שענדער, מיין ברודער,

דורך זיין פערפיהרישער קראפט און קונסט —
אָ, שוידערליכע קונסט, וואס האָט די קראפט
אזוי פערפיהרען — האָט צו זינד געוואונען
די פאלשע טוגענדליכע קעניגין.
אָ, האמלעט, דיינק ווי טיעף זי איז געזונקען!
אָן מיר, וואס האָט געליעבט זי טריי און הייליג,
אזוי ווי ס'איז די שבועה ביים אַלטאר —
פערגעסען מיך — אין זיינע אָרעמס זינקען!
ווי ס'קאָן ניט אונשולד זיין פערפיהרט פון זינד,
זאָל זי זאָגאר פאר מלאך זיך פערשטעלען —
אזוי וועט זינד, געפּאָרט אפילו מיט א מלאך,
צולעצט איהר בעט די הימלישע פערגעסען
און זיך נאָך אויסגעלאסענהייט פערגלוסטען.
נור שא! מיר דאכט, עס בלאָזט א מאָרגען ווינטעל;
איך מוז זיין קורץ. אין גאָרטען שלאָפענדיג,
ווי מיין געוואוינהייט, יעדען טאָג נאָכמיטאג,
האָט זיך דיין אָנקעל אונבעמערקט פער'גנב'עט
מיט גיפט פון קרייטער פון פערשאָלטענע;
ער האָט אין אויער מיר די גיפט געגאָסען,
וואס שטעהט אין שנאה מיט'ן מענשענ'ס בלוט;
וואס פלינק, ווי קוועקזילבער, לויפט עס אדורך
אין אַלע עפּענונגען, קאנאלען פונ'ם קערפּער;
די גיפט האָט מיט'ן אויגענבליק בעדעקט
מיט ניט קיין ריינעם, עקעלהאפטען אויסשיט
מיין צארטען קערפּער — און אזוי בין איך
געוואָרען אין מיין שלאָף, פון ברודער'ס האנד,
פון לעבען, קרוין און קעניגין בערויבט;
אין מיטען בליהען פון מיין זינד פערשניטען
אָהן ווידוי, אָהן פערגעבונג, ניט געזאלבט מיט אויל;
קיין רעכענונג געמאכט, נור אָבגעשיקט
צו גאָט'ס געריכט מיט אַלע מיינע זינד.
אָ, שוידערליך! אָ, שוידערליך! העכסט שוידערליך!
אויב דו האָסט הארץ אין זיך — פערשווייג עס ניט!

ניט לאָז די קעניגליכע בעט פון דענעמארק —
אַ בעט פון זנות צו זיין, אַ בעט פון שאַנד.
נור איינס געדיינק: ווי שטארק דו זאָלסט ניט גארען
צו נעהמען ראַכע — ניט פערפלעק דיין גייסט
צו דיינקען ראַכע נעהמען פון דיין מוטער:
לאָז איבער זי צו גאָט און צו די דערנער,
וואָס בליהען אין איהר הארצען זיך פארנאַנדער.
פערבלייב געזונד; די גליה־ווערים דערצעהלען מיר,
אַז ס'איז דער מאָרגען נאָהנט. אויף מזרח־בערג
הויבט אָן זיין שוואַכע ליכט צו גליהען שוין.
אדיע, אדיע, אדיע! געדיינק אָן מיר! (גייסט פערשווינדט.)
האמלעט. אָ, הימעל'ס הערשאַפטען! אָ, ערד! וואָס נאָך,
זאָל איך דעם גיהנם אויך רופען? — נור שטיל,
זיי שטיל, מיין הארץ! און איהר, די נערוועז מיינע,
ניט ווערט פערעלטערט! טראָגט מיך פעסט און שטייף!
כל זמן זכרון לעבט ביי מיר אין מוח —
וועל איך דיך ניט פערגעסען. דיך געדיינקען!
איך וועל פון בלאַט פון מיין זכרון אָבווישען
אַלץ, אַלץ וואָס ס'האָט דאָס לעבען דאָרט פערשריבען —
די ביכער, בילדער, איינדרוקען, געפיהלען,
וואָס האָט דאָס לעבען און בעאָבאַכטונג פערקריצט —
דיין איינציגער געבאָט אַליין זאָל לעבען!
זאָל לעבען אינ'ם בוך פון מיין געהירען
מיט זאַכען איינפאַכע ניט אויסגעמישט;
איך שווער ביי גאָט. אַ פרוי, פערברעכערין!
אָ, מערדער! שמייכלענדער, פערפלוכטער מערדער!
וואו איז מיין שרייב־געצייג? איך וועל פערשרייבען,
אַז ס'קאָן פערלויפען אויף דער וועלט: אַ מאַן
זאָל שמייכלען, שמייכלען — און אַ מערדער זיין!
צום ווייניגסטען, אין דענעמארק איז עס מעגליך.
(שרייבט) „איך האָב דיך, אָנקעל. איצט האָסטו מיין וואָרט:

אדיע, אדיע, געדיינק אָן מיר".
איך האָב געשוואוירן.

האָראַציאָ. (הינטער דער סצענע) פּרינץ, אָ, פּרינץ!
מאַרצעלוס. (הינטער דער סצענע) זאָל גאָט בעשיצען איהם.
האַמלעט. (פון דער סצענע) אמן.
מאַרצעלוס. (הינטער דער סצענע) אוהו! אוהו!
האַמלעט. (פון דער סצענע) אהער! אהער! דו פויגעל!
(האָראַציאָ און מאַרצעלוס טרעטען אויף.)
מאַרצעלוס. וואָס איז אייך, פּרינץ?
האָראַציאָ. האָט איהר דערקאָנט דעם גייסט?
האַמלעט. אָ, וואונדערבאַר!
האָראַציאָ. דערצעהלט אונז, פּרינץ, פון דעם.
האַמלעט. ניין, איהר וועט אויסזאָגען.
האָראַציאָ. איך שווער ביי גאָט.
מאַרצעלוס. אויך איך וועל ניט דערצעהלען, פּרינץ.
האַמלעט. ווער וואָלט געטראַכט,
ווער וואָלט געגלויבט אַזוינס? נור איך האָב מורא,
איהר וועט ניט האַלטען סוד.
האָראַציאָ און מאַרצעלוס. מיר וועלען שווייגען, פּרינץ.
האַמלעט. אַז ס'איז אין דענעמאַרק ניטאָ קיין מערדער,
וואָס זאָל צו גלייכער צייט ניט זיין אַן אויסוואורף.
האָראַציאָ. דערצו דאַרף ניט קיין גייסט פון קבר אויפשטעהן,
עס צו דערצעהלען.
האַמלעט. רעכט; איהר זייט גערעכט;
דעריבער וועלען מיר, ניט ריידענדיג צופיעל,
אַצינד פאַנאַנדערגעהן. איהר געהט אהין,
וואו ס'רופט אייך אייער וואונש און אייער ציעל —
דען יעדער איינער האָט זיין וואונש און ציעל —
און איך, דער אָרעמער, וועל געהן צו גאָט בעטען.
האָראַציאָ. דאָס זיינען ווילדע, ניט קיין קלאָרע ווערטער, פּרינץ.
האַמלעט. עס טהוט מיר הארציג לייד, אויב עס בעליידיגט דיך,
מיין עהרענוואָרט.
האָראַציאָ. ס'איז קיין בעליידיגונג ניט, פּרינץ.

האַמלעט. ס'איז יאָ דאָ אַ בעליידיגונג, ביי גאָט!
און גרויס און שווער איז די בעליידיגונג!
וואָס דער ערשיינונג אנבעטרעפט, איז דאָס
אַ גייסט אַן עהרליכער, לאָמיר דיר זאָגען;
נור אייער וואונש צו וויסען וואָס דאָס מיינט —
בעהערשט איהם ווי איהר קאָנט. איצט, מיינע פריינד,
ווי איהר זייט גוטע פריינד און שוהל־חברים —
איך בעט ביי אייך נור איין געפעליגקייט.

האָראַציאָ. וואָס איז אַזוינס, מיין הערר? מיר וועלען טהאָן.

האַמלעט. דערצעהלט ניט קיינעם וואָס איהר האָט געזעהן.

האָראַציאָ און מאַרצעלוס. מיר וועלען ניט דערצעהלען, פּרינץ.

האַמלעט. שווערט! שווערט!

האָראַציאָ. איך שווער עס אויף מיין עהרענוואָרט, מיין פּרינץ.

מאַרצעלוס. און איך שווער אויך דאָס זעלבע.

האַמלעט. אויף מיין שווערד!

מאַרצעלוס. מיר האָבען שוין געשוואָרען, פּרינץ!

האַמלעט. ניין, אויפ'ן שווערד! שווערט נאָכאַמאָל עס צו.

גייסט. (אונטער דער ערד) שווערט!

האַמלעט. אָהאָ! ביזט דאָ אונטער דער ערד אַצינד?
איהר הערט, עס לאָזט איהם דאָרט ניט רוהען שטיל.
שווערט נאָך אַמאָל עס צו.

האָראַציאָ. זאָגט פאָר די שוואור.

האַמלעט. ניט רעדט קיינמאָל פון דעם, וואָס איהר האָט היינט
ביינאַכט געזעהן. שווערט אויף מיין שווערד.

גייסט. (אונטער דער ערד) שווערט!

האַמלעט. Hic et ubique; לאָמיר בייטען פּלעצער:
קומט, פריינד, אַהער; די הענט לייגט אויף מיין שווערד:
קיינמאָל קיין וואָרט ניט צו אַרויסריידען
פון דעם וואָס איהר האָט היינט ביי נאַכט געהערט:
שווערט אויף מיין שווערד!

גייסט. (אונטער דער ערד) שווערט!

האַמלעט. גוט! גוט! דו גראָבסט זיך ווי אַ מוילוואורף שנעל!

ביזט אויסגעצייכענט! גוט! נו ווייטער, פריינד!
האָראַציאָ. אַ טאָג און נאַכט! ס'איז פרעמד און אונבעגרייפליך!
האַמלעט. דעריבער גרים איהם פריינדליך, ווי אַ פרעמדען!
עס זיינען פיעל נאָך וואונדער דאָ אויף ערד און הימעל,
וואָס דו האָסט ניט אין דיין פילאָזאָפיע געטרוימט.
נור שאַ;
איהר זאָלט קיינמאָל, זאָל גאָט אייך אַזוי העלפען —
ווי זאָנדערבאַר מיין אויפפיהר זאָל ניט זיין,
כ'וועל מעגליך טהאָן אַזוינס, וואָס וועט אייך אויסזעהן ווילד,
זאָלט איהר מיך ניט אַרויסגעבען דורך צייכענס,
אַ מאַך פון האַנד, אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ,
צו לאָזען פאַלען אַ צווייידייטיג ווערטעל:
„מיר האָבען עס שוין לאַנג געוואוסט"; צו גאָר:
„ווען מיר וואָלטען געוואָלט דערצעהלען"; אָדער:
„ס'איז דאָ אַזוינע מענשען וועלכע ווייסען" —
אין קורצע ווערטער, אירגענד אַ בעמערקונג,
וואָס קאָן אַרויסגעבען, אַז איהר ווייסט עפּעס.
זאָל גאָט אַזוי אין אייער גרעסטער נויט
אייך ביישטעהן. שווערט מיר צו.
גייסט. (אונטער דער ערד) שווערט!
האַמלעט. געה צו דיין רוה, דו בלאָנדזשענדיגער גייסט!
איך גיב צו'ן אייך זיך איבער מיט מיין ליעבע,
אויף וויפיעל אַזאַ קליינער מענש ווי האַמלעט
קאָן אייך זיין פריינדשאַפט און זיין ליעבע צייגען —
וועט ער אַרויסווייזען, אויב גאָט וועט וועלען.
נו, קומט; די צייט איז איצט אַרויס פון איהר געלענק —
אַ בייזער שיקזאַל מיינער, וועה! צו דענקען,
אַז כ'בין געבאָרען עס צו אָרדנונג ברייגנען!
קומט, לאָמיר געהן צוזאַמען.

(אַלע אָב.)

## צווייטער אקט. — ערשטע סצענע.

א צימער אין פּאָלאָניוס'עס הויז.

(פּאָלאָניוס און ריינאַלדאָ.)

פּאָלאָניוס. דו זאָלסט דאָס געלד איהם איבערגעבען און דעם בריעף, ריינאַלדאָ.

ריינאַלדאָ. גוט, מיין הערר.

פּאָלאָניוס. וועסט אויך
בעגעהן זיך זעהר קלוג, אויב דו ווּעסט פריהער,
נאָך איידער דו ווּעסט זעהן איהם, אַלץ דערגעהן,
מיט אַלע איינצעלהייטען וועגען איהם.

ריינאַלדאָ. כ'האָב אויך אַזוי געדענקט.

פּאָלאָניוס. גוט, זעהר גוט
געזאָגט, מיין פריינד. געפין צום ערשטען אויס
וואָס פאַר אַ דענעמאַרקער לעבען אין פּאַריז;
אין וועלכע קרייזען זיי פערקעהרען, און אין וואָס
פאַר אַ געזעלשאַפט; וויפיעל געלד דאָס קאָסט —
און אויסגעפינענדיג אַזוי אַרום
אַז זיי זיינען בעקאַנט מיט איהם, טרעט נעהנטער צו.
פרעג נאָך אויף איהם, אַ שטייגער, ווי דו ווייסט
פון איהם פון וויטען; קאָנסט זיין פאָטער גוט;
קאָנסט אויך זיינע בעקאַנטע פון דער היים;
איהם אויך אַ ביסעל: דו פערשטעהסט, ריינאַלדאָ?

ריינאַלדאָ. כ'פערשטעה, פערשטעה עס זעהר גוט, מיין הערר.

פּאָלאָניוס. פערשטעהסט — אויך איהם אַ ביסעל, נור ניט גוט.
נור אויב ס'איז דער וועמען דו מיינסט, איז עס
אַ חברה־מאַן אַ בראַנד, פון ערשטען גראַד —
מאָגסט אָנדערצעהלען וואָס דו ווילסט אַליין —

נור זעה, גיב אַכט, זיין עהרע ניט פערשמוצען.
דערצעהל פון אונגעצוימטע שטיפערייען,
פון ווילדע איינפאַלען, אַזעלכע וואָס
בעגלייטען יונגע טעג און פרייהייט.
ריינאַלדאָ. אַ שטייגער, ווי דאָס קאָרטענשפּיעל?
פּאָלאָניוס. נו יא:
ווי טרינקען, פעכטען, שווערען, הולטעווען —
נור ווייטער פון דעם אַלעם זאָלסט ניט געהן.
ריינאַלדאָ. דאָס אָבער וועט דאָך איהם פערשמוצען?
פּאָלאָניוס. ניין,
אויב נור דו וועסט פערשטעהן ווי אומצוגעהן דערמיט:
בעלויכט די פעהלער מיט אַזאַ מין ליכט
זיי זאָלען אויסזעהן ווי אַ פלעק פון פרייהייט,
דער בליץ און אויסברוך פון אַ פייעריג האַרץ,
דאָס קאָכען פונ'ם אונגעצוימטען בלוט —
דער ברען פון יוגענד.
ריינאַלדאָ. האָך פערשטעה איך ניט —
פּאָלאָניוס. צו וואָס דו זאָלסט עס טהאָן?
ריינאַלדאָ. געוויס, מיין הערר.
כ'וואָלט וועלען וויסען.
פּאָלאָניוס. גוט, דאָס מיין איך ערשט —
ווי מיר דאַכט, איז עס גאָר ניט ווייט פון וועג.
דו, וואַרפענדיג די פלעקען אויף מיין זוהן,
אַז זיינע מעשים זיינען ניט אין גאַנצען ריין —
פערשטעהסט — אויך דער מיט וועמען דו וועסט רעדען
האָט אויך שוין ווען ניט איז געזעהן, אַז ער
האָט דאָס צי יענס געטהאָן וואָס איז ניט רעכט —
מאָגסט זיכער זיין, ער וועט זיך אָנרופען אַזוי:
„מיין ליעבער העררי", צי „פריינד", צי „אדעלמאַן",
לויט ווי ס'איז אָנגענומען צו בעגריסען
אין יענעם לאַנד דאָרטען.
ריינאַלדאָ. נו, גוט — וואָס ווייטער?
פּאָלאָניוס. און דאַן וועט ער — וועט ער — יאָ, וואָס האָב

איך געוואָלט זאָגען? ביי גאָט, כ'האָב עפּעס געוואָלט אויס־
פיהרען: וואו האַלט איך?

ריינאַלדאָ. וועט ער זיך אָנרופען: „מיין העררּ", צי „אדעלמאַן"—

פּאָלאָניוס. וועט ער זיך אָנרופען אזוי: — יא, גוט; —
און זאָגען דיר: „איך קאָן דאָך וואויל דעם יונג;
איך האָב איהם נעכטען, צי דעם אנדער טאָג
געזעהען מיט יענער אָדער יענעם, דאָ און דאָרט,
ביים קאָרטענטיש, צי ערגעץ אנדערשוואו;
מיר דאַכט, כ'האָב איהם געזעהן אין א געשלעג"; צי גאָר:
„כ'האָב איהם געזעהן אריינגעהן אין א פרעהליך הייזעל" —
צי עפּעס עהנליכעס. פערשטעהסטו מיך:
אזוי ארום, אין נעץ פון פאַלשקייטען,
וועסטו דעם ריינעם אמת אויסגעפינען.
פערשטעהסט, אזוי דערגעהט דער מענש מיט שכל
דורך הינטערוועגען וואָס עס לוינט זיך איהם.
אזוי אויך זאָלסטו האַנדלען לויט מיין ראטה,
און אויסגעפינען אַלץ וועגען מיין זוהן.
האָסטו פערשטאַנען?

ריינאַלדאָ. איך פערשטעה אייך גוט.

פּאָלאָניוס. זאָל גאָט בעגלייטען דיך.

ריינאַלדאָ. מיין ליעבער העררּ.

פּאָלאָניוס. און קוק זיך צו צו זיינע מעשים.

ריינאַלדאָ. גוט.

פּאָלאָניוס. און זאָל ער מיט מוזיק זיך אָבגעבען.

ריינאַלדאָ. איך הער.

פּאָלאָניוס. נו, געה געזונד. (ריינאַלדאָ אָב.)

(אָפעליאָ טרעט אויף.)

וואָס איז אָפעליאַ?

אָפעליאַ. אָ, פאָטער, פאָטער — כ'בין אזוי דערשראָקען!

פּאָלאָניוס. אום גאָטעס ווילען, זאָג וואָס איז?

אָפעליאַ. מיין גאָט!
איך בין געזעסען אין מיין צימער און גענעהט —
ערשט פלוצלונג איז פרינץ האמלעט אָנגעקומען:

זיין מאנטעל איז געווען צוריסען, און זיין קאפ
ענטבלויזט, זיין פנים בלאס, מיט וואקלדיגע קניע —
און ס'איז אזוי פיעל צער געלעגען אין זיין בליק,
אזוי ווי ס'וואלט דער גיהנם איהם אהער געשיקט
דערצעהלען אלע זיינע שרעקען צו דער וועלט.
פאלאניוס. גערירט פון ליעבע?
אפעליא. כ'וויים ניט אויף געווים,
נור איך האב מורא, אז פון דעם.
פאלאניוס. און וואס
האט ער צו דיר גערעדט?
אפעליא. ער האט ביים האנד
מיך אנגענומען פעסט, געמאכט איין טריט
אויף הינטער, מיט דער צווייטער זיך פערשטעלט
די אויגען זיינע, און מיך אנגעקוקט אזוי
ווי ער וואלט וועלען מאלען מיינס א בילד.
אזוי איז ער געשטאנען לאנג. דערנאך,
האט ער, לייכט טרייסלענדיג מיין האנד, זיין קאפ
דריי מאל ארויף און דאן אראב געוויעגט;
ער האט געזיפצט אזוי רחמנות'דיג און שווער
ווי ס'וואלט צוריסען זיך זיין הארץ אויף שטיק,
און ס'וואלט זיין גייסט געשיידט זיך מיט'ן גוף.
דאן האט ער אבגעלאזט מיין האנד, זיין קאפ
געווענדט איבער זיין שולטער אויף צוריק,
און האט דעם וועג געפונען דורך דער טהיר
אהן הילף פון זיינע אויגען — ביז צו לעצט
ניט אברייסענד זיין טריבען בליק פון מיר.
פאלאניוס. קום, לאמיר געהן. איך וויל דעם קעניג זעהן.
אט דאס איז וואהר די משוגעת פון ליעבע
וואס ווערט אליין און אויף איהר אייגען פלאם פערצערט
און טרייבט אונז צו פערצווייפלונג און צו לייד —
אזוי גוט ווי די אנד'רע ליידענשאפטען
וואס קוועלען אונז. עס טהוט מיר זעהר לייד.

האסטו איהם ניט צו גראב בעהאנדעלט?

אפעליא. ניין,

מיין פאטער, נור ווי איהר האט מיר געראטהען:
כ'האב בלויז ניט צוגענומען זיינע בריעף
און ניט ערלויבט מיך זעהן.

פאלאניוס. פון דאנען נעהמט זיך עס.
א שאד וואס כ'האב איהם בעסער ניט פערשטאנען.
כ'האב אנגסט געהאט, אז האמלעט טרייבט בלויז שפאס
און מיינט נור דיך פערפיהרען. זיי פערפלוכט,
דו שענדליכער פערדאכט. מיר, אלטע לייט,
מיר ציהען שוין צופיעל דעם שטריק אריבער —
אין געגענזאץ צום יונגענמאן, וואס איז
צו וועניג פארזיכטיג. קום, לאמיר געהן:
דער קעניג מוז אלץ וויסען. ס'וואלט פיעל ערגער זיין
די ליעבע פונ'ם קעניג צו פערדעקען
ווי האמלעט'ס סוד פאר איהם ענטפלעקען. קום.
(ביידע אב.)

---

## צווייטע סצענע.

א צימער אין שלאס.

(עס טרעטען אויף: דער קעניג, די קעניגין, ראזענקראנץ, גילדענשטערן און בעגלייטער.)

קעניג. געגריסט זייט, ראזענקראנץ און גילדענשטערן!
דען אויסער וואס מיר האבען שוין נאך אייך געביינקט
בענויטיגען מיר זיך אין אייער דיענסט —
און דאס האט אונז געצוואונגען אייך צו רופען.
איהר האט געוויס געהערט פון האמלעט'ס צושטאנד,
פון זיין פערענדערונג — איך זאג אזוי,
ווייל ער איז מעהר, ניט קערפערליך, ניט גייסטיג,
דער זעלבער האמלעט וואס געוועזן אמאל.
וואס דאס זאל זיין, וואס האט דעם פרינץ געריהרט —

אויב ניט זיין פאטער'ס טויט — איז אונז ניט קלאר.
דרום בעט איך אייך: איהר זייט דאך זיינע פריינד,
די פריינד פון זיינע יונגע טעג, צוזאמען
דערצויגען און געלערענט זיך אין שוהל —
אז איהר זאלט בלייבען דא מיט אונז אין הויף
א קורצע צייט: בעמיהט זיך איהם אריינציהען
אין פרעהליך לעבען, לוסט און שטיפעריי;
און אויב ס'וועט אייך געלינגען צו דערגעהן —
דערגעהט די אורזאך וואס איהם דריקט אזוי,
דאן וועלען מיר א מיטעל קענען דעם געפינען.
קעניגין. פיעל, זעהר פיעל האט ער גערעדט פון אייך.
כ'בין איבערצייגט, אז ער איז ניט צו קיינעם
אזוי שטארק צוגעבונדען ווי צו אייך.
אויב איהר וועט אזוי פריינדליך זיין, א טהייל
פון אייער צייט פאר אונזער האפנונג ווידמען —
דאן וועלען מיר אייך קעניגליך בעלוינען.
ראזענקראנץ. איהר זייט בעפאלמעכטיגט דורך גאט'ס גענאד:
איהר ברויכט ניט בעטען — בלויז בעפעהלען אונז.
גילדענשטערן. און מיר'ן פאלגען אייך. דא שטעהען מיר
מיט לייב און לעבען דיענען אייך בערייט.
קעניג. דאנק, ראזענקראנץ און ליעבער גילדענשטערן.
קעניגין. דאנק, גילדענשטערן און ליעבער ראזענקראנץ:
איך בעט אייך באלד מיין האמלעטען בעזוכען —
ווי ער האט זיך געענדערט! עמיץ וועט
אייך אבפיהרען אהין וואו האמלעט איז.
גילדענשטערן. זאל גאט בעגליקען אונזער אונטערנעהמונג
צום גליק פאר האמלעטען.
קעניגין. אמן.

(ראזענקראנץ, גילדענשטערן און אייניגע פון די בעגלייטער אב.
פאלאניוס טרעט אויף.)

פאלאניוס. די געזאנדעטע פון נארוועגען, מיין גוטער קעניג, האָ־
בען זיך מיט פרעהליכע נייעס צוריקגעקעהרט אהיים.

קעניג. ביזט אימער נאָך דער אָנזאָגער פון גוטע נייעס.
פּאָלאָניוס. צי איך ברייננ גוטס? כ'פערזיכער אייך, מיין הערשער,
מיין פליכט איז טהייער מיר ווי ס'איז מיין לעבען —
און ביידען לייג איך פאַר מיין גאָט און קעניג.
ס'איז מיר שוין קלאָר אצינד — וועו ניט, איז שוין
מיין קאָפּ ניט פלינק אזוי ווי ס'איז געווען —
אַז כ'האָב פון האַמלעט'ס משוגעת דעם סוד
דערגאַנגען.
קעניגין. רייד, דערצעהל אַלץ וואָס דו ווייסט.
פּאָלאָניוס. צוערשט נעהמט די געזאַנדטע אייערע אויף:
מיין נייעס וועט דער דעסערט זיין נאָכ'ן פעסט.
קעניג. גיב אָב זיי כבוד, ברייננ זיי דו אריין.
(פּאָלאָניוס אָב.)
קעניג. ער זאָגט, מיין טהייערע גערטרודא,
אַז ער האָט יענעם שווערען סוד דערגאַנגען
פון האַמלעט'ס קראַנקהייט.
קעניגין. כ'צווייפעל צי דאָ איז
אַ צווייטע אורזאַך, ווי זיין פאָטער'ס טויט
און אונזער גיכע הייראַט.
קעניג. מיר'ן זעהן.
(עס טרעטען אויף: פּאָלאָניוס, וואָלטימאַנד און קאָרנעליוס.)
קעניג. געגריסט זייט האַרציג, מיינע ליעבע פריינד.
וואָס גוטס האָסטו געבראַכט פון אונזער ברודער,
דעם קעניג פון נאָרוועגען, וואָלטימאַנד?
וואָלטימאַנד. די בעסטע גליק־וואונשען, און גרוס אויף אייער גרוס.
ער האָט באַלד די בעוואָפנונג אָבגעשטעלט.
ער האָט געמיינט, זיין נעפע גרייט זיך צו
אין קאַמפּף צו געהן אנטקעגען פּױלען־לאַנד.
נור טיעפער דרינגענדיג — איז ער דערגאַנגען,
אַז ס'איז געציעלט אויף אייך. און אויפגעבראַכט
וואָס מען האָט איהם צוליעב זיין הויכער עלטער

אזוי גענארט — האט ער געגעבען א בעפעהל
זיין נעפע צו פערהאלטען — און דער פרינץ
האט אונטערוואָרפען זיך צום קעניג'ס ווילען;
ער האט זיין וואָרט געגעבען צו זיין אָנקעל,
זיין שווערד אויף איך ניט מעהרער אויפצוהויבען.
דער אלטער קעניג, גליקליך איבער דעם,
האט איהם א יעהרליכען געשאנק געמאכט —
דריי טויזענד קראָנען — און איהם אויך ערלויבט
צו פיהרען זיינע קריגערישע זעלנער
אין קאמפף אנטקעגען פוילען־פאָלק. ער בעט —
(דערלאנגט דעם קעניג א פאפיער)
דא וועט איהר אויספיהרליך פון דעם געפינען:
אז איהר זאָלט איהם ערלויבען, זיין ארמיי
דורך אייער לאנד צו פיהרען אויף זיין פיינד —
אויף די בעדינגונגען פון זיכערקייט
און געלד בעלוינונג, ווי ס'איז דא בעשריבען.
קעניג. מיר וועלען אין א מעהרער פרייער צייט
דעם בריעף בעטראכטען און אן ענטפער געבען.
דערווייל — מיין טיעפסטען דאנק פאר אייער מיה.
אצינד, געהט רוהט זיך אוים פון וועג — ביינאכט
זאָלט איהר צו אונזער פעסט ערשיינען דא.
כ'בין גערן אייך צו זעהן.
(וואָלטימאַנד און קאָרנעליוס אב.)
פאלאָניוס. מיט מזל און מיט גליק.
מיין קעניג און מיין קעניגין, צו ריידען פיעל
וואס הייסט א קעניג'ס מאכט און וואס הייסט פליכט —
וואָלט הייסען זאָגען: טאָג איז טאָג, און נאכט איז נאכט,
און צייט איז צייט — דאס אלץ וואָלט מיינען: אויסברייננגען
דעם טאָג און נאכט און צייט אויף גאָרנישט. דרום, —
ווייל קורצקייט איז פון שכל די נשמה
און פיעלע ווערטער זיינען בלויז בעפוצונג —
וועל איך זיין קורץ: ס'איז אייער זוהן משוגע.
איך רוף אזוי אן האמלעטען דערפאר,

ווייל אין וואָס אַנדערש שטעקט די משוגעת,
אויב ניט אין דעם, וואָס ס'איז דער מענש משוגע?
ניט האָס אָבער.

קעניגין. אַביסעל וועניגער גיט קונסט —
און מעהרער פאַקטען.

פּאָלאָניוס. כ'גיב מיין עהרענוואָרט,
אַז מיינע ווערטער זיינען ריין פון קונסט.
ס'איז בלויז דער אמת, אַז ער איז משוגע:
ס'איז אמת אויך אַז ס'איז אַ שאָד, און ס'איז
אַ שאָד ס'איז אמת. נאַריש ווערטער־שפּיעל —
וועל איך אָהן קונסט דערצעהלען וואָס איך וויים.
איז אָנגענומען, אַז ער איז געריהרט פון זין —
אַצינד דאַרף מען דערגעהן די אורזאַך פון עפעקט,
צי, ריכטיגער געזאָגט, די אורזאַך פון דעפעקט,
ווייל אָט דער דאָזיגער דעפעקט־עפעקט
האָט דאָך געוויס זיין אורזאַך. אָט וואָס איז.
בענעהמט נור גוט די זאַך, וועט איהר פערשטעהן:
איך האָב אַ טאָכטער, האָב — ווייל זי איז מיינע —
האָט זי אוים פליכט און געהאָרכזאַמקייט
מיר אָט דעם בריעף געגעבען. הערט נור אוים. (לייענט)
„צו דער הימלישער, דער געטין פון מיין נשמה, דער וואונ־
דערבאַרער אָפעליאַ" — אַ שלעכטער אויסדרוק, אַן אויס־
געדראָשענער. „וואונדערבאַרע" — הם, אויסגעדראָשען, אַלט.
נור הערט וואָס געהט נאָכדעם. ווייטער: „אין איהר זיסער
ווייסער ברוסט", און אַזוי ווייטער.

קעניגין. האָט האַמלעט דאָס געשריבען?

פּאָלאָניוס. וואַרט, ערלויבט:
כ'וועל אַלץ דערקלערען. (לייענט.)
„מאָגסט צווייפלען צי די זון איז פייער,
מאָגסט צווייפלען צי דער שטערען גליהט;
מאָגסט צווייפלען אַלץ וואָס דיר איז טהייער —
מיין ליעבע אָבער צווייפעל ניט".
אָ, טהייערע אָפעליאַ, איך בין שוואַך אויף ריימען; איך בעזיץ ניט

די קונסט אין אַ מאָס מיינע זיפצען אויסצוגיסען; נור אַז איך ליעב דיך שטאַרק, און זעהר שטאַרק — דאָס מוזטו גלויבען. אַדיע. דיינער אויף אייביג, אַזוי לאַנג ווי מיין גוף איז מיינער.—האַמלעט.“

אַט דאָס האָט מיר מיין טאָכטער איבערגעגעבען
און מיר מיט יעדער איינצעלהייט דערצעהלט,
ווי ער האָט זיך אין ליעבע איהר דערקלערט.

קעניג. און ווי האָט זי זיין ליעבע אויפגענומען?

פּאָלאָניוס. וואָס דענקט איהר פאַר אַ מענש בין איך?

קעניג. איך דענק,
דו ביזט אַן עהרענהאַפטער בראַווער מאַן.

פּאָלאָניוס. און דאָס וועל איך דערווייזען. וואָס וואָלט איהר געטראַכט,
ווען איך האָב זייער ליעבע אויפפלאַמען געזעהן —
דען כ׳מוז אייך זאָגען, כ׳האָב עס גלייך בעמערקט
נאָך איידער ס׳האָט מיין טאָכטער מיר פערטרויט —
דעריבער זאָג איך: וואָס וואָלט איהר זיך, אָדער
די פרוי אייערע, די קעניגין, געטראַכט,
ווען איך וואָלט זיי אַלס בריעפטרעגער געדיענט,
צי איך וואָלט מיך ניט זעהענדיג געמאַכט —
וואָס וואָלט איהר דאַן געטראַכט? נור ניין, כ׳האָב באַלד
גענומען דאָס שעהן מיידעל אָן אַ זייט
און איהר פערזאָגט: „לאָרד האַמלעט איז אַ פּרינץ —
ס׳איז האַמלעט ניט דיין גלייכען; ס׳וועט ניט זיין.“
דאַן האָב איך שטרענג פערזאָגט איהר, זי זאָל ניט
אום קיין בעדינג פּרינץ האַמלעט אויפנעהמען
און קיין שלוחים, קיין געשאַנקען צונעהמען.
זי האָט מיין גוטע עצה רעכט פערנומען;
און ער, פערשטויסען — עס צו מאַכען קורץ —
אַריינגעפאַלען איז אין אומעט, שפּעטער
האָט ער אויך עסען אויפגעהערט, פערלאָרען שלאָף,
דאָס האָט איהם אָבגעשוואַכט און שלעכט געווירקט
אויף זיין פערשטאַנד — אַזוי נאָך, טריט נאָך טריט,
ביז צו זיין משוגעת און אונזער לייד.



סיר דזשאהנסטאן פארבסט ראבערטסאָן, אלס „האמלעט“.
און גערטרוד עליאט אלס „אפעליא“.

(אין סירקעל) לאורא קאואי אלס אפעליא אין „האמלעט“. — (ענגלישע שוישפיעלער)

קעניג. דענקסט אויך אזוי?

קעניגין. ס'קאן זעהר מעגליך זיין.

פאלאניוס. כ'וואלט וועלן וויסען, ווען עס האט פאסירט,
אז איך זאל מיט געוויסהייט זאגען „ס'איז אזוי"
און זאל זיך אנדערש אויסלאזען.

קעניג. כ'געדענק ניט.

פאלאניוס. איהר מאגט מיך קירצער מאכען מיט א קאפ,
אויב ס'איז ניט ווי איך זאג. האב איך די שפור
דערגאנגען פון א זאך — דערגעה איך שוין
דעם אמת ווי עס זאל ניט זיין בעהאלטען.

קעניג. ווי קאנען מיר אויף זיכער עס דערגעהן?

פאלאניוס. איהר ווייסט, עס טרעפט זיך, ער שפאציערט ארום
דא שטונדען לאנג.

קעניג. גאנץ ריכטיג, עס איז וואהר.

פאלאניוס. איך וועל איהם דא צונויפברייננגען מיט איהר.
מיר ביידע וועלען שטעהן הינטער דעם פארהאנג,
זיך צוקוקען צו זיי; אויב ס'איז ניט ליעבע,
און אויב ער איז פון ליעבע ניט גערירט —
פערדיען איך ניט צו זיין דעם קעניג'ס ראטגעבער,
דאן איז מיין פלאץ ביי זיינע פערד.

קעניג. מיר וועלען זעהן.

(האמלעט בעווייזט זיך לעזענדיג.)

קעניגין. בעטראכט ווי טרויעריג ער איז, מיין קינד.
ער געהט און לייענט.

פאלאניוס. כ'בעט אייך, געהט אוועק.
כ'וויל איהם ארייננציהען אין א געשפרעך.

(קעניג, קעניגין און בעגלייטער אב.)

פאלאניוס. ווי לעבט זיך אייך, פרינץ האמלעט?

האמלעט. מיט גאט'ס גנאדען, גוט.

פאלאניוס. איהר קאנט מיך, פרינץ?

האמלעט. אויסגעצייכנט. דו ביזט — א פישער.

פאלאניוס. ניט איך, מיין פרינץ.

האמלעט. דאן איז מיין וואונש, זאלסט אויך זיין אזוי עהרליך.

פּאָלאָניוס. עהרליך, פּרינץ?
האמלעט. יאָ, מיין הערר, זיין עהרליך מיינט, ווי ס'פּיהרט זיך אויף דער וועלט, זיין איינער פון צעהנטויזענד.
פּאָלאָניוס. ריינער אמת, פּרינץ.
האמלעט. ווארים אויב די זון, די געטליכקייט, בריהט אויס ווערים אין אַ הונד'ס נבלה — דו האָסט אַ טאָכטער?
פּאָלאָניוס. געוויס, מיין פּרינץ.
האמלעט. ניט לאָז זי אויף דער זון אַרויס; פרוכטבארקייט — איז גאָט'ס ברכה; נור אויב דיין טאָכטער וועט בעפרוכפּערט ווערען — פריינד, גיב אכטונג.
פּאָלאָניוס. (אָן אַ זייט) וואָס זאָגסטו ניט אויף דעם? האָט בלויז איין זאַך אין זינען: מיין טאָכטער. דאָך האָט ער מיך אין אָנהויב ניט דערקענט. מיך אָנגענומען פאַר אַ פישער. צו ווייט, צו ווייט איז ער פערקראָכען. דער אמת איז אָבער, אַז יונגערהייט האָב איך אויך גענוג זיך אָנגעליטען פון ליעבע — כמעט אַזוי ווי ער. כ'וועל ווידער פּראָווען. (הויך) וואָס לעזט איהר, פּרינץ?
האמלעט. ווערטער, ווערטער, ווערטער.
פּאָלאָניוס. אום וואָס האַנדעלט זיך דאָרט, פּרינץ?
האמלעט. ווער האַנדעלט?
פּאָלאָניוס. איך מיין, די האַנדלונג וואָס איהר לעזט דאָרט, פּרינץ.
האמלעט. בלויז רכילות. דער בעטריגער, דער אָבלאַכער וויל האָבען, אַז זקנים האָבען גרויע בערד, אַז זייערע פּנים'ער זיינען צוקנייטשט, זייערע אויגען זיינען פערפלוסט, און זיי בעזיצען אַן איבערגעניגענדען מאַנגעל אין שכל און שוואַכע פּיס. ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס איך בין העכסט איבערצייגט אין דעם אמת פון די אַלע זאַכען — דאָך, מיין איך, איז ניט אָרענטליך אַזוי צו שרייבען. דו אויך וואָלסט אַלט געוואָרען אַזוי ווי איך, ווען דו וואָלסט הינטערוויילעכס, ווי אַ קראַב, געקראָכען.
פּאָלאָניוס. (אָן אַ זייט) דאָס איז אַפילו משוגעת — דאָך איז עס אויסגעהאַלטען. (הויך) צי ווילט איהר ניט בעהאַלטען זיך פון ווינד, פּרינץ?

האמלעט. אין קבר.

פּאָלאָניוס. דער קבר שיצט אונז מיט אַן אמת פון׳ם ווינד. (אַ זייט) ווי שאַרפזיניג זיין ענטפער איז פון מאָל צו מאָל. און דאָס געלינגט אַמאָל געריהרטע מוחות פיעל פלינקער ווי גע־זונטע. אצינד וועל איך איהם איבערלאָזען און וועל איהם מיט מיין טאָכטער צונויפפיהרען. (הויך) ערלויבט מיר, פּרינץ, צו נעהמען פון אייך אַבשייד.

האמלעט. איך וועל קיין אנדער זאַך דיר אַזוי גיערינ געבען; מיט דער אויסנאַהם פון מיין לעבען, פון מיין לעבען, פון מיין לעבען.

פּאָלאָניוס. צום ווידערזעהן, מיין פּרינץ.

האמלעט. די אונערטרעגליכע אַלטע נאַרען.

(עס טרעטען אויף: ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן.)

פּאָלאָניוס. איהר זוכט געוויס פּרינץ האמלעט? דאָרט איז ער.

ראָזענקראַנץ. מיר דאַנקען אייך. (פּאָלאָניוס אַב.)

גילדענשטערן. געאַכטער פּרינץ!

ראָזענקראַנץ. און פיעל געליעבטער.

האמלעט. געטרייע פריינד מיינע! וואָס מאַכסטו גילדענשטערן? אַ, ראָזענקראַנץ! ווי געהט אייךביידען, מיינע ליעבע?

ראָזענקראַנץ. ווי אַלע דורכשניטס־מענשען פון דער ערד.

גילדענשטערן. גליקליך שוין דערפאַר ווייל מיר זיינען ניט איבער־גליקליך; מיר האָבען קיינמאָל נאָך צו דער פּאָרטונאַ׳ס הויכען זיך דערשלאָגען.

האמלעט. דערפאַר זייט איהר נאָך קיינמאָל ניט געוועזען די זוההל אונטער איהרע פיס.

ראָזענקראַנץ. דאָס אויך ניט, פּרינץ.

האמלעט. דאַן לעבט איהר ביי איהר גאַרטעל, אין רעכטען מיטעל־פונקט פון איהרע גענאָדען?

גילדענשטערן. ניטאָ אויף וואָס זיך צו בעקלאָגען. מיר זיינען גאַנץ נאָהנט מיט איהר.

האמלעט. אין די פערבאָרגענע טהיילען פון דער פּאָרטונאַ? יאָ,

ס'איז וואהר: זי איז אן אויסגעלאסענע פרוי. וואס הערט זיך עפעס גוטס?

ראזענקראנץ. קיין זאך ניט, פרינץ. סיידען וואס די וועלט ווערט עהרליכער.

האמלעט. הייסט עס, עס דערנעהנטערט זיך דער גרויסער יום־הדין. ס'איז אבער אייער נייעס ניט ריכטיג. ערלויבט מיך אבער אויספיהרליך אייך פרעגען: מיט וואס האט איהר זיך, מיינע פריינד, פערזינדיגט פאר דער פרוי פארטונא, וואס זי האט אייך פערשיקט אהער, אין תפיסה?

גילדענשטערן. אין תפיסה, פרינץ?

האמלעט. דענעמארק איז א תפיסה.

ראזענקראנץ. דאן איז די גאנצע וועלט א תפיסה.

האמלעט. געוויס, אן אויסגעצייכענטע. איז פול מיט אבטהיילונגען, קאמערען און קעמערלעך; דענעמארק איז די ערגסטע פון זיי אלע.

ראזענקראנץ. מיר דענקען ניט אזוי, מיין פרינץ.

האמלעט. איז זי פאר אייך קיין תפיסה ניט. דען ס'איז קיין זאך ניט אן און פאר זיך, גוט צו שלעכט. ס'איז נור דער מענשליכער געדאנק וואס מאכט זיי פאר דאס ערשטע, צי דאס צווייטע. פאר מיר איז דענעמארק בלויז א תפיסה.

ראזענקראנץ. ס'איז בלויז אייער פערלאנג נאך רוהם, וואס מאכט זי פאר א תפיסה; ס'איז דענעמארק צו ענג פאר אייער גייסט.

האמלעט. א, גאט! איך וואלט געקאנט אין שאלעכץ פון א נוס פערקלייבען זיך און פאר א קעניג פון אונבעגרענצטע רוימען זיך רעכענען — ווען ניט פאר מיינע בייזע חלומות.

גילדענשטערן. און די חלומות—זיינען עהרגייץ. דען די נשמה פון עהרגייץ איז דעם חלום'ס שאטען.

האמלעט. דער חלום גופא איז דאך בלויז א שאטען.

ראזענקראנץ. גאנץ ריכטיג; עהרגייץ איז אזוי נעבעלדיג און לייכט, אז עס איז בלויז א שאטען'ס שאטען.

האמלעט. דאן זיינען אונזערע בעטלער — עפעס, און קעניגען און

גרויסע העלדען — בעטלער'ס שאָטענס. נו, לאָמיר בעסער געהן צום קעניג'ס הויף. איך בין שוין מיעד.

ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן. מיר זיינען גרייט אייך דיענען.

האַמלעט. ניט רעדט פון דיענען. איך וויל ניט אויף איין ברעטעל מיט מיינע איבעריגע דיענער אייך שטעלען. דעם אמת זאָגענדיג, בעקום איך דאָ אַ שוידערליכע בעדיענונג. ערלויבט מיך נור אויס ריינער פריינדשאַפט פרעגען: וואָס, זאָגט, האָט אייך אהער געבראַכט, נאָך עלסינאָר?

ראָזענקראַנץ. אייך צו בעזוכען, פרינץ; און מעהר גאָרניט.

האַמלעט. בעטלער וואָס איך בין — איך בין אפילו אָרעם מיט אַ דאַנק; נור איך בעדאַנק אייך, און גלויבט, מיין דאַנק האָט עפּעס מעהר דעם ווערטה פון אַ האַלבען שילינגער. נור, זאָגט מיר, פריינד, צי האָט מען ניט צומאָל נאָך אייך געשיקט? איז דאָס אליין אייך איינגעפאַלען? פרייוויליג? נו, קומט ארויס מיט אמת; רעדט, נו רעדט.

גילדענשטערן. וואָס קאָנען מיר אייך זאָגען, פרינץ?

האַמלעט. וואָס נור איהר ווילט אליין — נור אמת. נישט וואָהר, מען האָט נאָך אייך געשיקט? און אייער בליק בעשטעטיגט עס: עס קאָן ניט אייער עהרליכקייט עס פערמאַסקירען. איך ווייס, דער גוטער קעניג און די קעניגין האָבען נאָך אייך געשיקט.

ראָזענקראַנץ. נאָך וואָס?

האַמלעט. נאָך וואָס — דאָס דאַרפט איהר בעסער וויסען. איך בעשווער אייך האָ ביי די רעכטען פון אונזער ליעבשאַפט, ביי דעם בונד פון אונזער יוגענד, ביי די פליכטען פון אמת'ער ליעבע, ביי אלץ וואָס אייך איז טהייער און מיט וואָס אַ בעסערער רעדנער פאַר מיר וואָלט אייער האַרץ געריהרט — זייט אויפריכטיג און וואָהר מיט מיר: האָט מען נאָך אייך געשיקט, צי ניין?

ראָזענקראַנץ. (צו גילדענשטערן) נו, וואָס זאָגסטו?

האַמלעט. (אָן אַ זייט) גענוג, איך ווייס שוין אלץ. (הויך) אויב איך בין אייך טהייער — רעדט דעם ריינעם אמת.

גילדענשטערן. פרינץ, מען האָט נאָך אונז געשיקט.

האַמלעט. נאָך וואָס — וועל איך אייך זאָגען. דורך דעם וואָס איך וועל צוטרעפען וועט איהר פערשפּאָרען ארויסצוגעבען די זאַך און דערמיט אַרויסגעבען דעם קעניג'ס און דער קעניגין'ס סוד. די לעצטע צייט — איך ווייס אליין ניט ווי עס איז געקומען — האָב איך מיין גאַנצע לעבענסלוסט פערלאָרען, כ'האָב אויפגעהערט מיט ארבייט זיך פערנעהמען; און וואָהר, עס איז מיר אזוי שלעכט אויפ'ן הארצען, אז אָט די וואונדערבאַרע שאַפונג, די ערד, האָט אין מיינע אויגען דעם אויסזעהן פון אַן אונפּרוכטבאַרען גרויען שטיין בעקומען. דער וואונדערבאַרער הימעלסצעלט, די בלויע אויסשפּרייטונג וואָס ברענט מיט גאָלדען פייער — איז, דאכט זיך מיר, בלויז אַ געמיש פון נעבלען גיפטיגע. וואָס פאַר אַ שטיק פיינע אַרבייט איז דער מענש! ווי ערהאבען אין פערשטאנד! ווי אונבעגרענעצט אין זיינע פעהיגקייטען! ווי איינדרוקספאָל און וואונדערבאַר אין פאָרמען און בעוועגונג! אין זיינע מעשים — עהנליך צו אַ מלאך! אין זיין פערשטענדניס — עהנליך צו אַ גאָט! די שעהנקייט פון דער וועלט! די קרוין פון אַלץ וואָס לעבט! און דאָך — וואָס געהט מיר אָן דער קווינטעסענץ פון שטויב? עס לאַנגווייליגט מיך דער מאַן, עס לאַנגווייליגט מיך די פרוי — ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס פון דיין שמייכעל זעה איך, אז דו ביזט ניט איינפערשטאַנען.

ראָזענקראַנץ. עס איז מיר גאָר ניט איינגעפאַלען, פּרינץ.

האַמלעט. פאַרוואָס האָסטו געשמייכעלט ווען איך האָב געזאָגט „עס לאַנגווייליגט מיך דער מאַן"?

ראָזענקראַנץ. איך האָב געקלערט, וואָס פאַר אַ טרויעריגע אויפנאַהמע עס וועלען די שוישפּיעלער פון פּרינץ בעקומען; מיר האָבען זיי געטראָפען אויפ'ן וועג. זיי קומען דאָ אַהער, אייך פאָרצושלאָגען זייער דיענסט.

האַמלעט. דער יעניגער וואָס שפּיעלט דעם קעניג זאָל זיין אָנגעלייגט. זיין מאַיעסטעט זאָל מיין פולע אנערקענונג בעקומען. דער וואַנדלענדער ריטער וועט האָבען אַרבייט פאַר זיין שפּיעז און פאַנציר. דער ליעבהאָבער וועט ניט אומזיסט זיין זיפץ

אַרויפוואַרפען; דער קאָמיקער וועט זיין ראָל אין פריעדען
דערפיהרען; דער פּאַיאַץ וועט די לאַכעדיגע לאַכען מאַכען
און די העלדין וועט פריי איהרע געפיהלען אויסדריקען אויב
נור זי וועט זיך ניט אויסגליטשען אויף די בלאַנקע פערזען.
וואָס זיינען עס פאַר שוישפּיעלער?

ראָזענקראַנץ. די זעלבע שוישפיעלער וואָס זיינען אייך געווען אזוי געפעלען; די טראַגיקער פון שטאָדט־טהעאַטער.

האמלעט. ווי קומט עס וואָס זיי וואַנדערען אַרום? איז דען פאַר זיי אין יעדער אָרט ניט גלייכער, צו זיצען אויף איין אָרט?

ראָזענקראַנץ. איך גלויב, דערצו האָבען די נייע איינפיהרען געבראַכט.

האמלעט. צי זיינען זיי נאָך אַלץ אזוי בעליעבט ביים פאָלק ווי דענסטמאָל ווען איך בין אין דער שטאָדט געווען? און ווערען זייערע פאָרשטעלונגען נאָך אַלץ אזוי בעזוכט ווי דענסטמאָל?

ראָזענקראַנץ. ניין, ניט ווי ס'איז געווען.

האמלעט. ווי קומט עס? האָבען זיי פערצוויגען זיך מיט שימעל?

ראָזענקראַנץ. דאָס ניט. זיי גיבען זיך די זעלבע מיה וואָס פריהער; נור עס איז אויפגעקומען אַ נעסט פון פויגעלעך, פון קליינע קינדערלעך, וואָס זינגען העכער פון זייערע אייגענע שטימען און ווערען אָט דערפאַר אונמענשליך אַפּלאָדירט. זיי זיינען איצט אַריין אין מאָדע און רוישען פון די ברעטער פון דער פאָלקסביהנע אַראָב — אזוי, אַז מענשען מיט אַ שווערד אין האַנד ציטערען פאַר אַ גענזען־פעדער און האָבען ניט דעם מוטה אהין אַריינצוקומען.

האמלעט. וואָס דו רעדסט? נאָך קינדער? ווער גיט זיך אָב מיט זיי? פון וועמען קריגען זיי בעצאָהלט? און וועלען זיי זייער קונסט פאָרטזעצען דערנאָך, ווען זיי וועלען זייער קול פערלירען? און וועלען זיי ניט שפּעטער, ווען זיי וועלען מיטעלמעסיגקייטען אויסוואַקסען — וואָס איז גאַנץ וואַהרשיינליך, אויב זיי בעזיצען ניט קיין בעסערע מיטלען — בעשולדיגען די שרייבער, וואָס האָבען זיי פערפיהרט, זיי צווינגענדיג אַנטקעגען זייער אייגענע צוקונפט אַרויסצוזינגען?

ראָזענקראַנץ. יאַ, זיי האָבען געהאַט צו זינגען און צו זאָגען אויף
ביידע זייטען און דער עולם האָט עס ניט געהאַלטען פאַר אַ
זינד, זיי איינעם אויפ'ן צווייטען אָנרייצען. פאַר אַ געוויסע
צייט איז אונמעגליך געווען אַ גראָשען פאַר אַ שטיק בעקו־
מען—אויב ס'האָבען ניט דער דיכטער און די שוישפּיעלער די
געגנער זייערע מיט שמוץ פערוואָרפען.

האמלעט. איז עס מעגליך?

גילדענשטערן. עס איז גענוג געוועזען שפּאָט און שאַנד.

האמלעט. און די קינדער זיינען אַרויס די זיעגער?

ראָזענקראַנץ. אָהן אַ צווייפעל. זיי וואָלטען הערקולעסען אויף
בעזיעגט.

האמלעט. ס'איז גאָר ניט אַזוי זאָנדערבאַר. אַז מיין אָנקעל איז
קעניג פון דענעמארק, און די יעניגע וואָס וואָלטען איהם אַ
צונג אַרויסגעשטעקט בעת מיין פאָטער האָט געלעבט —
צאָהלען אַצינד צו צוואַנציג, פערציג, פופציג און גאַנצע הונ־
דערט דוקאַטען פאַר זיין בילד, אין מיניאַטור. צום טייוועל!
דאָ שטעקט עפּעס איבערנאַטירליכעס, ווען מען זאָל זיך
אַריינטראַכטען.

(טראָמפּייטענשפּיעל הינטער דער סצענע.)

גילדענשטערן. דאָ קומען אָן די שוישפּיעלער.

האמלעט. מיינע פריינד, זייט גוטע געסט אין עלסינאָר. גיט די
הענט; געסט נעהמט מען אימער צו מיט עטיקעט און זיסע
ווערטער; ערלויבט מיר אויך אייך אויפצונעהמען אָט מיט
דעם שטייגער — ווען ניט, וועט מיין בענעהמונג מיט די
שוישפּיעלער, און וועלכע, איך פערזיכער אייך, וועט אויסער־
ליך זיין זעהר פריינדליך, — אייך אויסווייזען פיעל פריינד־
ליכער ווי מיין בענעהמונג איז מיט אייך. איהר זייט מיר
אָנגעלייגטע געסט: נור איין זאַך האָבען זיי, מיין אָנקעל־
פאָטער און מיין טאַנטע־מוטער, פערזעהן.

גילדענשטערן. פערזעהן, מיט וואָס?

האמלעט. איך בין בלויז וואַהנזיניג ווען ס'בלאָזט אַ צפון־מערב־
דיגער ווינד; ווען ס'בלאָזט אָבער דער ווינד פון דרום זייט—
דאַן ווייס איך אויך פון פויגעל ביז אַ פיש דעם אונטערשיעד.

(פּאָלאָניוס טרעט אויף.)

פּאָלאָניוס. מיין בעסטען גרוס אייך, מיינע העררען.

האמלעט. הער אויס, גילדענשטערן, און אויך דו, ראָזענקראַנץ — אַ צוהערער אויף יעדען אויער — אַט דאָס גרויס קינד וואָס איהר קוקט דאָ אָן, איז נאָך אַלץ ניט אַרויסגעקראָכען פון די ווינדעלעך.

ראָזענקראַנץ. מעגליך, אַז ער איז אין זיי צום צווייטען מאָל אַריינגעקראָכען; ווי זאָגט מען עפּעס, מען פאַלט אַריין אין קינדהייט אויף דער עלטער.

האמלעט. איך וויים פאָראויס: ער קומט מיר פון די שוישפּיעלער דערצעהלען. נעהמט עס נור אין זין. יאָ ריכטיג דריי־צעהן האָט עס זיך פערלאָפען.

פּאָלאָניוס. פּרינץ, כ'האָב נייעס פאַר אייך —

האמלעט. הערר, כ'האָב נייעס פאַר אייך. ווען ראָסציוס איז געוועז אַ שוישפּיעלער אין רוים —

פּאָלאָניוס. שוישפּיעלער זיינען געקומען, פּרינץ.

האמלעט. געהט שוין, געהט.

פּאָלאָניוס. מיין עהרענוואָרט —

האמלעט. „און יעדער איז געקומען אויף אַן אייזעל" —

פּאָלאָניוס. די בעסטע אין דער וועלט! פון וואָס איהר ווילט אליין: טראַגעדיען, קאָמעדיען, היסטאָרישע דראַמען, פּאַסטאָ־ראַלע אידיליען, פּאַסטאָראַל־קאָמישע, היסטאָריש־פּאַסטאָראַ־לע, טראַגיש־היסטאָרישע, טראַגיש־קאָמיש־היסטאָריש־פּאַסטאָ־ראַלע, סצענע ניט אונטערבראָכען, פּאָעמען אונבעגרענעצט־לאַנגע. סענעקאַ איז ניט שווער פאַר זיי און פּלוטוס ניט צו לייכט. זיי זיינען אונפערגלייכבאַר ניט אין געשריבען און ניט אין אימפּראָוויזירט וואָרט.

האמלעט. אָ, יפתח, ריכטער אין ישראל, וואָס פאַר אַן אוצר דו האָסט עס פערמאָגט!

פּאָלאָניוס. וואָס פאַר אַן אוצר האָט ער דען געהאַט?

האמלעט. וואָס פאַר אַן אוצר?

„נור איין טאָכטער — און ניט מעהר
און געליעבט זי היים און טריי".

פּאָלאָניוס. נור פון מיין טאָכטער!
האַמלעט. האָב איך ניט רעכט דען, אַלטער יפתח?
פּאָלאָניוס. אויב מיך רופט איהר עס יפתח — האָב איך אויך אַ
טאָכטער וואָס איך ליעב זי היים און טריי.
האַמלעט. ניט מיט דעם אָבער לאָזט זיך עס אויס.
פּאָלאָניוס. ווי דען, מיין פּרינץ?
האַמלעט. ווי דען —

„עס וועט נעהמען אַ סוף,
עס וועט קומען די שטראָף"
און דערנאָך — ווייסטו דאָך אַליין —
„און די זאַך איז געשעהן
ווי ס'איז דאָרטען געווען" —

דאָס איבעריגע קענסטו אַרויסלייענען פון הייליגען כוך; איך מוז מיך פּאַסען קורץ; דו זעהסט, אָט קומען אָן די שויי־שפּיעלער. —

(שוישפּיעלער טרעטען אויף.)

מיט מזל און מיט גליק, מייסטער, איהר זייט מיר ווילקאָמען. כ'בין גליקליך אייך צו זעהן געזונד און שטאַרק. אָ, אַלטער פריינד, זעה נור ווי דיין פּנים איז בעוואָקסען זינט איך האָב דיך ניט געזעהן. צי קומסטו ניט צומאָל מאַסקירט? אויך דו, מיין שעהנהייט, דו ביזט דאָ? ביזט אויסגעוואַקסען, זיך צום הימעל אויפגעהויבען אויף אַ גאַנצען קנאַפּעל. זאָל גאָט געבען, דיין קול זאָל נאָך ניט קלינגען הייזעריג און פאַלש ווי דער קלאַנג פון אַן אָבגעריבענער אַלטער מטבע. נו, לאָמיר זיין געראָטען אין די פראַנצויזישע בראַווע יעגער וואָס וואַרפען זיך אויף דאָס ערשטע וואָס קומט זיי אונטער דער האַנד: עפּעס פערטראָגען. בעווייזט אונז וואָס איהר קענט. פלינק, עפּעס, וואָס זאָל ריהרען!
ערשער שוישפּיעלער. וואָס אונגעפעהר, מיין פּרינץ?
האַמלעט. איך האָב אַמאָל געהערט דיך לעזענדיג אַ זאַך, נאָר עס איז קיינמאָל ניט געשפּיעלט געוואָרען. און אפשר האָט מען דאָס יאָ איינמאָל געשפּיעלט, ווייל דאָס שטיק, ווי איך געדענק, האָט ניט ביי די מיליאָנען אויסגענומען — וואַרף פּערל

פאר חזירים! — נור לויט ווי איך האב עס אויפגעפאסט און אנדערע גרעסערע מבינים פאר מיר, איז עס געווען א מייס־טערהאפטע שטיק. די האנדלונג פיין דורכגעפיהרט און די בעארבייטונג — איינפאך און מיט געשמאק. איך געדענק, עמיץ האט זיך אויסגעדריקט, אז אין די ריימען פעהלען זאלץ און פעפער א ביסעל מעהר צו בעטעמ'ען דעם געדאנק, און אין די זאצען פעהלט געדאנק וואס זאל אנדייטען געפיהל אין דעם פערפאסער — נור ער האט עס אין אלגעמיין בעצייכענט אלס אן עהרליך, געזונד און אנגענעהם שטיק און פיעל מעהר אינערליך שעהן ווי בעפוצט. איבערהויפט איז מיר געפעלען דארט איין פלאץ: דארט וואו ענעאס דערצעהלט זיין געשיכטע צו דידא; און הויפטזעכליך, דער פלאץ וואו ס'רעדט זיך פון פריאם'ס ערמארדונג. אויב דו געדענקסט עס, הויב אן פונ'ם פערז — ווארט — לאמיר זיך דערמאהנען:

„דער בייזער פירוס, ווי אן אפריקאנער טיגער" —

ניין, ניט דאס — נור ס'הויבט זיך אן מיט „פירוס".

„דער בייזער פירוס, וועמעס שווארצע פאהן
האט שווארץ ווי זיין בעשלוס דערמאנט די נאכט
ווען ער איז איינגעקנוילט אין בויך פון פערד געלעגען —
האט איצט זיין שווארצען שוידערליכען אויסזעהן
אויף ערגערס נאך געטווישט: פון קאפ ביז צו די פיס
אין רויטען איינגעטונקט, בעשפריצט אין בלוט
פון פאטערס, מוטערס, טעכטער, זיהן, — צופלאמט,
בעלויכטען פון די פייעריגע גאסען
וואס האבען זייער מערדעריש פערשאלטען ליכט
צום קעניג־מארד געגעבען. פלאם־צוגליהט,
מיט בלוט פערבאקען אויף זיין קלייד און שווערד,
מיט אויגען — פלאמען, זוכט דער בייזער פירוס
דעם פאטער פון פריאם" —

נו, ווייטער.

פאלאניוס. ביי גאט, מיין פרינץ, איהר דעקלאמירט דאך אויסגעצייכענט, מיט גרויס געפיהל און מיט א גוטער אויסשפראך.

ערשטער שוישפיעלער.

„ער האָט איהם אויסגעזוכט:
אָהנמעכטיג איז געווען פּריאַם זיין פיינד צו שלאָגען;
זיין שווערד האָט, אונגעהאָרכזאַם, ניט געדיענט —
און ליעגט, וואו ס'איז געפאַלען, אינ'ם שטויב.
אַ וואוטהענדער, איז פּירוס איהם בעפאַלען
און ווי אַ בליץ אַ פאָך געטהאָן זיין שווערד —
און ס'איז דער אַלטער בלויז פון שניט פון ווינד
געפאַלען צו דער ערד — און טראָיאַ, האַלב שוין טויט,
אַזוי ווי זי וואָלט פּלוצים עס דערפיהלט,
האָט זיך מיט ברענענדיגען קאָפּ געבויגען,
און מיט אַ שוידערליכען קראַך אין שטויב געפאַלען —
און אָבגעהילכט אין פּירוס' אויער שווער.
זיין שווערד וואָס האָט זיך שוין אראָבגעלאָזען
צו פאַלען אויף דעם ווייסען אַלטען קעניג'ס קאָפּ —
געבליבען איז בלויז הייגגען אין דער לופטען.
און פּירוס, ווי פון שטיין געהאַקט, ווי ס'וואָלטען
זיין ווילען און זיין כח איהם פערלאָזען —
איז שטעהן געבליבען אַ פערגליווערטער. נור באַלד —
גלייך ווי מיר זעהען עס פאַר אַ שטורעם צו:
דער הימעל ליעגט פערוואָלקענט שוואַרץ און שווייגט,
דעם ווינד נעהמט אָב זיין לשון, און די ערד
ליעגט שטום אין שטילשווייגען, ווי טויט פערקלעמט —
דאָך אָט יאָגט אָן דער בייזער דונער ווילד —
אַזוי איז, נאָך דער שטילער רגע, פּירוס
נאָך בייזער, פינסטערער, צו זיך געקומען.
און קיינמאָל פריהער איז דער שווערער האַמער
פון דעם ציקלאָפּען-פאָלק אויף מאַרס'עס פּאַנציער
אַזוי ניט שווער געפאַלען, ווי ס'איז פּירוס' שווערד
אראָבגעפאַלען אויף דעם אַלטען קעניג.
אוועק! אוועק! פעררעטהערין-פאָרטונאַ!
אָ, געטער, נעהמט אוועק פון איהר איהר מאַכט!
צוברעכט אין שטיק די רעדער פון איהר וואָגען
און שטירצט איהם פון זיין הימעלס-הויף אראָב

אין טיעפען שווארצען תהום".

פּאָלאָניוס. דאָס איז צו לאַנג.

האמלעט. ווי דיין באָרד. עס וואָלט ניט שאַדען זיי ביידען אַרומצושערען. איך בעט דיך, געה ווייטער. פאַר איהם מוז זיין מיט פּויקען און מיט טענץ — ווען ניט, ווערט ער אַנטשלאָפען. געה איבער צו העקובאַ.

ערשטער שוישפּיעלער.

„נור ווער, אוי ווער, עס האָט אין טרויער־קלייד
די קעניגין געזעהן" —

האמלעט. די קעניגין
אין טרויער־קלייד?

פּאָלאָניוס. ס'איז גוט: „די קעניגין
אין טרויער־קלייד" — איז גוט.

ערשטער שוישפּיעלער.

„ווי זי איז באָרוועס
אַרומגעלאָפען הין און הער, ווי זי וואָלט ווילען
דעם פייער־ים פערגיסען מיט די טרערען;
אַ שמאַטע אויפ'ן קאָפּ, אויף וועלכען ס'האָט ניט לאַנג
צוריק די קרוין געגלאַנצט; אנשטאַט אַ הילע,
אויף איהרע שוואַכע אויסגעצערטע לענדען
אַ דעקע אַנגעוואָרפען אין איהר טויט־שרעק —
ווער ס'וואָלט דאָס בילד געזעהן, דער וואָלט געוויס
די געטין פונ'ם גליק מיט גאַל בעשפּיגען.
נור אויב די געטער וואָלטען זי דערבליקט
ווען זי האָט צוגעזעהן ווי פּירוס האָט
איהר מאַן און קעניג'ס קערפּער בייז צופערטעלט,
ווען זיי וואָלטען איהר האַרץ־געשריי דערהאָרכט —
דאַן וואָלטען זיי — אויב נור זיי האָבען מיטגעפיהל —
די פייערדיגע שטערען אין דעם הימעל
אין טרערען זודיגע געמאַכט צו שמעלצען,
און מיטלייד אויפגעוועקט ביי אַלע געטער".

פּאָלאָניוס. זעהט נור, זעהט, ווי ער האָט זיך אין גאַנצען געביטען

און טרערען זיינען אַנגעלאָפען אין די אויגען. גענוג, אום גאָטעס ווילען.

האמלעט. ס'איז גוט. דאָס איבעריגע וועל איך דיך בעטען ענדיגען אַן אנדערש מאָל. מיין ליעבער פריינד, וועט איהר אפשר די שוישפּיעלער בעזאָרגען? איהר הערט, זאָלען זיי בעקומען אַ גוטע אויפנאַהמע, ווייל זיי זיינען דער שפּיעגעל און די פערקירצטע געשיכטע־פערצייכניס פון זייער צייט. גלויבט מיר, אַ שלעכטע עפּיטאַפּיע וועט אייך וועניגער שאַדען נאָך אייער טויט, ווי אַ שלאָגענדע עפּיגראַמע פון זייערע ליפּען ביי אייער לעבען.

פּאָלאָניוס. איך וועל זיי אויפנעהמען לויט זייערע פערדינסטען.

האמלעט. ניין, איהר מוזט זיי בעסער אויפנעהמען; ווען מען זאָל מיט יעדען איינעם בענעהמען זיך לויט זיינע פערדיענסטען — ווער וועט זיך פון אַ שפּיי אויסהיטען? איהר זאָלט זיי אויפנעהמען לויט אייער אייגענעם כבוד און ראַנג; וואָס וועניגער זיי פערדיענען עס, אַלץ גרעסער אייער פרייגיביגקייט. נו, פיהרט זיי אָב.

פּאָלאָניוס. קומט, מיינע הערען.

האמלעט. געהט, פריינד, מיט איהם; און מאָרגען וועלען מיר אייך הערען שפּיעלען. (פּאָלאָניוס מיט די שוישפּיעלער, אויסער דעם ערשטען, אָב.) הער נור, אַלטער פריינד, קאָנט איהר אויפפיהרען די ערמאָרדונג פון גאָנזאַגאַ?

ערשטער שוישפּיעלער. געוויס, פּרינץ.

האמלעט. וועט איהר עס מאָרגען אויפפיהרען. איהר וועט דאָך קענען, אויב ס'וועט נויטיג זיין, אויסלערנען אַ טוצען סטראָפען, וואָס מיר ווילט זיך אַהין אריינשטעלען — ניט וואָהר?

ערשטער שוישפּיעלער. מיט פערגעניגען, פּרינץ.

האמלעט. אויסגעצייכענט. אַצינד בעגלייט איהם, אָבער לאַכט פון איהם ניט אָב. (ערשטער שוישפּיעלער אָב.) מיינע ליעבע פריינד, צום ווידערזעהן ביינאַכט. איהר זייט מיר ווילקאָמען אין עלסינאָר.

ראָזענקראַנץ. מיר האָרכען. פּרינץ.

האמלעט. נו, גאָט זאָל זיין מיט אייך.

(ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן אָב.)

אצינד בין איך אליין.

וואָס פאַר אַ נידריגער, געמיינער שקלאַף איך בין!
איז דאָס ניט וואונדערבאר: דער שפּיעלער דאָ,
האָט אין דער אויסגעטראַכטער זאַך, אין חלום בלויז
מיט לייב און לעבען זיך אריינגעטהאָן — און ס'איז
זיין פּנים פון אַ פרעמדען לייד געוואָרען בלאַס
און טרערען ציטערען אין זיינע אויגען,
און די געזיכטסציגע פערקרימט פון צער,
זיין קול געבראָכען, און זיין גאַנצער גוף
האָט צוגעפּאַסט זיך צו זיין לייד. און צוליעב וואָס?
צוליעב העקובאַ!
וואָס איז העקובאַ זיינע — אָדער ער העקובאַ'ס,
אַז ער זאָל ליידען? וואָס וואָלט ער געטהאָן
ווען ער וואָלט מיינע אורזאַכען געהאַט?
ער וואָלט מיט טרערען דאַן פערשווענקט די סצענע
און מיט אַ וואָרט אַ שוידערליך פערטויבט
וואָלט ער די צושויער: די שולדיגע
ביז משוגעת דערפיהרט, די אונשולדיגע
געוואָרפען אין אַ שרעק, דעם גאָר־ניט־וויסענדען
ערשטוינט, און אויג און אויער איבערראַשט!
און איך —
וואָס פאַר אַ נידערטרעכטיגער בין איך —
טראָג זיך אַרום מיט אונפּרוכטבארע טרוימען,
און האָב ניט וואָס צו זאָגען; ניין, אפילו ניט
איין וואָרט, זיך איינצושטעלען פאַר אַ קעניג
אויף וועמעס טהראָן און לעבען ס'איז בעגאַנגען
אַ הימעל־שרייענדעס פערברעך געוואָרען.
בין איך אַ פייגלינג? הא, ווערט רופט מיך אויסוואורף?
ווער וואגט מיין מח מיר אויף שטיק צו שפּאַלטען?
ווער צופּט מיין באָרד און שפּייט מיר אין געזיכט?
ווער שטופּט דעם שקר מיר אריין אין האַלז

ביז צו מיין לונג? ווער וואגט עס טהאן? הא, הא!
איך בין עס ווערטה! ביי גאט, עס איז ניט אנדערש
אז איך פערמאג א האזען-הארץ, פערמאג
קיין גאל אין זיך וואס זאל פערביטערען מיין לעבען.
ווען ניט — וואלט איך שוין מיט זיין פגר זאט געמאכט
דעם שווארצען ראב — פערפלוכטער נואף-מערדער!
דו בלוטיגער און טעמפער, נידעריגער מערדער!
א, בלוט פאר בלוט!
א, אייזעל וואס איך בין! ווי בראוו איך בין!
אז איך, דער זוהן פון דעם ערמארדעטען קעניג —
פון טייוועל און פון גאט געדרייצט צו ראכע —
מוז, ווי א גאסענפרוי, מיט ווערטער האנדלען
און ווי אן אלטע מכשפה שילטען!
די שמאך און שאנד! ווער טהעטיג מיין פערשטאנד!
הם! כ'האב געהערט, ניט איינמאל האט פאסירט
אז ס'האט פערברעכער אזוי טיעף געריהרט
ווען זיי האבען א קונסט-שטיק בייגעוואוינט —
אז זיי האבען ארויסגעגעבען זייער זינד.
ס'איז שטום דער מארד — דאך מוז ער צייטענווייז
זיך אויף א וואונדערבארען וועג ארויסזאגען.
די שפיעלער זאלען עפעס אויפפיהרען פאר איהם
אזוינס וואס עהנליכס צו מיין פאטער'ס טויט;
כ'וועל איינזאפען זיין יעדען בליק, בעוועגונג,
און אויספארשען וואס טהוט זיך אין זיין הארצען.
וועל איך דערגעהן — דאן וויים איך וואס צו טהאן.
דער גייסט וואס כ'האב געזעהן — קען זיין דער שטן:
ער קען אין יעדען אויסזעהן זיך פערשטעלען;
כ'בין מיעד און טרויעריג — ער האט די שליטה
אויף ליידענדע און עלענדע נשמות —
און וויל מיך פאנגען אין זיין נעץ פון זינד.
דעריבער דארף איך שטארקערע בעווייזען.
די פארשטעלונג וועט מיינע ספקות שליסען:
דאס וועט די פראבע זיין פאר זיין געוויסען. (אב.)

## דריטער אקט. — ערשטע סצענע.

### א צימער אין שלאָס.

(עס טרעטען אויף: דער קעניג, קעניגין, פּאָלאָניוס, אָפעליא,
ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן.)

קעניג. און איך האָט זיך ניט איינגעגעבען צו דערגעהן
פאַרוואָס ער שפּיעלט זיין טרויעריגע ראָל?
וואָס פאַר אַן אומגליק גיט איהם ניט קיין רוה,
און טרייבט איהם אויף געפאַהר און משוגעת?

ראָזענקראַנץ. ער זאָגט אַליין, ער איז גערירט פון זין —
די אורזאַך פון דעם זאָגט ער אָבער ניט.

גילדענשטערן. אויך לאָזט ער ניט בעריהרען זיך צו נאָהנט: ער האָט
אונז מיט אַ שפּיציג ווערטעל אָבגעשלאָגען
ווען מיר האָבען פון איהם געוואָלט דערגעהן
די וואַרהייט.

קעניג. ווי האָט ער איך אויפגענומען?

ראָזענקראַנץ. ווי ס'פּאַסט אַן אדעלמאַן.

גילדענשטערן. נור זעהר שטאַרק
געצוואונגען אין בענעהמונג.

ראָזענקראַנץ. קאַרג אויף פראַגען,
איז אָבער פרייגעביג אויף ענטפערס.

קעניגין. האָט איהר איהם אָנגערעגט צו לוסטיגקייט?

ראָזענקראַנץ. מיר האָבען צופעליג אין וועג בעגעגנט
אַ טרופּע שוישפּיעלער; מיר האָבען איהם
דערפון דערצעהלט — ער האָט אונז אויסגעהערט,
ווי ס'דאַכט זיך אונז, מיט פרייד; די שוישפּיעלער
געפינען זיך אצינד אין קעניג'ס שלאָס —
און, ווי מיר דאַכט, האָט ער זיי אָנגעזאָגט
צו שפּיעלען היינט ביי נאַכט פאַר איהם.

פּאָלאָניוס. ס'איז וואָהר:
ער האָט מיך אָנגעבעטען איך צו לאַדען
די פאָרשטעלונג צו זעהן.

קעניג. פון גאַנצען הארצען.
עס מאַכט מיר פרייד, צו הערען האַמלעט איז אַזוי
געשטימט צו גוטען. מיינע ליעבע פריינד,
איך בעט אייך, נאָך מעהר אָנרעגען אין איהם
די לוסט און דעם בעגעהר נאָך פערגעניגען.

ראָזענקראַנץ. מיר וועלען אונזער מיה ניט שוינען.

(ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן אָב.)

קעניג. אויך דו פערלאָז אונז, טרייע קעניגין.
מיר האָבען דאָ נאָך האַמלעטען געשיקט,
אום ער זאָל דאָ, ווי צופעליג, בעגעגנען
זיך מיט אָפעליא'ן; פּאָלאָניוס און איך,
מיר וועלען אין א ווינקעל זיך בעהאַלטען —
בעמערקען אַלץ און בלייבען אונבעמערקט;
פון זיין בענעהמונג וועלען מיר דערוויסען,
צי האַמלעט איז פון ליעבע קראַנק, צי ניין.

קעניגין. איך טהו דיין ווילען. און פאַר דיר, אָפעליא,
וואָלט איך געוואונשען, ס'זאָל דיין שעהנהייט זיין
די איין־און־איינציגע און גוטע אורזאַך
פון האַמלעט'ס אונזין — ס'וועט דיין טוגענד דאַן
צוריק אויף דעם געווינשטען וועג איהם פיהרען
אויף אייערביידענ'ס גליק.

אָפעליא. ס'איז מיין וואונש אויך.

(קעניגין אָב.)

פּאָלאָניוס. אָפעליא, בלייב דאָ. מיין קעניג, מיר וועלען
בעהאַלטען זיך.
(צו אָפעליא'ן) דו מאַך זיך לעזענדיג דאָס בוך,
דערמיט וועסטו בערעכטיגען דיין איינזאַמקייט.
מען דאַרף אונז אויסשטראָפען דערפאַר, וואָס אָפט
מיט אונזער אונשולדיגען פרומען אויסזעהן,
מיט אונזער צניעות'דיגער מאַסקע קאָנען מיר

דעם טייוועל גופא אבנארען.

קעניג. (אן א זייט) ווי וואהר!
וואס פאר א וואונד די ווערטער זיינע מאכען
אין הארצען מיר. דאס פנים פון א גאסענפרוי,
וואס איז מיט פארבען קינסטליך אנגעשמירט —
איז ניט מעהר עקעלהאפט ווי ס'איז מיין זינד,
בעהאלטען אונטער פאלשע ווערטער. גאט!
ווי שווער מיין משא איז!

פאלאניוס. איך הער איהם קומען!

(האמלעט טרעט אויף.)

האמלעט. זיין אדער ניט זיין? אט וואס ס'איז די פראגע.
איז איידעלער פאר'ן געמיט פערטראגען שטיל
דעם שליידער־שטיין און פייל פון בייזען מזל,
צי זיך בעוואפענען אנטקעגען ים פון לייד
און ענדיגען דעם קאמפף? א, שלאפען! שטארבען!
דאס גאר! און וויסען, אז מיר מאכען דורכ'ן שלאף
א סוף צו אונזער הארצוועהטאג און וואונדען
וואס ס'איז דער גורל פון א יעדען מענשען!
דאס איז דער העכסטער ציעל צו זיין גענארט!
א, טיעף־בעגעהרטער שלאף! וואַרט, שטארבען? שלאפען?
יא, שלאפען; אפשר חלום'ען אין שלאף —
אט וואו דער אומגליק איז; ווייל אין דעם טויטענשלאף
ווען מיר וועלען די לעבענס־קייטען אבטרייסלען —
ווער ווייסט, וואס פאר חלומות מיר'ן זעהן?
אט וואס פערצאמט דעם ווייטערדיגען וועג
און ציהט דעם אומגליק דורכ'ן לעבען לאנג.
ווער וואלט דעם בייטש פון לעבען דען פערטראגען,
דאס רעכט פון אומרעכט, יאך פון אונטערדריקער,
דאס שפאטען פון בעל גאוה, און די טיעפע וואונד
פון אונגליקליכער ליעבע, אונבעשטראפטע זינד,
בעליידיגונג פון אויסגעלאכטער טוגענד,
וואס טראגט דעם מוטוויליגענ'ס שפאט אריבער —
ווען ער אליין זאל קאנען רוה געפינען,

און מיט איין מעסער־שטאָך, אין אויגענבליק,
געקאָנט פון אַלע ליידען זיך בעפרייען?
ווער וואָלט די לאַסט פון לעבען אויף זיך טראָגען,
ווער וואָלט אונטער דעם שווערען יאָך געקניהט זיך —
ווען ניט די שרעק פאר עפּעס נאָכ'ן טויט,
פון אונערפאָרשטען לאַנד, פון וועלכען ס'האָט
קיין איינער נאָך ביז היינט צוריקגעקערט —
און מיר פערטראָגען בעסער אונזער לייד
ווי אין דעם אונבעקאַנטען לאַנד אַנטלויפען.
אַזוי מאַכט דאָס בעוואוסטזיין פון אונז שקלאַפען
און ס'ווערט די איינגעבאָרענע רויטקייט פון ענטשלוס
פערצויגען מיט אַ קריינקליך בלאַסקייט פון געדאַנק.
און אונטערנעהמונגען פון הויכען ראַנג און שוואונג
זיי מוזען אַבלענקען פון זייער וועג —
און בלייבען ניט פערווירקליכט. שטילער, 'צינד!
אָפעליא! אין דיין געבעט, מיין נימפע,
זאָלסטו צו גאָט פאר מיינע זינד אויך בעטען!
אָפעליא. ווי פיהלט איהר זיך, מיין פּרינץ, די לעצטע טעג?
ווי איז אייער געזונד?
האמלעט. מיין בעסטען דאַנק.
אָפעליא. איהר האָט אַמאָל מתנות מיר געשאָנקען —
שוין לאַנג ווי כ'האָב געוואָלט זיי אָבגעבען.
איך בעט אייך, נעהמט זיי צו.
האמלעט. ניט איך, ניט איך:
איך האָב דיר קיינמאָל ניט קיין זאַך געשאָנקען.
אָפעליא. בעליבטער פּרינץ, איהר ווייסט דאָך וואויל, אז יא;
צו די געשאַנקען האָט איהר ווערטער צוגעלייגט
וואָס האָבען זייער גרויסען ווערטה פערדאָפּעלט:
דער בלומענקראַנץ פערוועלקט — נעהמט זיי צוריק.
ניט טהייער זיינען פאר דעם הארץ וואָס ליעבט,
געשאָנקען פון אַ הארץ וואָס ליעבט ניט מעהר.
נעהמט זיי צו, פּרינץ.
האמלעט. הא, הא! ביזט עהרליך!

אָפעליאַ. פּרינץ!

האַמלעט. און שעהן?

אָפעליאַ. וואָס מיינט איהר מיט דעם זאָגען, פּרינץ?

האַמלעט. אַז אויב דו ביזט טוגענדהאַפט און שעהן — זאָל דיין טוגענד ניט האָבען צו טהאָן מיט דיין שעהנקייט.

אָפעליאַ. קאָן שעהנקייט אויסזוכען בעסערע חברים ווי טוגענד?

האַמלעט. נו, געוויס וועט שעהנקייט גיכער פערוואַנדלען טוגענד אין אויסגעלאַסענהייט איידער טוגענד וועט בעקערען שעהנ־קייט צו ווערען איהר גלייכען. אַמאָל איז עס געווען אַ פּאַראַ־דאָקס — אָבער היינט איז עס אַן אַקסיאָם. איך האָב אַמאָל געליעבט דיך.

אָפעליאַ. יאָ, פּרינץ — און מיך געמאַכט אין דעם צו גלויבען.

האַמלעט. האָסטו מיר ניט געזאָלט גלויבען. איהר קאָנט ניט איינפלאַנצען אין אונז קיין טוגענד אַז ס'זאָל קיין שפּור פון אַלטע זינד ניט בלייבען. איך האָב דיך ניט געליעבט.

אָפעליאַ. אַלץ מעהר בין איך געווען גענאַרט.

האַמלעט. פערשליס זיך אין אַ נאָנענקירך: נאָך וואָס זאָלסטו אַ נעסט פון זינדער אויסבריהען? אויך איך בין כלומרשט טוגענדהאַפט, דאָך קאָן איך מיך בעשולדיגען אין זאַכען, וואָס וואָלט געווען פיעל גלייכער מיין מוטער זאָל מיך ניט געווען געבוירען. איך בין שטאָלץ, ראַכעזיכטיג, אַמביציעז; עס שטעהען מיר פאָר אַזעלכע זינד פאַר וועלכע כ'האָב ניט גענוג פּלאַץ אין מיין געדאַנק זיי איינצולייגען; פאַנטאַזיע — זיי אין בילדער אָנצוקליידען, און צייט — זיי אויסצופיהרען. און נאָך וואָס דאַרפען גאָר אין גאַנצען אַזעלכע בעשעפּענישען ווי איך, צווישען הימעל און ערד אַרומקריכען? מיר זיינען אַלע אָב־נאַרער, בעטריגער; ניט גלויב אין אונז קיינעם, געה דיר דיין וועג: צום נאָנענקירך. וואו איז דיין פאָטער?

אָפעליאַ. אין דער היים.

האַמלעט. פערשליס טיר און טויער; זאָל ער דעם נאַרען שפּיעלען ניט ערגעץ אַנדערש ווי ביי זיך אין הויז. פערבלייב געזונד.

אָפעליאַ. ערבאַרעם זיך אויף איהם, גרויסער גאָט!

האַמלעט. אויב דו וועסט הייראַטען, דאַן שיינק איך דיר די קללה

מיין געשאַנק: זיי ריין ווי אייז און קלאָר ווי שניי — דאָך זאָלסטו פון פערליימדונג ניט זיין פריי. פערשליס זיך אין אַ נאָנענקירך. פערבלייב געזונד. נור אויב עס ווילט זיך דיר ניט אַנדערש הייראַטען — קלייב אויס אַ נאַרען. די קלוגע ווייסען וואויל וואָס פאַר פערזעהענישען איהר מאַכט פון זיי. אין נאָנענקירך פערשליס זיך — און וואָס גיכער. זיי געזונד.

אָפעליא. גרויסער גאָט! שיק איהם דיין רפואה!

האַמלעט. כ'האָב אויך געגוג זיך אָנגעהערט פון אייער מאָלער־קונסט. גאָט האָט אייך איין געזיכט געגעבען און איהר מאַכט פון דעם אַ צווייטעס. איהר וואַרפט זיך אום, טאַנצט, זינגט און גיט גאָט'ס בעשעפעניסען צונעמען אויף שפּאָט; מאַכט אַן אָנשטעל, אַז עס קומט פון אונוויסענהייט — אָבער עס איז בלויז איינפאַכער לייכטזין. אַוועק! איך קאָן ניט ריידען מעהר פון דעם: ס'האָט מיך פון זין געריהרט. איך זאָג — מיר וועלען מעהר קיין הייראַטען ניט האָבען. די וואָס זיינען שוין פערהייראַט זאָלען זיי זיך לעבען — אַלע, אויסער איינע. די איבריגע זאָלען זיין שוין ווי זיי זיינען. צו דער נאָנענ־קירך, געה! (האַמלעט אָב.)

אָפעליא. וואָס פאַר אַ גרויסער גייסט עס איז פערדונקעלט!
די צונג פון'ם געלעהרטען, קעניג'ס אויג
און קריעגער'ס שווערד — די האָפנונג פון'ם לאַנד,
דער שפּיגעל פאַר'ן פאָלק אין זיטען און פערשטאַנד —
אַלץ, אַלץ געוואָרען איז צו גאַרנישט.
און מיר, די נישטיגסטע פון אַלע פרויען,
וואָס האָט די זאַפט פון זיינע שבועות איינגעזאַפּט —
מיר איז בעשערט דעם אומגליק צו צוזעהן:
ווי ס'איז דער ליכטיגער געדאַנק פערלאָשען,
ווי ס'איז די פרישע שעהנקייט אָבגעשטאָרבען,
ווי ס'איז די פריהלינגס־בלום צופליקט פון שטורם!
וועה, וועה צו מיר! וואָס איך האָב פריה'ר געזעהן —
און וואָס איך מוז איצט צוזעהן מיט די אויגען!
(עס טרעטען אויף דער קעניג און פּאָלאָניוס.)

קעניג. ס'איז ליעבע? ניין, זיין קראַנקהייט איז ניט ליעבע!

אויך זיינע ווערטער — אויב ניט גאָר צו קלאָר —
דאָך ניט משוגע. ס'ליגט וואָס אין זיין הארצען,
אויף וואָס זיין שווער געמיט זיצט בריהענדיג;
און איך האָב מורא — ס'וועט זיך אויסבריהען
וואָס ס'איז געפעהרליכעס. אום דאָס פערמיידען —
בין איך געקומען צום בעשלוס אזוי צו טהאָן:
מיר זאָלען אונגעזאַמט דעם פרינץ נאָך ענגלאַנד שיקען
די ניט־בעצאָהלטע צינזען איינצומאָנען.
ס'קאָן זיין, דער ים, די רייזע, נייע לענדער
זיי וועלען פון זיין שווער געמיט ארויסשטויסען
דעם בייזען גייסט אום וועלכען זיין געדאַנק
דרעהט אום זיך גאָר אָהן אויפהער, ביז ער קאָן
אליין זיך ניט דערקענען. וואָס דענקסטו פון דעם?
פּאָלאָניוס. עס וועט איהם גוטעס טהאָן. דאָך בין איך זיכער
אז גאָר דער אָנהויב און זיין קוואַל פון לייד
שטאַמט פון אַן אונגליקליכער ליעבע. נו,
דו דאַרפסט אונז ניט דערצעהלען פון דעם פרינץ,
אָפעליאַ, מיר האָבען אַלץ געהערט. (אָפעליאַ אָב.)
מיין קעניג, טהוט ווי אייך געפעלט; נור אויב
איהר דיינקט ס'איז רעכט, זאָל נאָך דער פאָרשטעלונג
די קעניגין פערבעטען האַמלעטען צו זיך —
זאָל ער פאַר איהר ענטפלעקען זיין שווער האַרץ.
און איך, אויב איהר ערלויבט, וועל זיך בעהאַלטען
צו הערען דעם געשפרעך. אויב זי וועט אויך
פון איהם די אורזאַך ניט דערגעהן — דאַן שיקט
איהם אָב נאָך ענגלאַנד, אָדער ערגעץ אַנדערש,
צי שפּאַרט איהם איין, לויט ווי איהר וועט בעשליסען
אין אייער חכמה.
קעניג. איך מוז נעהמען שריט:
ס'מוז האַמלעט'ס משוגעת בעצייטענס זיין פערהיט.

(ביידע אָב.)

## צווייטע סצענע.

### אַ זאַל אין שלאָס.

(האַמלעט און די שוישפּיעלער.)

האַמלעט. איך בעט אייך, ברייננט דעם מאָנאָלאָג אַרויס ווי איך האָב אייך געלערנט: לייכט און ניט־אָנגעצוואונגען. און אויב איהר וועט זיך פּאַנאַנדערלאָזען אויפ'ן העכסטען טאָן — ווי פיעל פון אייערע חברה טהוען — וועט עס מיר אַזוי זיין צום האַרצען, ווי עס וואָלט דער גאַסען־הענדלער מיינע פערזען אויסשרייען. ניט זעגט די לופט צופיעל מיט אייערע הענד, אַזוי; זאָל אַלץ זיין מיט אַ מאָס. אפילו אין רעכטען מיטען פון מבול־שטורעם, און, ריכטיגער געזאָגט, אין רעכטען שטור־רעם־דראַנג פון אייער לייד — מוזט איהר געמעסיגט זיין, אום זייער שאַרפקייט צו פערגלעטען. עס בעליידיגט ביז צו דער נשמה צוצוזעהן ווי אַ געזונדטער לאַנגהאָריגער יונג צופליקט אַ צער אויף שטיקער, אויף פּיצלעך, אום אויסצונעהמען ביי דעם עולם וואָס האָט ניט קיין געשמאַק פאַר עפּעס אַנדערש, בלויז פאַר אונערקלערבאַרע פּאַנטאָמימען און דונער־געשרייען; אַזאַ מין יונג וואָלט איך לוסט געהאַט פאַר זיינע ווילדע שטיק און קולות אויספּאַטשען. איך בעט אייך, היט זיך אויס דערפון.

ערשטער שוישפּיעלער. איהר קאָנט זיך, פּרינץ, אויף אונז פערלאָזען.

האַמלעט. אויך זאָלט איהר ניט שפּיעלען צו נאַכלעסיג. זאָל אייער אייגען געשמאַק אייך לערנען. מימיק און וואָרט מוזען זיך צו־פּאַסען איינער צום צווייטען. איבערהויפּט גיט אַכטונג, ניט אַריבערגעהן די ראַמען פון נאַטירליכקייט. אַלץ וואָס איז אוננאַטירליך געהט אין געגענזאַץ צום טהעאַטער, וועמעס ציעל עס איז געווען, איז איצט, און וועט אויך אימער זיין — אָב־צושפּיעגלען די נאַטור אין זיך. גוטס, שלעכטס, צייט און מענשען מוזען קלאָר זיך אָנזעהן ווי אין שפּיגעל. שטעלט זיי אַרויס צו שטאַרק, אָדער צו שוואַך וועט איהר, פערשטעהט זיך, דעם גראָבען געשמאַק אַביסעל קיצלען, דערפאַר וועט עס דעם מבין ערגערען; און פאַר אייך איז זיין מיינונג וויכטיגער

ווי דעם גאַנצען טהעאַטער׳ס. איך האָב שוין געזעהן שוי־
שפּיעלער וואָס מען האָט ביז צום הימעל געהויבען — און אין
זייער אויסשפּראַך און בענעהמונג זיינען זיי עהנליך געווען —
ניט אויף קריסטען, ניט אויף אידען, ניט אויף געצענדיענער,
און בכלל אויף קיין מענשען ניט; האָבען אַזוי אַרויסגעטראָ־
טען און אַזוי געשריען, אַז איך האָב געמוזט טראַכטען: עפּעס
אַ נאָכקרימער פון דער נאַטור האָט מענשליך אָנבעשאַפען,
און זיי פערקריפּעלט — אַזוי שוידערהאַפט האָבען זיי אַ מענ־
שען נאָכגעקרימט.

ערשטער שוישפּיעלער. איך גלויב, מיר האָבען זיך פון דעם אויס־
געהיט, ווי ווייט מעגליך.

האַמלעט. בעפרייט אין גאַנצען זיך פון דעם. אויך זאָל דער
פּאַיאַץ ניט ריידען מעהר וויפיעל ס׳איז נויטיג. עס גיבען
צווישען זיי אַזוינע, וואָס אום צו מאַכען לאַכעדיג אַן עולם
נאַרען, פערלאַכען זיי זיך גופא אין דער מינוט ווען די צושויער
דאַרפען זיך אַריינלעבען אין אַן ערנסטען מאָמענט; דאָס איז
שענדליך און דאָס בעווייזט דעם עלענדען עהרגייץ פון פּאַיאַץ.
נו, געהט און מאַכט זיך גרייט. (שוישפּיעלער אָב. עס טרעטען
אויף פּאָלאָניוס, ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן.)

האַמלעט. נו, וואָס? וועט דער קעניג קומען הערען אונזער שטיק?

פּאָלאָניוס. און אויך די קעניגין. זיי קומען באַלד.

האַמלעט. בעט די שוישפּיעלער זיך אונטעראיילען. (פּאָלאָניוס אָב.)
וועט איהר ביידע אַזוי פריינדליך זיין זיי אויסצוהעלפען?

ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן. מיט פערגעניגען, פּרינץ. (ביידע אָב.)

האַמלעט. (רופט) האָ, האָ! האָראַציאָ!

(האָראַציאָ טרעט אויף.)

האָראַציאָ. דאָ בין איך, ליעבער פּרינץ, אייך גרייט צו דיענען.

האַמלעט. האָראַציאָ, דו ביזט דער איידעלסטער און פיינסטער
מיט וועלכען כ׳בין זיך ווען צונויפגעקומען.

האָראַציאָ. אָ, פּרינץ —

האַמלעט. ניט מיין, איך וויל מיך צו דיר חנפה׳נען:
דען וואָס אַזוינס קאָן איך פון דיר ערוואַרטען?
דיין גאַנצע רייכקייט איז דיין קלאָרער קאָפּ.

און וואָס זאָל איך מיר חנפה'נען צו אַן אָרעמאַן?
ניין, זאָל די צונג די פאַלשע לעקען ס'שטויב
פון רייכקייט, זאָלען קניען זיך בויגען נידעריג
אום עפּעס אויסצובעטלען. הער מיך אויס:
זייט ס'ווייסט מיין הארץ דעם אונטערשיעד פון גוט ביז שלעכט
און האָט זיך אויסגעלערנט מענשען צו דערקאָנען —
האָט עס פון אַלעמען נור דיך ערוועהלט.
דו ביזט אַזא וואָס קאָן זיין לייד פערטראָגען;
אַ מאַן וואָס נעהמט דעם שיקזאַל'ס לייד און פרייד
און צאָהלט אַ גלייכען דאנק. געבענשט איז דער
ביי וועמען הארץ און שכל געהען האנד אין האנד —
דו ביזט קיין אינסטרומענט אין שיקזאַל'ס הענט
אויף דיר צו שפּיעלען לויט זיין וואונש. בעווייז מיר
דעם מאַן וואָס איז קיין שקלאַף ניט צו זיין ליידענשאַפט —
וועל איך איהם אין מיין הארצען איינזיעגלען,
ווי איך האָב דיך פערזיעגעלט. נו, גענוג דערפון.
איך פיהר היינט אויף אַ שוישפּיעל פאַר'ן קעניג:
איין שטעל פון דאָרט איז עהנליך צו דער אומגעבונג
ווי כ'האָב דערצעהלט דיר פון מיין פאָטער'ס טויט.
איך בעט דיך, ווען ס'וועט צוקומען צו יענער שטעל
זאָלסטו מיט יעדען חוש פון דיין נשמה
זיך צו מיין אָנקעל צוקוקען. און אויב עס וועט
זיין פערבעהאַלטען שולד זיך ניט ארויסצייגען,
דאַן איז עס אַ פערפלוכטער גייסט וואָס מיר
האָבען געזעהן, און מיין פערדאַכט איז פינסטערער
פון שווארצען גיהנום. דו בעטראַכט איהם גוט:
אויף איך וועל ניט פון איהם אַראָבנעהמען קיין אויג,
דערנאָך לאָמיר זיך טיילען מיט די איינדרוקען
ביז מיר'ן קומען צו אַ שלום.

**האָראַציאָ.** בעשלאָסען, פּרינץ. אויב ער וועט זיין אימשטאַנד
פער'גנב'ענען עפּעס וועהרענד דאָס שטיק געהט אָן —
וועל איך דערפאַר בעצאָהלען.

האַמלעט. זיי קומען אָן.
איך מוז פערשטעלען זיך. פערנעהם דיין פּלאַץ.
(אַ דענישער מאַרש. עס טרעטען אויף: דער קעניג, די קעניגין, פּאָלאָניוס, אָפעליאַ, ראָזענקראַנץ, גילדענשטערן און אַנדערע.)
קעניג. וואָס מאַכט אונזער פריינד האַמלעט?
האַמלעט. אויסגעצייכענט. איך נעהר זיך ווי דער כאַמעלעאָן; איך שפּייז זיך אויף אַ לופט וואָס איז אָנגעפּילט מיט גוטע הבטחות; אייערע קאַפּ־העהנער קאָן מען דערמיט ניט פעט מאַכען.
קעניג. דיינע ווערטער זיינען מיר פרעמד, האַמלעט. זיי זיינען ניט מיינע.
האַמלעט. און מיינע אויך ניט מעהר. (פּאָלאָניוסען) מיין הערר, איהר האָט אַמאָל געשפּיעלט אין אוניווערסיטעט, האָט איהר געזאָגט?
פּאָלאָניוס. נו יאָ, מיין פּרינץ, און געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ גוטען שוישפּיעלער.
האַמלעט. וואָס פאַר אַ ראָל האָט איהר געשפּיעלט?
פּאָלאָניוס. כ'האָב יוליוס צעזאַרען געשפּיעלט און בין געטויט געוואָרען אין קאַפּיטאָליום. ס'האָט ברוטוס מיך געטויט.
האַמלעט. ס'איז ברוטאַל געווען פון איהם צו טויטען אַזאַ קאַפּיטאַלע קאַלב. נו וואָס? זיינען די שוישפּיעלער גרייט?
ראָזענקראַנץ. זיי זיינען גרייט, מיין פּרינץ. זיי ווארטען בלויז אויף אייער וואָרט.
קעניגין. קום דאָ צו מיר, מיין ליעבער האַמלעט; זעץ דיך לעבען מיר.
האַמלעט. ניין, מוטער, טהייערע, דאָ איז פאַראַן אַ שטאַרקערער מאַגנעט.
פּאָלאָניוס. (צום קעניג) אָהאָ! איהר הערט?
האַמלעט. (אָפעליאַ'ן) איז מיר ערלויבט צו דיינע פיס זיך לייגען?
(לייגט זיך צו איהר עפּיס.)
אָפעליאַ. ניין, פּרינץ.
האַמלעט. איך האָב געוואָלט זאָגען, אָנשפּאַרען מיין קאָפּ אויף דיינע קניה.
אָפעליאַ. דאָס יא, מיין פּרינץ.

האמלעט. און דו האָסט שוין געדיינקט, גאָט ווייסט וואָס איך מיין?
אָפעליא. כ'האָב גאָר ניט געדיינקט.
האמלעט. ס'אַ פיינע זאַך צו ליגען צו אַ מיידעל'ס פיס.
אָפעליא. וואָס זאָגט איהר, פּרינץ?
האמלעט. גאָרנישט.
אָפעליא. איהר פיהלט זיך אויפגעלייגט.
האמלעט. ווער, איך?
אָפעליא. יאָ, פּרינץ.
האמלעט. כ'בין אימער גרייט אייך פרעהליך מאַכען. וואָס דען זאָל טהאָן אַ מאַן, אויב ניט זיין פרעהליך? בעטראַכט נור, ווי מיין מוטער שיינט צו זיין גוט אויפגעלייגט און מיין פאָטער איז ערשט די לעצטע צוויי שעה געשטאָרבען.
אָפעליא. ניט ריכטיג, פּרינץ; שוין צוויי מאָל צוויי מאָנאַטען.
האמלעט. אַזאַ שטיק צייט? אויב שוין יאָ אַזוי — טאָ זאָל דער טייוועל געהן אין טרויער, איך וועל אין הערמעלין זיך אָנקליידען. אָ, גאָט! שוין צוויי מאָנאַטען טויט — און אַלץ נאָך ניט פערגעסען? איז דאָך דאָ אַ האָפנונג, אַז דאָס אָנדענקען פון אַ גרויסען מענשען וועט איהם אויף אַ גאַנצען האַלבען יאָהר אריבערלעבען? אָבער דערפאַר וועט ער מוזען בויען אַ קלויסטער, אויב ער וויל ניט מען זאָל אָן איהם ווי אָן פאַר־אַ־יאָהריגען שניי פערגעסען.

(טראָמפּייטען שאַלען. עס פאַנגט זיך אָן אַ שטומע סצענע. עס טרעטען אויף אַ קעניג און אַ קעניגין. זיי דריקען אויס ליעבע איינער צום צווייטען. זי שטעלט זיך אויף די קניע און פערזיכערט איהם איהר טריישאפט. ער הויבט זי אויף, לייגט זיין קאָפּ אויף איהר שולטער, דערנאָך לייגט ער זיך צו אויף אַ בלומענבאַנק אין גאָרטען. ער שלאָפט איין און זי פערלאָזט איהם. עס קומט אָן אַ פרעמדער, נעהמט אַראָב די קרוין, קושט זי, גיסט גיפט אין קעניג'ס אויער און פערשווינדט. די קעניגין קומט צוריק, דערזעהט דעם קעניג טויט און פאַלט אַריין אין פערצווייפלונג. דער גיפטמישער קומט צוריק מיט אַ צוויי־דריי שטומע מענשען און מאַכט אָן אַנ־

שטעל פון מיטגעפיהל צו דער קעניגין. דער טויטער קערפּער ווערט צוגענומען. דער גיפטמישער באַט אַן דער קעניגין זיין האַנד און מתנות. צוערשט ווייזט זי איהם צוריק, דערנאָך וויליגט זי איין און נעהמט זיי אָן. זיי געהען אַוועק.)

**אָפעליא.** וואָס מיינט עס, פּרינץ?

**האמלעט.** ס'איז עפּעס דאָ ניט גלאַט. דאָ ליעגט עפּעס פערבאָרגען.

**אָפעליא.** געוויס בעווייזט די שטומע סצענע דעם אינהאַלט פון'ם שוישפּיעל.

(דער פּראָלאָג טרעט אויף.)

**האמלעט.** אַט וועלען מיר דעם יונג אַ פרעג טהאָן. אַ שוישפּיעלער קאָן קיין סוד ניט האַלטען — ער פּלוידערט אַלץ ארויס.

**אָפעליא.** וועט ער אונז זאָגען וואָס די פאָרשטעלונג בעדייט?

**האמלעט.** געוויס. אַזוי ווי יעדע פאָרשטעלונג וואָס איהר וועט איהם געבען. דו שעהם זיך נור ניט איהם צו ווייזען — וועט ער זיך שוין געוויס ניט שעהמען דיך אָבצושפּיעגלען.

**אָפעליא.** איהר זייט ניט גוט, איהר זייט ניט גוט, פּרינץ. איך וועל שוין בעסער אויסגעפינען פון דער פאָרשטעלונג.

**פּראָלאָג.** פאַר אונז און אונזער טרויער־שטיק —
פערבויגען מיר זיך בעטענדיג
געפעליגקייט פון אייער בליק.

**האמלעט.** איז דאָס אַ פּראָלאָג, אָדער אַן אויפשריפט אויף אַ רינג?

**אָפעליא.** ס'איז קורץ.

**האמלעט.** ווי פרויען־ליעבע.

(אויף דער סצענע טרעטען אויף צוויי שוישפּיעלער, קעניג און קעניגין.)

**קעניג־שוישפּיעלער.**
שוין דרייסיג מאָל ווי פעבוס' פייעריגער קאַראַט
די ימ'ען, טריקעניש ארומגערינגעלט האָט,
און דרייסיג טוץ לבנות מיט געבאָרגטען ליכט
בעלויכטן האָבען די וועלט מיט זייער בלאַס געזיכט,
זינט דאַן, ווען גאָט־אַמאָר האָט אונזער האַרץ און האַנד
פעראייניגט אין אַ הייליגען פערבאַנד.

קעניגין־שווישפּיעלערין.

זאָל זון און לבנה נאָך אזוי פיעל מאָל
בעשטראַהלען אונזער וועג צום טרויער־טהאָל.
דאָך, וועה צו מיר, וואָס איז מיט דיר געשעהן ?
פיהלסט שלעכט צום מוט, ניט פרעהליך, ווי געוועזן,
אַז איך פיהל שרעק און אַנגסט. דאָך זאָל דאָס ניט
בעאומרוהיגען, שרעקען דיין געמיט :
דען טיעף איז פרויען־ליעבע, פרויען־שרעק
אזוי טיעף ווי דער ים וואָס האָט קיין ברעג.
דו ווייסט, ווי שטאַרק און טיעף דו ווערסט געליעבט
און אין דער זעלבער מאָס ווער איך בעטריעבט :
וואו ס׳איז די ליעבע גרויס — איז גרויס די שרעק —
עס וואַקסט אַ וואָלקען אויס פון קלענסטען פלעק.

קעניג־שווישפּיעלער.

איך פיהל, ס׳וועט גיך צושיידען אונז די צייט —
כ׳בין שוואַך און קראַנק, דער טויט איז שוין ניט וייט,
און דו וועסט בלייבען אויף גאָט׳ס שעהנער וועלט
נאָך מיר — ס׳קאָן זיין דיין לעבען וועט בעהעלט
זיין פון אַ צווייטער ליעבע —

קעניגין־שווישפּיעלערין.

רייד ניט, שאַט !
דאָס וואָלט ניט זיין קיין ליעבע — נור פעררעט.
נור די קען הייראַטען נאָך איהר מאַן׳ס טויט
וואָס ס׳זיינען איהרע הענט פון בלוט זיינס רויט.

האמלעט. (אַז אַ זייט) צו געזונד ! צו געזונד !

קעניגין־שווישפּיעלערין.

די צווייטע הייראַט איז קיין ליעבע ניט —
ס׳איז נור אַן אויסגערעכענטער און קאַלטער שריט.
איך טויט דעם צווייטען מאָל מיין מאַן — ווען ס׳גלעט
און צערטעלט מיך אַ צווייטער מאַן אין בעט.

קעניג־שווישפּיעלער.

כ׳גלויב, ס׳פליסט דיין וואָרט פון ריינעם קוואַל אַרויס
נור עהרליך האַלטען ס׳וואָרט—ניט אימער האַלט עס אויס.

דאָס וואָרט איז פון זכרון בלויז אַ שקלאַף —
אין אָנהויב שטאַרק, וואָס ווייטער ווערט עס שלאַף.
אַזוי האַלט זיך דאָס גרינע פרוכט צום צווייג אָן, שטייף —
און פאַלט צו דר'ערד אַראָב ווען עס ווערט רייף.
און ס'איז נאַטירליך: איטליכער פערגעסט דעם מיין
פון יענעם חוב וואָס ער איז שולדיג זיך אַליין.
וואָס מיר האָבען פערשפּראָכען אין מינוט פון לייד —
די לייד פערביי — אויך אונזער וואָרט פערגעהט.
דער אויסברוך פון בעגייסטערונג, פון פרייד, צי קלאָג
פערשלעפּט אויך יעדען צוזאָג מיט זיך און פערטראָגט.
וואו ס'גיסט זיך שטורעמדיג אַרויס די פרייד
דאָרט יאָמערט ברויזענדיג די שטים פון לייד.
עס טרויערט פרייד, עס פרעהט זיך לייד — אַזוי
ווארפט אום דער צופאַל אונזער גליק און וועה.
דרום איז קיין וואונדער ניט, וואָס מיט'ן אויגענבליק
פערשווינדט אויך ליעבע ווען ס'פערשווינדט דאָס גליק.
די פראַגע בלייבט: ווער פון די צוויי רעגיערט:
פיהרט ליעבע גליק, צי גליק די ליעבע פיהרט?
עס פאַלט דער גרויסער מאַן, אַנטלויפט פון איהם
זיין פריינד,
ווערט גרויס דער קליינער מענש, ווערט גוט-פריינד
אויך זיין פיינד.
דאָ לויפט שוין ליעבע נאָכ'ן גליק, ווי ס'שיינט:
ווייל דער וואָס דאַרף ניט האָט אַ פולע פריינד,
און זאָל ווער דאַרפען איינעם אין זיין נויט —
וועט יענער צאָהלען איהם מיט שטיינער אָנשטאט ברויט.
דאָס איז וואָס כ'זאָג: דער מזל און פערשטאַנד
זיי געהען ניט צוזאַמען האַנד-אין-האַנד.
און אַלע אונזערע בעשלוסען ווערען נישט —
דער מענש ער טראַכט, און שיקזאַל לאַכט — עס
ווערט פערווישט.
אַזוי קאָן זיין מיט דיר: היינט טהוט דיר באַנג,
און נאָך מיין טויט ווערט אַנדערש דיין געדאַנק.

קעניגין־שוישפיעלערין.

טראָג, ערד, קיין פרוכט פאַר מיר, און הימלען, שליסט זיך צו!

ברייננג, טאָג, קיין פריידען מיר, און נאַכט — קיין רוה,
צונישט פערוואַנדעל זיך מיין שעהנסטער טרוים און שיין,
זאָל לייד און אומגליק בלויז מיין גורל זיין,
זאָל אַלץ, וואָס פינסטער איז און טריעב און באַנג,
פערלעשען מיין בעגערטסטען, ליכטיגסטען פערלאַנג!
אויף אייביג זאָל די פלוך מיין זעעל בעשווערען —
אויב איך וועל צו אַן אַנדערען געהערען!

האַמלעט. ווען זי זאָל איצט איהר שבועה ברעכען!

קעניג־שוישפיעלער.

אַ גרויסע שבועה. לאָז מיך איצט אַליין —
איך גאַר נאָך רוה — עס וועהטאָגט יעדער ביין,
דער שלאָף זאָל מיך פערוויעגען.

קעניגין־שוישפיעלערין.

גרויסער גאָט!

דערבאַרעם זיך אויף אונז אין דיין גענאָד! (אָב.)

האַמלעט. געפעלט אייך דאָס שטיק, מוטער?

קעניגין. מיר דאַכט, די קעניגין האָט צופיעל פערשפּראָכען!

האַמלעט. אָ, זי וועט אָבער האַלטען וואָרט!

קעניג. דו ווייסט דעם אינהאַלט פון דעם שטיק? איז עס ניט אַמאָל בעליידיגענד?

האַמלעט. אָ ניין, ס'איז בלויז אַ שפּאַס, זיי גיפטען שפּאַסענדיג; קיין בעליידיגונג אין דער וועלט.

קעניג. ווי רופט זיך אָן דאָס שטיק?

האַמלעט. די מייז־פאַסטקע. האַ־האַ! ווי נאָך? ס'איז בלויז אַ מעטאַפאָר. דאָס שטיק איז אַן אָבשפּיעגלונג פון אַ מאָרד בעגאַנגען אין וויען. גאָנזאַגאַ איז דעם קעניג'ס נאָמען און זיין פרוי'ס — באַפּטיסטאַ. איהר וועט באַלד זעהן. ס'איז אַ מערדערליכע שטיק ארבייט — נור וועמען אַרט עס? מיט אייער מאַיעסטעט און מיט אונז — קערט זיך עס ניט אָן.

אונזער געוויסען איז ריין, און דאָס היטעל ברענט בלויז אויפ'ן גנב.

(אויף דער סצענע טרעט אויף לוציאַנוס.)

האַמלעט. דאָס איז איינער, אַ לוציאַנוס, דעם קעניג'ס שוועסטער־קינד.

אָפעליאַ. מען קאָן, פּרינץ, איינשפּאָרען דעם כאָרוס מיט אייך.

האַמלעט. איך קאָן אויך זיין פערמיטלער צווישען דיר און דיין געליעבטען, אז דיר וואָלט זיך פערוואָלט אזא קאָמעדיע אויפ־שפּיעלען.

אָפעליאַ. איהר זייט שאַרף, פּרינץ, איהר זייט שאַרף.

האַמלעט. ניט איין זיפץ וואָלט דיר געקאָסט מיין שאַרפקייט טעמפּ צו מאַכען.

אָפעליאַ. וואָס ווייטער — ערגער.

האַמלעט. ווי איהר, ווען איהר אויסערוועהלט אַ מאַן. הויב אָן, דו מערדער! וואַרף אוועק די פּוילע שטיק, הויב אָן פּלינק: „די ראָב, אויף, קראַקענדיג, זי רופט צו ראַכע!"

לוציאַנוס. (אויף דער סצענע)

די האַנד איז פעסט, דער זין איז שוואַרץ, די גיפט איז גרייט —

די צייט איז גינסטיג פאַר דער זאַך—קיין מענש ניט געהט.

דו, גיפט פון מיטנאַכט־קרייטער אויסגעזוכט

און פון העקאַטאַ'ס ליפּען בייז פערפלוכט —

טהו אָב דיין בייזע ארבייט מיט דיין כשוף־מאַכט —

פערוואַנדעל לעבען אין אַ טויטע שטומע נאַכט־

(גיסט דעם גיפט אין שלאָפענדענ'ס אויער.)

האַמלעט. ער פערגיפט איהם אין גאַרטען צוליעב זיין קעניגרייך. זיין נאָמען איז גאָנזאַגאָ. די זאַך איז ניט קיין אויסגעטראַכ־טע; עס איז בעשריבען אין אַן אויסגעצייכענטען איטאַליע־ניש. אצינד וועט איהר צוזעהן, ווי אזוי דער מערדער גנב'עט אויך די ליעבע פון גאָנזאַגאָ'ס ווייב.

אָפעליאַ. דער קעניג שטעלט זיך אויף.

האַמלעט. וואָס? אַבגעבריהט פון אַ פרעמדען פייער?

קעניגין. וואָס איז מיט דיר, מיין הערר?
פּאָלאָניוס. רייסט איבער די פּאָרשטעלונג!
קעניג. מאַכט ליכטיג! קומט!
פּאָלאָניוס. פייער! פייער! פייער!
(אַלע, אויסער האַמלעט און האָראַציאָ, אָב.)

האַמלעט.
„זאָל וויינען געהן איין הירש פערוואונדעט,
און דער געזונטער שטיפט און קוועלט;
ס'מוז איינער וואַכען ווען דער צווייטער שלאָפט —
אַזוי נאָך פיהרט זיך אויף דער וועלט."
וואָלט דאָס, צוזאַמען מיט אַ וואַלד פעדערען אויף מיין קאָפּ און אַ פּאָר קאָלירטע בענדער אויף די שיך, ניט געמאַכט פאַר מיר אַ פּלאַץ אין אַ טרופּע שוישפּיעלער, אויב ס'וואָלט מיין גאַנצער גליק פון מיר זיך אָבטהאָן?
האָראַציאָ. אויף האַלבען לוין.
האַמלעט. ניין, אויף גאַנצען.
צי ווייסטו, טהייערער דאַמאָן,
יופּיטער האָט דאָס לאַנד בעשיינט
אַמאָל — אַצינד זיצט אויף זיין טהראָן
אַן אַלמעכטיגער פּאַפּוגאַי."
האָראַציאָ. איהר האָט עס געמאָגט רייַמען.
האַמלעט. אָ, האָראַציאָ! איך וואָלט איצט טויזענדער איינגע־שטעלט אויף דעם גייסט'ס ווערטער! האָסטו צוגעקוקט?
האָראַציאָ. און זעהר גוט זיך צוגעקוקט, מיין פּרינץ!
האַמלעט. ווען עס האָט זיך גערעדט פון פערגיפטען?
האָראַציאָ. איך האָב איהם זעהר אויפמערקזאַם בעטראַכט.
האַמלעט. כאַ־כאַ־כאַ! מוזיק! אַהער! איהר פלייטענשפּיעלער!
ווייל אויב דער קעניג ליעבט ניט די קאָמעדיע —
נו וואָס, איז הייסט'ס — ער ליעבט ניט די קאָמעדיע.
מוזיק אַהער!
(ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן טרעטען אויף.)
גילדענשטערן. ערלויבט מיר, פּרינץ, אייניגע ווערטער צו ריידען.
האַמלעט. פון מיינטוועגען — אַ פולען עמער.

גילדענשטערן. דער קעניג, פרינץ —
האמלעט. נו, וואס איז מיט'ן קעניג?
גילדענשטערן. ער איז אוועק צו זיך אין מורא'דיגער אויפרעגונג.
האמלעט. פון טרינקען?
גילדענשטערן. ניין, פון צארען.
האמלעט. איהר האט בעדארפט ארויסווייזען געזינטערען פער־שטאנד: איהם צו א דאקטאר אבשיקען, ווייל אויב איך זאל איהם א מיטעל געבען, — וועט עס איהם מעגליך צו אן ער־גערען צושטאנד טרייבען.
גילדענשטערן. פרינץ, איהר קאנט אפשר אייערע ווערטער איינ־צאמען, אז איהר זאלט ניט אזוי אומגעריכט פון מיין ציעל אבווייכען?
האמלעט. איך בין געצאמט — מאגסט רעדען.
גילדענשטערן. די קעניגין, אייער מוטער, האט, אין איהר טיעפ־סטען לייד, מיך צו אייך געשיקט.
האמלעט. דו ביזט אן אנגעלייגטער גאסט.
גילדענשטערן. ניין, פרינץ, אייער העפליכקייט איז ניט אין פלאץ. ווילט איהר מיר געבען א קלארען ענטפער, וועל איך אייער מוטער'ס שליחות אויספיהרען. ווען ניט, ענטשולדיגט מיר, געה איך אוועק, און דאס זאל זיין דער סוף.
האמלעט. איך קאן עס ניט.
גילדענשטערן. וואס זאגט איהר, פרינץ?
האמלעט. אייך געבען דא א קלארען ענטפער: מיין זין איז קראנק. נור דער ענטפער, וואס איך קאן יא געבען, שטעהט צו אייער דיענסט — אדער, בעסער געזאגט, צו מיין מוטער'ס דיענסט. דעריבער, אהן זייטיגע וועגען; מיין מוטער, זאגט איהר —
ראזענקראנץ. האט אזוי געזאגט: אייער האלטונג האט זי פער־וואונדערט און איבערראשט.
האמלעט. א, וואונדערבארער זוהן, וואס קאן אזוי זיין מוטער אי־בערראשען! נור, זאגט מיר, וואס קומט נאך דער מוטער'ס איבערראשונג? טהיילט מיר מיט!
ראזענקראנץ. זי וויל זיך מיט אייך דורכריידען ביי איהר אין צימער, איידער זי געהט שלאפען.

האמלעט. איך וועל איהר וואונש ערפילען — מאָג זי אפּילו זיין צעהן מאָל אונזער מוטער. וואָס נאָך האָט איהר מיטצוטהיי־לען?

ראָזענקראַנץ. איהר האָט אַמאָל געליעבט מיך, פּרינץ!

האמלעט. און ליעב ביז היינט. דאָס שווער איך אייך ביי מיינע גנב׳שע הענט.

ראָזענקראַנץ. מיין ליעבער פריינד, וואָס איז די אורזאַך פון אייער שווער געמיט? וואהרהאפטיג, איהר פערשליסט די טירען פאַר אייער אייגענער פרייהייט, ווען איהר פערטרויט ניט אייער לייד צו אייער פריינד.

האמלעט. כ׳האָב ניט די מעגליכקייט צו וואַקסען.

ראָזענקראַנץ. ווי איז דאָס מעגליך, פּרינץ, ווען דער קעניג אליין האָט אייך בעשטימט צו זיין דער טראָנפאָלגער פון דענע־מאַרק?

האמלעט. יא, „נור איידער די זון וועט אויפגעהן“ — נור צוריק גערעדט איז דאָס ווערטעל שוין אַן אַלטס, אַן אויסגעניצטס.

(עס טרעטען אויף די פלייטענשפּיעלער.)

אָ, פלייטען! גיט מיר נור איין פלייט. (צו גילדענשטערן) אויף איין מינוט. פאַרוואָס, זאָגט, פאָלגט איהר מיר נאָך, ווי איהר וואָלט אין אַ נעץ מיך וועלען פאַנגען?

גילדענשטערן. אָ, פּרינץ, אויב מיין איבערגעבענהייט איז צופיעל צודרינגליך, בעטייט עס, אַז מיין ליעבע איז אונענדליך גרויס.

האמלעט. כ׳פערשטעה עס ניט גאַנץ קלאָר. ווילסטו מיר עפּעס שפּיעלען אויף דער פלייט?

גילדענשטערן. איך קאָן ניט, פּרינץ.

האמלעט. איך בעט דיך.

גילדענשטערן. גלויבט מיר, איך קאָן ניט.

האמלעט. טהו מיר די געפעלינקייט.

גילדענשטערן. איך וויים ניט, ווי מען ריהרט זיך צו צו דעם.

האמלעט. ס׳איז לייכט, אַזוי ווי זאָגען ליגען. לייג צו די פינגער דיינע צו די רעהרען, לייג דיינע פינגער צו צו די קלאַפּאַנען, בלאָז אָטעם מיט דיין מויל אריין — און ס׳וועט די פלייט

אַרויסברענגען די שעהנסטע טענער. דו קוק נור צו, ווי ס'דאַרף געטהאָן ווערען.

גילדענשטערן. איך קאָן האָך אָבער ניט די טענער אין האַרמאָניע צונויפנעמען: כ'בעזיץ די קונסט דערפאַר ניט.

האמלעט. איצט זעהסטו וואָס פאַר אַ נישטיגע זאַך דו מאַכסט פון מיר? דו ווילסט אויף מיין נשמה שפּיעלען, דו ווילסט אין מיינע טיעפסטע טיפענישען אַריינדרינגען; דו ווילסט מיך אויסהאָרכען פון נידעריגסטען ביז'ן העכסטען טאָן — און דאָ, אין אָט דעם קליינעם אינסטרומענט, איז דאָ פיעל האַרמאָניע, אויסגעצייכענטע מוזיק — און דו ביזט ניט אימשטאַנד עס מאַכען ריידען. צום טייוועל! צי דו מיינסט, אַז אויף מיר קאָן מען לייכטער שפּיעלען ווי אויף דער פלייט? רוף מיך אָן וואָס פאַר אַן אינסטרומענט דו ווילסט אַליין, דו קאָנסט מיך פון געדולד אַרויסברענגען — דו קאָנסט אָבער אויף מיר ניט שפּיעלען.

(פּאָלאָניוס קומט אָן.)

גאָט העלף, מיין העררר.

פּאָלאָניוס. די קעניגין וויל מיט אייך ריידען, פּרינץ, און אונגעזאַמט.

האמלעט. קוקסט אָן דעם וואָלקען דאָרט? עס ווייזט אויס ווי אַ קעמעל.

פּאָלאָניוס. ביי גאָט, ס'איז טאַקע ווי אַ קעמעל, אמת'דיג.

האמלעט. מיר דאַכט, עס קוקט גאָר אויס ווי אַ וויעזעל־טהיער.

פּאָלאָניוס. זיין רוקען איז גלייך צו דעם וויעזעל'ס.

האמלעט. אָדער גאָר ווי ביי אַ וואַלפיש?

פּאָלאָניוס. יאָ, ריכטיג ווי אַ וואַלפיש.

האמלעט. טאָ געה איך שוין צו דער מוטער. (אָן אַ זייט) זיי דערגעהען מיך אַזוי, אַז ס'פּלאַצט מיר מיין געדולד. (הויך) כ'וועל קומען באַלד.

פּאָלאָניוס. איך געה עס מעלדען. (אָב.)

האמלעט. ס'איז גרינג צו זאָגען „באַלד“. פערלאָזט מיך, פריינד.

(אַלע, אויסער האַמלעט, אָב.)

האמלעט. איצט שלאָגט די רעכטע כשוף־שעה פון נאַכט:

די קברים עפענען זיך אצינדערט אויף
און ס'הויכט דער גיהנם אויף דער וועלט מיט פעסט.
איצט איז די צייט זיך אנטרינקען מיט בלוט,
בעגעהן די טהאט וואס וואלט דעם העלען טאג
געשווידערט צו צוזעהן. איצט מוז איך געהן.
א, הארץ, מיין הארץ, זיי טריי צו זיך אליין.
זאל אין מיין ברוסט דער גייסט פון נעראָ ניט אריין —
זיי גרויזאם, אבער ניט אונמענשליך, האמלעט.
די ווערטער — שארף ווי מעסער, אבער ניט צו טויטען.
מיין צונג און הארץ — זיי זאלען ווידערשפרעכען זיך אליין.
ווי ס'זאל מיין גיפטיג ווארט ניט שטעכען בייז —
דאך אויספיהרען אין טהאט — מיין הארץ, ניט הייס. (אב.)

---

## דריטע סצענע.

### א צימער אין שלאס.

(עס טרעטען אויף דער קעניג, ראזענקראנץ און גילדענשטערן.)

קעניג. איך קאן זיין משוגעת ניט מעהר פערטראגען —
ס'קאן פיהרען צו אן אומגליק. מאכט זיך גרייט
זיך לאזען אין'ם וועג; ס'איז אלץ בעזארגט
פאר אייער אבפאהרען נאך ענגלאנד מיט'ן פרינץ.
איך טאר ניט, אין מיין לאגע, צולאזען
דאס אומגליק אזוי נאהנט וואס וואקסט פון שעה צו שעה
פון האמלעט'ס משוגעת.
גילדענשטערן. מיר זיינען גרייט:
ס'איז אייער פארזיכט הייליג און בערעכטיגט —
אזוי פיעל לעבענס פון געפאהר פערהיטען
וואס זיינען אבהענגיג פון אייער גרויסקייט.
ראזענקראנץ. דאס לעבען פון א יעדען איינצעלנעם איז טהייער
און מוז מיט אלע כחות זיך פערהיטען
און אויסמיידען געפאהר; און דעסטא מעהר
דאס לעבען פון דעם יעניגען, אן וועמען

ס'הענגט אָב דאָס גליק פון צעהנער טויזענדער.
די עקזיסטענץ פון אַ מאָנאַרך שטאַרבט ניט אַליין —
נור ווי אַ וואַסער־שטראָם, וואָס פאַלט פון באַרג אַראָב,
שלעפּט מיט זיך אַלץ אַרום; ס'איז ווי אַ ריעזענראָד
וואָס דרעהט זיך אויפ'ן שפּיץ פון העכסטען באַרג,
צו וועמעס אייזערנע און פעסטע שפּיצען
עס זיינען אָנגעהאַנגען זאַכען טויזענדער.
און זאָל עס איינברעכען — דאַן פאַלען מיט מיט איהם
אַלץ, אַלץ וואָס הענגט אויף איהם אין טיעפען אָבגרונד.
ס'איז קיינמאָל נאָך קיין קעניג ניט געפאַלען
וואו ס'זאָל דאָס פאָלק ניט ליידען פון זיין פאַלען.

**קעניג.** נו, גרייט זיך שנעל אין אייער וויטען וועג —
מיר וועלען די געפאַהר אין קייטען צאַמען,
זי זאָל ניט אומגעהן פריי.

**ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן.** מיר וועלען אייַלען.

(ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן אָב. פּאָלאָניוס טרעט אויף.)

**פּאָלאָניוס.** ער געהט אַצינדערט צו זיין מוטער'ס צימער —
איך וועל בעהאַלטען זיך הינטער דעם פאָרהאַנג,
אום צוצוהערען דאָס געשפּרעך: איך וויים,
זי וועט איהם אויסשטראָפען דערפאַר געהעריג.
נור ווי איהר האָט בעמערקט — און קלוג בעמערקט —
זאָל עמיצער אַ זייטיגער אויך הערען דאָס
געשפּרעך, — ווייל ס'איז אַ מוטערהאַרץ געניינט
פערגעבען אַלץ איהר קינד. צום ווידערזעהן:
וואָס איך וויל הערען וועל איך אייך דערצעהלען.

**קעניג.** אַ דאַנק, מיין טהייערער פּאָלאָניוס.

(פּאָלאָניוס אָב.)

ס'נעהט דאָס געשטאַנק פון מיין פערברעך צום הימעל אויף;
עס טראָגט אויף זיך דעם ערשטען, עלטסטען פלוך
פון ערשטען ברודער־מאָרד. איך קאָן ניט בעטען,
און, זעה, עס ציהט מיין האַרץ זיך אויסגיסען צו גאָט —
מיין זינד אָבער דערשטיקט מיין הייס בעגעהר.
און איך, אַ מענש, וואָס טראָגט אַ צווייפאַכיגע זינד,

שטעה א פּערלאָרענער: וואו זאָל איך אַנפּאַנגען?
און וויים ניט וואָס. זאָל זיין אַז מיין פערפלוכטע האַנד
איז אין מיין ברודער'ס בלוט אין גאַנצען דורכגעווייקט —
איז דען קיין רעגען גאָר ניטאָ געננג
אין הימעל, קלאָר צו מאַכען זי ווי שניי?
צו וואָס איז גאָט'ס רחמנות אויף דער וועלט,
אויב ניט אום צו פערגעבען מענשען'ס זינד?
און האָט דען ניט געבעט די דאָפּעל־קראַפט —
דאָס פאַלען פון'ם זינדער אָבצוהאַלטען,
און דעם געפאַלענעם זיין זינד פערגעבען?
איך וועל ארויפקוקען: מיין זינד איז אָבגעטהאָן.
אצינד וואָס קאָן איך פאַר א תפלה בעטען?
„פערגיב מיין העסליכע רציחה?“ — ניין,
דאָס קאָן ניט זיין. ווייל איך בעזיץ נאָך אַלץ
דאָס אַלץ פאַר וואָס איך האָב דעם מאָרד בעגאַנגען:
מיין קרוין, מיין עהרגייץ און מיין ווייב.
צי קאָן פערגעבען זיין א זינד וואָס לעבט נאָך?
אין אונזער זינדיג לעבען אויף דער ערד
פערלויפט, אַז א פערברעכער קויפט זיך אויס
פון שטראָף דורך גאָלד, און ס'שווייגט גערעכטיגקייט —
דאָס גילט ניט אָבער פאַר'ן הימעלס־ריכט.
דאָרט שטעהען אונז'רע מעשים אין א ריינעם ליכט —
מיט אונזער אייגען האַנד פערשרייבען מיר
די זינד אין הימעלסבוך. — וואָס בלייבט מיר טהאָן?
טהאָן תשובה — זעהן וואָס תשובה קען מיר העלפען?
נור וואָס זאָל טהאָן א מענש, וואָס קען ניט תשובה טהאָן?
אָ, וועה איז מיר! אָ, הארץ נאָך פינסטערער
פון שווארצען גיהנם! הארץ, וואָס קעמפּפענדיג
זיך צו בעפרייען ווערט אַלץ שווערער, שווארצער
אין נעץ פון פאַלשקייטען און זינד פערפּלאָנטערט.
האָב מיטלייד אויף דיין קנעכט, מיין גרויסער גאָט!
איהר בויגט זיך, שטאָלצע קניה, און פאַלט צו דר'ערד!
דו, הארץ פון שטיין, ווער ריין ווי ביי א קינד —

גאָט קען פערגעבען נאָך מיין שווערע זינד!
(פאַלט אויף די קניה. האמלעט טרעט אויף.)

האמלעט. איצט וואָלט איך לייכט געקאָנט איהם אָבשיקען —
ער שטעהט און בעט; איך וועל עס טהאָן אצינד,
און ס'וועט זיין גייסט ארויפשוועבען צום הימעל,
און כ'האָב מיין ראַכע? ווארט נור, לאָמיר זעהן:
אַ מערדער טויט מיין פאָטער — און דערפאַר
זאָל איך, זיין זוהן, זיין גואל־דם, דעם מערדער
אין תפלה טויטען און צום הימעל אָבשיקען?
דאָס וואָלט געווען בעלוינונג, ניט נקמה.
ער האָט מיין פאָטער אין זיין שטאָלץ געטויט,
נאָך בליהענדיג אין זינד, ווי ס'בליהט דער פריהלינג —
און וואָס מיט זיין נשמה איז, דאָס ווייסט איין גאָט.
נור לויט ווי איך גלויב, פייניגט זי זיך גרוזאַם.
וועט דאָס זיין ראַכע: טויטען איהם אצינד
ווען ער שטעהט דאָ מיט אַ געבראָכען הארץ
בערייט דורך תפלה געהן צום הימעל? ניין!
צוריק אין שייד, מיין שווערד! דיין צייט וועט קומען
אויף אַ מעהר שוידערליכען וועג: בעטרונקען,
אין שלאָף, צי אין זיין אויסגעלאַסענקייט אין בעט,
מיט לעסטערונג אויף זיינע ליפען, מעשים
וואו ס'איז קיין שפור ניטאָ פון היילינקייט.
דאַן, שלאָג מיין שווערד! אָהן מיטלייד, אָהן רחמנות!
און ס'זאָל זיין גייסט פערפלוכט און ברודיג־שווארץ
אין גיהנם זינקען. נו, מיין מוטער ווארט.
אויף נאָך אַ וויילע האָסטו פערלייגערט דיינע טעג. (אָב.)

קעניג. (זיך אויפהויבענדיג) די ווערטער מיינע פליהען,
מיין געדאַנק געשמיעדט:
אַ ווארט אָהן אַ געדאַנקען פליהט צום הימעל ניט. (אָב.)

---

## פיערטע סצענע.

### דער קעניגין׳ס שלאָפצימער.

(קעניגין און פּאָלאָניוס.)

פּאָלאָניוס. ער קומט באַלד אָן; פערהאַלט זיך שטרענג צו איהם:
איהר שטראָפט איהם אויס, אַז ס׳איז אונמעגליך שוין
זיין חוצפה צו פערטראָגען, אַז איהר האָט גענוג
פאַר איהם זיך פאַר׳ן קעניג איינגעשטעלט.
איך וועל מיך דאָ בעהאַלטען. שוינט איהם ניט.
האַמלעט. (הינטער דער סצענע) מוטער! מוטער! מוטער! מוטער!
קעניגין. לאָזט די זאַך צו מיר:
ניט זאָרגט פאַר מיר. אָט קומט ער אָן; בעהאַלט זיך.
(פּאָלאָניוס בעהאַלט זיך הינטער׳ן פאָרהאַנג. האַמלעט טרעט אויף.)
האַמלעט. איצט, מוטער, רעדט: וואָס האָט איהר מיך געדאַרפט?
קעניגין. האַמלעט,
דו האָסט דיין פאָטער ביז אין בלוט בעליידיגט.
האַמלעט. מוטער,
דו האָסט מיין פאָטער ביז אין בלוט בעליידיגט.
קעניגין. גענוג, דו ענטפערסט מיט אַ בייזוויליגער צונג.
האַמלעט. גענוג, דו פרעגסט מיך מיט אַ בייזער צונג.
קעניגין. וואָס מיינסטו זאָגען, האַמלעט?
האַמלעט. וואָס מיינסטו?
קעניגין. האָסטו מיך גאָר פערגעסען?
האַמלעט. ניין, ביי גאָט;
דו ביזט די קעניגין, דאָס ווייב פון דיין מאַן׳ס ברודער,
און, וואָלסטו עס ניט געווען, דו ביזט מיין מוטער.
קעניגין. איך קאָן ניט — לאָז אַ צווייטער מיט דיר ריידען.
האַמלעט. וואַרט אויף איין וויילע: דו וועסט ניט געהן פון אָרט
ביז איך וועל דיר אַ שפּיעגעל דאָ בעווייזען —
דו זאָלסט דיין נאַקעטע נשמה דאָרט דערזעהן.
קעניגין. וואָס ווילסטו טהאָן? מיך טויטען דאָ? העלפט, העלפט!
פּאָלאָניוס. (הינטער דעם פאָרהאַנג) העלפט, העלפט!

האמלעט. וואָס איז? אַ מויז?
זיין לעבען איז ניט ווערטה קיין גראָשען. טויט!
(שטעכט דורך דעם פאָרהאַנג מיט'ן שווערד.)
פּאָלאָניוס. (הינטער'ן פאָרהאַנג) אָ, איך בין טויט! (פאַלט טויט.)
קעניגין. אָ, וועה צו מיר! וואָס דו האָסט יעצט געטהאָן.
האמלעט. איך וויים ניט וואָס; דער קעניג?
קעניגין. וואָס פאר אַ מאָרד אַ בלוטיגען דו האָסט בעגאַנגען!
האמלעט. ס'איז בלוטיג באַלד אזוי ווי, מוטער טהייערע,
אַ קעניג טויטען און זיין ברודער הייראַטען.
קעניגין. אַ קעניג טויטען?
האמלעט. יאָ, אזוי האָב איך געזאָגט.
(הויבט אויף דעם פאָרהאַנג און דערזעהט פּאָלאָניוסען.)
דו אָרימער און איבעראיילטער, צודרינגליכער נאַר, —
אַדיע.
כ'האָב דיך פאַר עמיץ אַנדערש אָנגענומען.
נעהם צו דיין שיקזאַל: זעהסט, צו שטעקען אומעטום
איז צייטענווייז געפעהרליך. (דער קעניגין) דו הער אויף
די הענד אזוי צו ברעכען. שטילער, זיץ:
איך וועל בעסער דיין הארץ אויף שטיק צוברעכען,
און כ'וועל עס אויספיהרען, אויב ס'איז פון פלייש און בלוט —
אויב נור דיין הארץ איז ניט אין גאַנצען שטיין,
און קאָן נאָך זיין געריהרט פון אַ געפיהל.
קעניגין. מיט וואָס האָב איך געזינדיגט, אז דו וואגסט אזוי
דיין מויל צו עפענען?
האמלעט. דו האָסט פערשמוצט
דעם ריינעם, שעהמעוודיגען רייץ פון עהרליכקייט;
פון טוגענד האָסטו אויסגעמאַכט אַ ליגען,
און אָבגעפליקט האָסטו די רויז פון אונשולד —
שטאָט זיי — אָן אייטעריגע וואונד ארויסגעשטעלט —
און ס'איז דיין הייראַטס־שבועה פאַלש, ווי ס'איז
די פאַלשע שבועה פון דעם קאָרטענשפּיעלער.
אָ, ס'איז דיין זינד אזא, וואָס האָט דאָס הארץ
פון מאַן־און־ווייב פעראייניגונג געטויט,

פון צוטרויען אַ לעערען קלאַנג געמאַכט.
דער הימעל גליהט אין כעס, און פון דער ערד
די פעסטע גרונדען וואַקלען זיך פון צאָרן —
פון גרויסער זינד, ווי פאַר׳ן לעצטען טאָג פון שטראָף.
קעניגין. אָ, וועה צו מיר! וואָס פאַר אַ זינד בין איך בעגאַנגען
וואָס ברייגנט אויף ערד און הימעל קעגען מיר?
האמלעט. דערלאַנג אַ קוק: דאָ האָסטו בילדער צוויי פאַר דיר;
צוויי בילדער פון צוויי ברידער לייבליכע.
בעטראַכט נור דעם, און זעה וואָס פאַר אַ שעהנקייט:
די לאָקען פון אַפּאָלאָ, אויסזעהן פון יופּיטער,
די אויגען ווי פון מארס וואָס צווינגען מיט בעפעהל,
דער שטאָלצער אויסזעהן פון אַ גאָט׳ס שליח
וואָס איז פון הימעל אויף דער ערד אַרונטער.
עס ליגט אויף איהם די פּראַכט פון אַלע געטער:
ס׳האָט יעדער גאָט אויף איהם געלייגט זיין זיעגעל —
די וועלט זאָל זעהן פאַר זיך אַ מוסטער פון אַ מאַן.
דאָס איז דיין מאַן געוועזן. איצט קוק אַהער:
דאָס איז דיין צווייטער מאַן. דער אויסגעצעהרטער זאַנג
וואָס האָט דעם פולען זאַנג פערשלונגען. האָסטו אויגען?
ווי האָסטו גאָר די בלויע הויכען פון די בערג
פערלאָזט, און ביזט אין טיעפען זומפּ פערקראָכען?
הא, האָסטו אויגען? ניין, דו קאָנסט מיר ניט
עס רופען ליעבע — ניין, אין דיינע יאָהרען
איז רוהיג שוין דאָס בלוט און איינגעשטילט,
און ס׳רעכענט זיך דאָס בלוט מיט׳ן פערשטאַנד:
און וואָס פאַר אַ פערשטאַנד קען פיהרען פון אָט דעם
צום צווייטען? דו בעזיצט דאָך נאָך געפיהל,
ווען ניט, וואָלסטו קיין ליידענשאַפט בעזעסען —
נור, ס׳איז געוויס, דיין ליידענשאַפט איז קראַנק.
דאָ קאָן אפילו וואַהנזין זיך ניט אירען.
ס׳קאָן וואַהנזין קיינמאָל דעם געפיהל פערשטיקען
אַזוי, אַז ס׳זאָל קיין שפּור פון אויסוואַהל בלייבען
צו זעהן דעם אונטערשייד. וואָס פאַר אַ שוואַרצער גייסט

האָט דיך צו דעם געטריבען בלינדערהייט?
אַ מענש וואָס האָט נור אויגען ביי זיין לייב און לעבען,
נור אויערען אָהן הענט און אויגען, אָדער נור —
איין טהייל איין קריינקליכען פון אמת'ען געפיהל —
וואָלט ניט געקאָנט אזוי פון וועג פערקריכען.
אָ, שאַנד! וואו איז דיין רויטקייט? שוואַרצער גיהנם,
אויב דו קאָנסט זיך צוגליהען אין די ביינער
פון מיטעל־יעהריגער מאַטראָנאַ — דאַן זאָל אויך
ווי וואַקס די ריינסטע טוגענד זיך צושמעלצען
פון יוגענד קאָכיגער אויף דיינע פלאַמען.
פעראורטהייל ניט, ווען ס'שפּיעלט פאַנאַנדער זיך
דאָס יונגע בלוט — ווען עס איז מעגליך, פראָסט אַליין
זאָל ברענען אזוי פייעריג, און דער פערשטאַנד
זאָל אָנשטויסען אויף זינד דעם ווילען.

קעניגין. רייד ניט מעהר:
דו האָסט די טיעפענישען פון מיין הארצען
פאַר מיר ענטפּלעקט — און כ'זעה אזעלכע שוואַרצע פלעקען
וואָס וועלען קיינמאָל ניט פערגעהן.

האַמלעט. און ווי אזוי
קאָן לעבען גאָר אַ מענש אין בעט פון זינד,
אריינאָטהמען די זינד, אין זייגע אָרעמס פאַלען,
זיין פאַלש, און ליעגען אין דעם נעסט פון זנות?

קעניגין. אָ רייד ניט מעהר — דיין וואָרט פאַלט ווי אַ שווערד
און שניידט מיין הארץ; ניט רייד מעהר, האַמלעט.

האַמלעט. אַ גנב און אַ מערדער: שקלאַף וואָס איז ניט ווערטה
איין הונדערט חלק פון דיין ערשטען מאַן;
אַ קעניג אַ פּאַיאַץ, וואָס האָט די קרוין
גע'גנב'עט און אראָבגעלאָזט אין טאַש.

קעניגין גענוג —

האַמלעט. אַ קעניג בלויז פון לאַטעם און פון שמאַטעם.

(דער גייסט ערשיינט.)

בעשירעמט אונטער אייערע פליעגעל מיך,
איהר, גייסטער הימלישע — וואָס ווילסטו האָבען?

קעניגין. אַ, וועה צו מיר, ער איז געריהרט פון זין!
האמלעט. קומסטו ניט דאַ דיין זוהן דעם שוועבלינג שטראָפען,
וואָס ער האָט אין מינוט פון לייד ניט אויסגעפיהרט
דיין שרעקליכען בעפעהל? אַ, זאָג! אַ, זאָג!
גייסט. פערגעס ניט, האַמלעט, מיין ערשיינונג דיענט
אום אויפצובלאָזען דעם האלב־טויטען ראכע־פלאַם.
דו זעה: עס פלאַטערט שרעק איבער דיין מוטער —
דו שטעל זיך צווישען איהר און איהר געמיט —
בערוהיג זי און טרויסט.
האמלעט. וואָס איז דיר, מוטער?
קעניגין. וואָס איז מיט דיר? דו האָסט דיין בליק געווענדט
אהין, אין הוילער לערקייט; מיט דער לופט
דער ניט פערקערפּערטער פיהרסטו געשפּרעכען;
ס'ברענט דיין נשמה פון די אויגען ווילד אַרויס;
און ווי די קריעגער שפּעט ביי נאַכט צום קריעג געוועקט —
האָט אויף דיין קאָפּ דיין איטליך האָר אויפגעשטעלט.
פערגיס דעם פלאַם דעם אונגעהויערען, מיין קינד,
מיט קיהלע טראָפּען פון געדולד. וואו קוקסטו, זאָג?
האמלעט. אויף איהם! אויף איהם! ווי טונקעל ברענט זיין בליק!
ס'וואָלט זיין געזיכט, זיין שווידערליכער פאַל
אַ שטיין געריהרט. ניט קוק אַזוי אויף מיר:
דיין טרויעריגער, אומעטיגער אויסזעהן
וועט אָבשוואַכען מיין גרויזאַמען בעשלוס —
דאַן וועלען טרערען, ניט קיין בלוט, מיין ראכע זיין.
קעניגין. צו וועמען רעדסטו דאָס?
האמלעט. צי זעהסטו גאָר ניט?
קעניגין. ניין, גאָר ניט; דאָך זעה איך אַלץ וואָס דאָרט איז.
האמלעט. האָסט אויך קיין איינציג וואָרט געהערט?
קעניגין. קיין וואָרט ניט.
האמלעט. דו קוק נור דאָרט און זעה, ווי ס'ווערט פערשוואונדען!
מיין פאָטער, יאָ, מיין פאָטער, ווי ביים לעבען.
אָט, אָט! דו זעהסט? אָט געהט ער דורך דער טיהר!
(גייסט פערשווינדט).

קעניגין. ס'איז בלויז די איינבילדונג פון קראַנקען מאַרך.
ווען ס'איז פערוואָלקענט פינסטער דער פערשטאַנד,
איז די נשמה רייך אין זעהונגען.
האמלעט. דו זאָגסט אַז „ס'איז פערוואָלקענט מיין פערשטאַנד" —
ס'שלאָגט מיין פולס שטאַרק און פעסט ווי דיינער, מוטער,
עס איז זיין קלאַנג געזונד אַזוי ווי דיינער —
עס איז ניט וואהנזין וואָס עס רעדט פון מיר,
איך וועל עס וואָרט ביי וואָרט דיר ווידערהאָלען —
אַ זאַך וואָס וואהנזין קאָן קיינמאָל דערווייזען.
ביי אַלץ וואָס הייליג איז, בעשווער איך דיך:
ניט טריעף קיין באַלזאַם־טראָפּען אויף דיין וואונד —
אַז מיינע ווערטער ריידען, אָבער ניט דיין טהאַט.
דו וועסט פון אויבען בלויז די וואונד פערציהען
און אונטען, אונגעזעהן, וועט זיך די גיפט צוגיסען.
זיי מודה זיך צו גאָט אויף האָס געשעהענע,
טהו תשובה אויף דערויף וואָס איז פערפאַלען,
פערמייד דאָס קומענדע דורך טרערען און געבעט.
בעוואַסער ניט האָס ווילד און שטעכיג גראָז,
עס זאָל ניט שטאַרק און קרעפטיג זיך צוּוואַקסען.
אין מיר — זיי מוחל מיר מיין טוגענד, מוטער,
אין אונזער דור, דעם אויסגעלאַסענעם,
דאַרף טוגענד אויסבעטען ביי זינד מחילה —
עס זאָל זיך לאָזען בעסערען.
קעניגין. אָ, האמלעט,
דו האָסט אויף צווייען מיר מיין האַרץ צוריסען!
האמלעט. אָ, וואַרף אַוועק דעם ערגסטען טהייל פון איהם
און לעב אַ ריינע מיט דער ריינער העלפט.
גוט־נאַכט — נור געה ניט צו מיין אָנקעל'ס בעט.
פערשטעל זיך טוגענדהאַפט — אויב ביזט עס ניט.
אָט די בעשעפעניש, געוואוינהייט, וואָס פערשלינגט
אַ יעדען קערן פון געוויסען —
איז אין דעם פאַל אַ גוטער ווייסער מלאך,
ווייל זי שטעהט אויך צום דיענסט פון דער רעכטפערטיגקייט

און באַרגט איהר אויס אַן אַנשטענדיג און פּאַסיג קלייד
וואָס קאָן בעקוועם און לייכט געטראָגען ווערען.
האַלט זיך איינמאָל צוריק — און ס'וועט דערנאָך
דיין איינגעהאַלטענקייט דיר גרינגער אָנקומען.
געוואוינהייט ווערט נאַטור — און טראָגט אין זיך
די גרויסע וואונדערבאַרע קראַפט, וואָס קאָן
דעם טייוועל צאַמען, אָדער גאָר פערניכטען.
צום צווייטען מאָל: אַ גוטע נאַכט. און אויב
דו גאַרסט גאָט׳ס־ברכה — בענש דיין זוהן. (פּאָלאָניוסען)
אויף דיר,
טהוט וועה מיין האַרץ; עס איז אַזוי בעשערט,
מיר זאָלען איינער פון דעם צווייטען ליידען:
אַז איך זאָל זיין דיין שטראָף־רוט אויסדערוועהלט;
איך וועל אויך ענטפער געבען פאַר דיין טויט.
איך וועל דיך צונעהמען אצינד. אַ גוטע נאַכט.
איך מוז זיין גרויזאַם אום צו דיענען גוטס;
דאָס איז אַן אָנפאַנג בלויז — דאָס ערגסטע קומט.
וואַרט, נאָך איין וואָרט.

קעניגין. וואָס בלייבט מיר איצט צו טהאָן?

האַמלעט. אויף קיין פאַל ניט וואָס איך האָב פריה'ר גערעדט.
זאָל ער דיך ווידער צו זיין בעט פערנאַרען,
דורך צערטלען און דורך שמייכעלהאַפטע ווערטער.
ער זאָל דיך מאַכען, דורך זיין קוש דעם אומריינעם
און דורך זיין גלעט דעם אונפערשעהמטען, אויסזאָגען
אַלץ וואָס דו ווייסט פון מיר, מיין בייזען סוד.
זאָלסט זאָגען איהם, אַז איך בין ווייט פון וואַהנזיניג,
ס'איז בלויז אַן אָנשטעל. ס'מאַכט ניט אויס, מאָגסט זאָגען,
דען ווער ווי דו, אַ קעניגין, אונשולדיג, שעהן און קלוג,
וואָלט פון אַ קראָקאָדיל, אַ פראָש, אַ שלאַנג
אַזוינס פערבאָרגען? ווער וואָלט טהאָן אַזוינס?
ניין, ניין, אין ווידערשפּרוך פערשטאַנד, געהיימניס
הויב אויף די נעץ — און לאָז די פויגעל זיך צופליהען,
און דו, ווי די בעריהמטע אַפּע אינ'ם פאַבעל —

קריך דו אליין אין נעץ אריין צו וויסען
און וועסט דיין איינען האלז־און־נאקען ברעכען.
קעניגין. מאגסט רוהיג זיין — אויב ווערטער זיינען אטהעם,
און אטהעם — לעבען, האב איך דאן קיין לעבען
דעם סוד וואס דו האסט מיר פערטרויט ארויסאטהמען.
האמלעט. איך מוז נאך ענגלאנד אבפאהרען. דו ווייסט פון דעם?
קעניגין. כ'האב גאר פערגעסען; ס'איז אזוי בעשלאסען.
האמלעט. ס'איז פערטיג דער בעפעהל, דער זיעגעל צוגעלייגט,
און מיינע שוהל חברים, וועמען איך וואלט טרויען
אזוי פיעל ווי מען טרויט דער בייזער שלאנג —
זיי טראגען דעם בעפעהל. זיי דארפען מאכען וועג —
מיך פיהרען צו פערראט. גוט, זאל עס געהן;
עס איז א פיינער שפיעל צו זעהן, ווי ס'ווערט
דער אינזשיניר צוזאמען מיט זיין ארבייט
אין לופטען אויפגעריסען; אונטער זיי,
אויב ס'איז מיין רעכענונג ניט פאלש, וועל איך
א ביסעל טיעפער זיך ארונטערגראבען
און ביז די וואלקען הויך זיי אויפרייסען.
ס'איז פיין ווען ס'טרעפען זיך צוויי קרעפטען אויף איין וועג.
נור ס'איז שוין צייט מיין משא צו פערנעהמען
און אויף דער נעהנטססטער רוה עס אבטראגען.
א גוטע נאכט דיר, מוטער, גוטע נאכט.
בעטראכט נור ווי דער ראטגעבער איז שטיל
און ערנסט שוויינענדיג אצינד געווארען —
דער נאר וואס האט זיין לעבען־לאנג געפלוידערט;
נו קום, מען דארף דאך ערגעץ דיך בעשטאטען.
א גוטע נאכט דיר, מוטער, זיי געזונד.

**(צוגעהען זיך אויף פערשיידענע זייטען, האמלעט מיטשלעפענדיג מיט זיך פאלאניוסען.)**

## פיערטער אקט. — ערשטע סצענע.

א צימער אין שלאָס.

(עס טרעטען אויף: דער קעניג, די קעניגין, ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן.)

קעניג. עס ליגט א מיין אין דיינע שווערע זיפצען;
דו מוזט אונז קלאָהר מאכען וואָס זיי בעדייטען?
וואו איז דיין זוהן?

קעניגין. פערלאָזט אונז, פריינד, אויף איין מינוט.

(ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן אָב.)

אָ, וועה! וואָס איך האָב היינט ביינאכט געזעהן!

קעניג. וואָס איז, גערטרודא? וואָס טהוט האמלעט איצט?

קעניגין. איז אויפגעברויזט ווי ס'זיינען ים און ווינד
ווען זיי פערמעסטען זיך אין קראפט אין שטורעם:
אין ווילדען אויסברוך זיינעם, הערענדיג
א שאָרך הינטער'ן פאָרהאנג, האָט ער פלינק
זיין שווערד געצויגען, שרייענדיג „א מויז, א מויז",
און האָט פּאָלאָניוסען געטויט!

קעניג. אָ, גרויל!
דאָס זעלבע וואָלט מיט מיר געשעהן, ווען איך בין דאָרט!
זיין פרייהייט איז געפאהר פאַר אַלעמען:
פאַר מיר, פאַר דיר, פאַר יעדען איינעם.
וואָס פאַר אַן ענטפער קאָן מען אויף דעם געבען?
די שולד וועט לייגען זיך אויף אונז: מיר האָבען
דעם קראַנקען פון געזעלשאפט ניט דערווייטערט.
עס האָט אונז אונזער ליעבע בלינד געמאכט,
און ניט פערשטאַנען וואָס מיט איהם צו טהאָן.
און ווי א מענש וואָס ליידט פון שווערער קראַנקהייט

פערבאָרגט פון אַלעמען זיין פּלאָג — אַזוי אויך מיר.
ביז ס'האָט די גיפט אין קערפּער זיך צוגאָסען
און האָט דאָס בלוט פערגיפט. וואו איז ער איצט?

קעניגין. ער האָט דעם טוידטען קערפּער וואו פערטראָגען;
ס'האָט דורך זיין וואהנזין זיך זיין הארץ ענטפּלעקט
ווי ריינעס גאָלד אין שווערען גרויען בליי —
ער האָט מיט טרעהרען אויף זיין טהאַט געוויינט.

קעניג. נו, לאָמיר געהן, גערטרודא.
ניט גיכער וועט די זון די בערג בעליכטען
ווי ער וועט מוזען אָבזעגלען. מיר מוזען איצט
מיט אונזער גאַנצער חכמה, אונזער גאַנצער מאַכט
זיין שוידערליכע ווילדע טהאַט פערגלעטען.
העי, גילדענשטערן!

(עס טרעטען אויף ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן.)

מיינע פריינד, נעהמט מיט
מיט זיך נאָך מענשען אַנדערע און איילט:
ס'האָט האמלעט אין זיין ווילדער משוגעת
געטויט פּאָלאָניוסען און האָט זיין קערפּער
מיט זיך פערטראָגען וואו. געהט, זוכט איהם אויף,
דערגעהט פון איהם מיט גוטען, און בעפעהלט
די דיענער אָבטראָגען דעם טויטען שנעל
אין אונזער קירכע. כ'בעט אייך, מאַכט עס פלינק.

(ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן אָב.)

קום, קום, גערטרודא, לאָמיר באַלד די פריינד
די קליגסטע אונזערע צוזאַמענרופען,
פאַר זיי ענטדעקען וואָס מיר ווילען טהאָן,
און וואָס עס איז, צום אומגליק, שוין געשעהן.
און אפשר וועט די גיפט פון בייזע צינג —
אַזוי ווי די קאַנאָנען־קויל וואָס פליהט פאַרביי,
וואָס טראָגט דאָס בייז פון איין ברעג לאַנד צום צווייטען
פערביי אונז זיך פאַרבייטראָגען, און בלויז
אָן לופט זיך אָנשלאָגען. נו, קום אַוועק:
מיין הארץ איז אומרוהיג און פול מיט שרעק.

## צווייטע סצענע.

### אין אַן אַנדער צימער אין שלאָס.

(האַמלעט טרעט אויף.)

האַמלעט. נו, גוט בעשטאַט.

ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן. (הינטער דער סצענע) האַמלעט! פּרינץ האַמלעט!

האַמלעט. שאַ! שאַ! ווער מאַכט דאָרט אַן אַ טומעל? ווער רופט עס האַמלעט'ען? אַ, אַט קומען זיי.

ראָזענקראַנץ. וואָס האָט איהר, פּרינץ, געטהאָן מיט'ן טויטען קערפּער?

האַמלעט. עס איבערגעגעבען צו דעם שטויב, פון וואַנען עס איז געקומען.

ראָזענקראַנץ. זאָגט אונז, וואו עס געפינט זיך, מיר ווילען עס פון דאָרטען נעהמען, און אין דער קירכע אָבטראָגען.

האַמלעט. אָ, ניין; אָ, גלויב עס ניט.

ראָזענקראַנץ. וואָס ניט גלויבען?

האַמלעט. אַז איך זאָל האַלטען אייערען אַ סוד — אָבער נישט מיינעם, און אויסער דעם, איך זאָל ענטפערען אויף אַ שוואָמ'ס פראַגען. וואָס פאַר אַן ענטפער זאָל דעם קעניג'ס זוהן אייך געבען?

ראָזענקראַנץ. איהר האַלט מיך פאַר אַ שוואָם?

האַמלעט. געוויס; אַ שוואָם וואָס זאַפּט אין זיך אריין דעם קעניג'ס גנאָדען, זיין בעפעהל און אָנזעהן. אַזעלכע ווי איהר זיינען צום סוף די בעסטע. ער האַלט זיי, ווי אַן אַפּע, אין ווינקעל פון מויל; צוערשט האַלט ער זיי אין מויל, דערנאָך שלינגט ער זיי איין. ווען ער וועט דאַרפען דאָס וואָס דו האָסט איינגעזאַפּט, וועט ער איין ביסעל דיך אַ דריק טהאָן, און, שוואָם וואָס דו ביזט, וועסט ווידער טרוקען.

ראָזענקראַנץ. איך פערשטעה אייך ניט.

האַמלעט. אַלץ בעסער: דאָס שאַרפע וואָרט שלאָפט איין אין נאַרענ'ס אויער.

ראָזענקראַנץ. איהר זאָגט אונז, פּרינץ, וואו ס'איז דער קערפּער
און קומט מיט אונז צום קעניג.
האמלעט. דער קערפּער איז ביים קעניג — דאָך דער קעניג איז
ניט ביים קערפּער. דער קעניג איז אַ געגענשטאַנד —
ראָזענקראַנץ — אַ געגענשטאַנד?
האמלעט. אַ גאָר־ניט. איצט קאָנט איהר פיהרען מיך צום איהם.
(אַלע אָב.)

---

## דריטע סצענע.

### אַן אַנדער צימער אין שלאָס.

(עס טרעטען אויף: דער קעניג און בעגלייטער.)

קעניג. איך האָב געשיקט איהם זוכען און דעם קערפּער.
עס איז געפעהרליך וואָס דער מאַן איז פריי!
דאָך טאָר איך ניט זיין שטריינג מיט איהם לויט'ן געזעץ —
ער איז צופיעל ביים איינפאַך פאָלק בעליעבט —
די ליעבע שטאַמט ניט פון'ם קאָפּ — בלויז פונ'ם אויג;
און מען ליעבט אזוי — דאַן זעהט זיך נור
זיין לייד און ניט זיין שולד. אום צו פערגלעטען אַלץ
וועט זיין זיין אָברייזע נאָך ענגלאַנד פּלוצלונג —
גוט ווי געוואונשען. אַ פערצווייפעלט קריינק —
קאָן בלויז דורך מיטלען דורך פערצווייפעלטע
געהיילט ווערען. ווען ניט איז אַלץ פערפאַלען.
(ראָזענקראַנץ טרעט אויף.)
נו, וואָס? וואָס איז געשעהן?
ראָזענקראַנץ. מיר קאָנען ניט פון איהם דערגעהן, וואוהין ער האָט
פערשטעקט דעם קערפּער.
קעניג. וואו איז ער אַליין?
ראָזענקראַנץ. אין דרויסען, אונטער וואַך.
קעניג. ברייננגט איהם צופיהרען.
ראָזענקראַנץ. גילדענשטערן! פיהר דעם פּרינץ אַריין!
(עס טרעטען אויף האמלעט און גילדענשטערן.)

קעניג. האמלעט, זאָג, וואו איז פּאָלאָניוס?
האמלעט. צום אבענדברויט אוועק.
קעניג. צום אָווענד־ברויט? וואו?
האמלעט. ניט וואו ער עסט, נור וואו ער ווערט געגעסען. אַ גאַנ־צער קאָנגרעס פּאָליטישע ווערים האָבען זיך נור וואָס צו איהם גענומען. וואָס אנבעטרעפט עסען איז דער איינציגער הערשער — דער וואָרים. מיר מאכען פעט אַלערליי בעשע־פעניששן אום אונז אַליין פעט צו מאכען, און אונז אַליין — פאַר די ווערים. דער פעטער קעניג און דער מאָגערער בעט־לער זיינען בלויז פערשיעדענע שפּייזען; צוויי געריכטען פאַר איין און דעמזעלבען טיש: דאָס איז דער סוף.
קעניג. ליידער!
האמלעט. עס קאָן פּאַסירען: אַ מאַן זאָל פיש כאַפּען דורך אַ וואָ־רעם וואָס האָט געשפּייזט זיך אויף אַ קעניג, און שפּייזען זיך אויפ'ן פיש וואָס האָט ארונטערגעשלונגען דעם וואָרים.
קעניג. וואָס ווילסטו זאָגען?
האמלעט. איך וויל נור קלאָהר מאכען דעם וועג, ווי אזוי אַ קעניג קאָן מאכען אַ שפּאַציער דורך די געדערים פון אַ בעטלער.
קעניג. וואו איז פּאָלאָניוס?
האמלעט. אין הימעל. שיקט אהין אויסגעפינען. נור אויב אייער שליח וועט איהם דאָרט ניט געפינען — דאַן זוכט איהם אין אַן אנדער פּלאַץ. נור אויב איהר וועט איהם דורך אַ גאַנצען מאָנאַט צייט ניט אויסזוכען — וועט ער זיך אַליין לאָזען הע־רען אויף די טרעפּ וואָס פיהרען צו דער גאַלעריי.
קעניג. (צו איניגע פון די בעגלייטער) געהט זוכט איהם דאָרט.
האמלעט. ער וועט דאָרט אויף אייך וואַרטען. (בעגלייטער אָב.)
קעניג. דיין טהאַט צווינגט מיך, צוליב דיין זיכערהייט —
וואָס איז אונז טהייער אין דער זעלבער מאָס,
ווי מיר בעדויערען וואָס דו האָסט אָבגעטהאָן —
דאָס לאַנד פערלאָזען אויגענבליקליך. גרייט זיך צו.
דאָס שיף שטעהט גרייט, דער ווינד איז גוט און גינסטיג —
דער בעסטער וועג פאַר דיר אַצינד איז ענגלאַנד.
האמלעט. ענגלאַנד?

**קעניג.** יאָ, האַמלעט.
**האַמלעט.** גוט.
**קעניג.** געוויס, אויב דו וואָלסט נור געקאָנט זעהן אונזער גוטען מיין.
**האַמלעט.** איך זעה דעם גוטען מלאך וועלכער זעהט איהם. נו, געגוג; נאָך ענגלאַנד — איז נאָך ענגלאַנד. פערבלייבט געזונד, טהייערסטע מוטער.
**קעניג.** דיין ליעבענדער פאָטער, האַמלעט.
**האַמלעט.** פאָטער און מוטער זיינען מאַן־און־ווייב; מאַן־און־ווייב זיינען איין לייב; אַלזאָ, מיין מוטער. נאָך ענגלאַנד. (אָב.)
**קעניג.** איהר פאָלגט איהם נאָך און לייגט ניט אָב די רייזע;
וואָס גיכער קריגט איהם אויפ'ן שיף אַרויף.
נאָך היינט צו־נאַכט געפינט זיך אויפ'ן וועג.
געשווינד! ס'איז אַלץ שוין צוגעגרייט פאַר אייך!
איך בעט אייך, זייט געשווינד!
(ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן אָב.)
און, ענגלאַנד, דו —
אויב ס'איז מיין פריינדשאַפט טהייער דיר און ליעב,
וועט מיין בעפעהל דיך לערנען וואָס צו טהאָן:
עס איז נאָך פריש און רויה די טיעפע וואונד
וואָס דו האָסט שווער פון אונז בעקומען — דרום
וועסטו געוויס דיין הערשער'ס ווילען אויספיהרען:
איהם טוידטען אונגעזאַמט. אָ, טהו עס, ענגלאַנד!
דען ווי אַ גיפט האָט ער זיך אין מיין בלוט צושפּיעלט!
נור דו קאָנסט היילען מיך פון בייזען פיין.
כל־זמן ער לעבט, איז פינסטער מיר דער שיין,
און ס'געהט מיין גליק, מיין לעבען מיר ניט איין! (אָב.)

---

## פיערטע סצענע.

### פלאַכלאַנד אין דענעמאַרק.

(עס טרעטען אויף: פאָרטינבראַס, אָפיציער און זעלנער.)

פאָרטינבראַס. איהר, קאַפּיטאַן, גיט איבער מיין גערוס
צום קעניג דענעמאַרק׳ס; דערצעהלט איהם אויך,
אז פאָרטינבראַס פערלאַנגט, לויט זיין ערלויבניש,
א וועגווייזער איהם דורכצופיהרען דורך זיין לאַנד.
איהר ווייסט דאָך וואו מיך צו געפינען, אויב מען דאַרף.
אויב ס׳ווינשט זיין מאַיעסטעט מיך זעהן,
וועל איך פערזענליך אויפטרעטען פאר איהם.
איהר מעגט איהם אזוי זאָגען.
קאַפּיטאַן. גוט, מיין פּרינץ.
פאָרטינבראַס. פאָראויס! אין וועג! (פאָרטינבראַס און זעלנער אָב.)
(עס טרעטען אויף: האַמלעט, ראָזענקראַנץ, גילדענשטערן און אַנדערע.)
האַמלעט. מיין ליבער פריינד, וואָס זיינען עס פאר זעלנער?
קאַפּיטאַן. נאָרוועגישע, מיין הערר.
האַמלעט. וואוהין, זאָגט, ציהען זיי?
קאַפּיטאַן. אויף א געוויסען טהייל פון פּוילען.
האַמלעט. ווער פיהרט זיי אָן?
קאַפּיטאַן. פאָרטינבראַס, דער נעפע פון דעם אַלטען קעניג.
האַמלעט. ציהט די דאָזיגע מלוכה אנטקעגען גאַנץ פּוילען — אָדער
אויך אויף איינע פון די ארומיגע מלוכות?
קאַפּיטאַן. דעם ריינעם אמת אייך צו זאָגען, הערר,
דאַן געהען מיר זיך שלאָגען פאר א פּלאַץ
וואָס איז א חוץ זיין נאָמען גאָר ניט ווערטה.
כ׳וואָלט פינף דוקאַטען פאר׳ן פּלאַץ ניט געבען —
אויך וואָלט דער פּלאַץ ניט מעהר אריינגעבראַכט —
ניט אונז, ניט פּוילען, — אויב מען זאָל דעם פּלאַץ
פערקויפען.
האַמלעט. אויב אזוי, וועט פּוילען ניט
דעם פּלאַץ דעם דאָזיגען פערמהיידיגען!

קאפּיטאַן. אַ, ניין! זיי האָבען שוין דעם פּלאַץ בעפעסטיגט!
האמלעט. צוויי טויזענד זעלנער, צוואַנציג טויזענד רענדלעך.
זיי וועלען ניט דעם קריעג דעם נאַרישען
צו פריעדען בריינגען. דאָס איז דער געשוויר
פון איבערפלוס פון רייכקייט און פון פריעדען,
וואָס פּלאַצט פון אינווייניג, און ס'איז ניט קענטיג
פון אויסווייניג, פאַרוואָס דער מענש זאָל שטאַרבען.
איך דאַנק אייך אונטערטהעניגסט, הערר.
קאַפּיטאַן. זאָל גאָט
אייך פיהרען אויף דעם וועג. (אָב.)
ראָזענקראַנץ. פּרינץ, געהען מיר?
האמלעט. איהר געהט פאָראויס און איך וועל אונטערקומען.
(אַלע, אויסער האמלעט, אָב.)
ווי יעדע קליינינקייט בעשולדיגט מיך
און טרייבט דעם פוילענצער אין מיר צו ראַכע!
וואָס איז דער מאַן וואָס גיט אוועק זיין צייט,
זיין האַרץ און זיין געפיהל אויף שלאָף און עסען? —
אַ נידעריגע חיה — און ניט מעהר!
געוויס, אַז דער וואָס האָט בעשאַפען אונז
און האָט אין אונז אַריינגעהויכט פערשטאַנד
די צוקונפט דורך פערגאַנגענהייט צו לעזען —
האָט ניט געשאָנקען אונז דעם געטליכען פערשטאַנד
עס זאָל אומזיסט־אומגישט אין אונז פערוועלקען.
אצינד, צי איז עס טייוועלשע פערגעסליכקייט,
צי גאָר דער טיעף־געגאַרטער צווייפעל,
וואָס קומט פון גריבלען זיך אין יעדער איינצעלהייט —
— אַ זאַך וואָס האָט אין זיך איין חלק חכמה, דריי
חלקים פייגהייט — ווייס איך ניט געוויס
צו וואָס איך לעב נאָך אויף דער וועלט — אויב איך
מוז זאָגען זיך: „דאָס מוזטו טהאָן" — ווען כ'האָב
אין זיך די קראַפט, די מיטלען און דעם ווילען
צו טהאָן. און ביישפּיעלען, וואהרשיינליך, גרויס,
ווי גרויס עס איז די וועלט, דערמוטהען מיך צו דעם.

אַט די אַרמיי פון זעלנער טויזענדער
געפיהרט פון איידעלען און יונגען פּרינץ:
עס לעבצט זיין גייסט נאָך זיעג און העלדענרוהם
און לייגט זיין יונגען לעבען אויפ׳ן וואָגשאָל,
זיך איבערגעבענדיג צום צופאַל, טויט, געפאַהר,
בלויז פאַר אַן אויסגעבלאָזענע איי. ס׳איז גרויס
דער יעניגער, וואָס שטעלט זיך ניט, ניט האָבענדיג
קיין גרויסע אורזאַך, אָבער וועט זיך אויפשטעלען
פאַר קלענסטער קליינינגקייט ווען ס׳האַנדעלט זיך
זיין עהרע צו פערטהיידיגען. איז ווער בין איך,
וואָס ס׳קאָן מיין פאָטער׳ס טויט, מיין מוטער׳ס עהרע,
דער קלאָהרער שכל און די שטים פון בלוט מיך ניט
פון שלאָף דערוועקען? ב׳קוק זיך צו, מיט שאַנד,
ווי צוואַנציג טויזענד מענשען געהען צום טויט
בלויז פאַר אַן איינבילדונג, און שמייכלען רוהיג
צום קאַלטען גרוב, ווי ער וואָלט צו זיין בעט געגאַנגען.
און פרעג פאַרוואָס? זיי געהען שלאָגען זיך
דאָרט ערגעץ פאַר אַ שטיקעל פלאַץ, וואו ס׳איז
קיין אָרט ניטאָ גענוג צו שלאָגען זיך פאַר זיי,
און ס׳וועט קיין אָרט ניט קלעקען צו בעגראָבען
די טויזענדער געפאַלענע. פון היינט און ווייטער —
זיי, מיין געדאַנק, געטונקט אין רויטען בלוט,
ווען ניט — איז נישטיג און צופוילט מיין מוט. (אָב.)

---

פינפטע סצענע. — עלסינאָר.

אַ צימער אין שלאָס.

(עס טרעטען אויף: קעניגין, האָראַציאָ און אַן אַדעלמאַן.)

קעניגין. איך קאָן מיט איהר ניט ריידען.
אַדעלמאַן. אָ, זי בעט
אַזוי רחמנות׳דיג און היים, אַז איהר
מוזט זיך אויף איהר דערבאַרעמען.

קעניגין. און וואָס פערלאַנגט זי ?

אדעלמאַן. הערט ניט אויף צו ריידען
פון פאָטער איהרען ; זאָגט, די וועלט איז שלעכט
און זיפצט און שלאָגט זיך אויפ׳ן הארצען שווער ;
ווערט אויפגערעגט פון גאָרנישט ;רעדט אזעלכע רייד
וואָס האָבען ניט קיין זין ; בלויז פוסטע קלאַנגען.
נור זייער אומגעלומפערטקייט שטויסט אָן
דעם צוהערער צו ציהען מאָדנע שלוסען.
זי לייגט אריין א מיין אין איהרע ווערטער
וואָס ליגט בעהאַלטען אין דעם אויסדרוק פון געזיכט,
אין שאָקעל פון איהר קאָפּ, אין מאַך פון האַנד.
ניט ווילענדיג קען איינער זיך פערטראַכטען,
אז עפּעס שענדליכעס בעהאַלט זיך אונטער דעם.

האָראַציאָ. ס׳וואָלט גוט געווען, איהר זאָלט זי אויסהערען —
וויל זי קאָן מענשען מיט פערדאָרבענעם געדאַנק
צו פאַלשע שלוסען פיהרען.

קעניגין. לאָזט זי צו. (אדעלמאַן אָב.)
(אָן אַ זייט) צו מיין פערוויינטאָגטער נשמה פול מיט שרעק
זעהט אויס א שוואַרצער וואָלקען יעדער פלעק.
ס׳איז שרעקעדיג די זינד, האָט מורא פאַר פערראַט
און גיט אליין זיך אויס מיט יעדער טהאַט.
(עס טרעטען אויף אדעלמאַן און אָפעליאַ.)

אָפעליאַ. וואו איז די שעהנע קעניגין פון דענעמאַרק ?

קעניגין. וואָס איז, אָפעליאַ ?

אָפעליאַ. (זינגט)
ווי זאָל איך דיין פריינד דערקענען,
און וואו איז דיין פריינד פערשוואונדען ?
נאָך זיין הוט און פילגרים־שטעקען,
געהט מיט שטריק ארומגעבונדען.

קעניגין. אָפעליאַ, טהייערע, צו וואָס דאָס ליעד ?

אָפעליאַ. וואָס רעדט איהר. איך בעט אייך, הערט מיך אויס.
(זינגט) ער איז שטום און טויט, מיין ליעבע,
ער וועט שוין צוריק ניט קומען ;

ס׳שטעהט אַ שטיין ביי זיין צופוסען,
און צוקאָפּענס וואַקסען בלומען.

אָ, אָ!

קעניגן. אָפעליא, בעדיינק זיך.

אָפעליא. ניין, האָרכט אוים.

(זינגט) ווי דער שניי איז ווייס זיין אָנטהאָן —

(דער קעניג טרעט אויף.)

קעניגין. אָ, זעה וואָס ס׳איז פון איהר געוואָרען!

אָפעליא. (זינגט)

צוגעדעקט מיט בלום און גראָזען,
און מיט טרעהרען האָבען מיר איהם
אין זיין גרוב אראָבגעלאָזען.

קעניג. וואָס איז מיט דיר, ליעבע אָפעליא?

אָפעליא. אַ דאַנק, אַ דאַנק. מען זאָגט, די סאָווע איז געוועזן אַ בעקער׳ס אַ טאָכטער. מיר וויסען וואָס מיר זיינען, אָבער וויסען ניט וואָס וועט פון אונז זיין. גאָט זאָל זיין מיט אייך.

קעניג. אָן אָנצוהערעניש וועגען איהר פאָטער.

אָפעליא. גענוג, גענוג; נור אויב מען וועט אייך פרעגען וואָס דאָס בעטייט, מעגט איהר דאָס ענטפערען: (זינגט)

מאָרגען איז סאַנקט-וואַלענטין —
פלייצט די זון אויף בערג מיט שיין;
שטעהט אַ יונגפרוי ביי זיין פענסטער:
ליעבער, כ׳וויל דיין ליעבע זיין.
ער האָט ערוואַכט, ניט לאַנג געטראַכט,
צועפענט ברייט זיין טהיר;
זי איז אריין, נור איז ארוים
קיין מיידעל מעהר דורך איהר.

קעניג. שעהנע אָפעליא!

אָפעליא. נו, נו, ניטאָ אויף וואָס זיך צו בעליידיגען. אָט ענדיג איך: (זינגט)

מאמע, הייליגע! ווי שענדליך
ס׳איז די שבועה צו פערגעסען.
האָט געשוואָרען מיר אונענדליך,

האָט געשוואָרען און פערגעסען.
„האָסט געוואָלט צום ווייב מיך נעהמען
איידער דאָס האָט זיך פערלאָפען" —
ענטפערט ער:
„כ'וואָלט געווים מיין וואָרט געהאַלטען
וואָלסטו ניט מיט מיר געשלאָפען.

קעניג. ווי לאַנג געפינט זי זיך אין דעם צושטאַנד?

אָפעליאַ. איך האָף, אז אַלץ וועט נאָך גוט זיין. מיר מוזען זיין געדולדיג; נאָר איך קאָן מיך ניט צוריקהאַלטען פון געוויין, ווען איך טראַכט, אז זיי האָבען איהם אין קאַלטען גרוב געלייגט. מיין ברודער זאָל פון דעם אַלץ וויסען. אַ דאַנק אייך פאַר אייער גוטען ראַטה. איי, מיין עקיפּאַזש דערלאַנגט. אַ גוטע נאַכט, אַ גוטע נאַכט, מיינע דאַמען, אַ גוטע נאַכט. (אָב.)

קעניג. בעגלייט זי, האָראַציאָ, און היט זי אָב פון בייז.

(האָראַציאָ אָב.)

דאָס איז די גיפט פון טיעפען טרויער איהרען;
דאָס נעהמט זיך פון איהר פאָטער'ס טויט. גערטרודאַ,
ווען צרות קומען — קומען זיי ניט איינציגווייז,
נור מחנות-ווייז. צוערשט איהר פאָטער'ס טויט,
דערנאָך דיין זוהן, אַליין דער שולדיגער
פאַר זיין פערדיענטער שטראָף, פון לאַנד פערטריבען.
דאָס פאָלק איז אויפגעבראַוזט פון אַלטען'ס טויט
דורך קלאַנגען פינסטערע; מיר האָבען בלינדערהייט
געהאַנדעלט, פון'ם פאָלק זיין טויט פערדעקען.
די אָרימע אָפעליאַ, צוליעב דעם אַלץ
געריהרט פון זין, אָהן וועלכען ס'איז דער מענש
אַ חיה, אָדער בלויז אַ שאָטען פון אַ מענשען.
צולעצט — דאָס ערגסטע פון די אַלע פריהעריגע —
האָט זיך איהר ברודער אומגעקעהרט פון פראַנקרייך.
ער שפּייזט זיין בייז-געמיט מיט בייזען וואונדער,
בעהאַלט זיך אין די וואָלקען; ס'פעהלען ניט
קיין בייזע צינגער איהם זיין האַרץ פערגיפטען
מיט מעשות גיפטיגע פון פאָטער'ס טויט.

דערבײַ, ניט וויסענדיג גענוי די זאַך,
פערשטעהט זיך, אז זיי האָבען אונז בעשולדיגט.
אָט וואָס, עס האָט מיר, ווי א בייזער רעגען
פון קוילען גיפטיגע, מיין הארץ פערוואונדעט.
(אַ טומעל הינטער דער סצענע)

קעניגין. וואָס איז עס פאר א טומעל דאָרט?

קעניג. וואו איז
מיין וואַך מיין טרייע? זאָלען זיי די טהיר
בעוואכען.
וואָס איז דאָרט געשעהן?

אדעלמאן. אָ, קעניג,
אנטלויפט און רעטעט אייך! דער אָקעאַן,
צוברעכענדיג דעם צאַם פון זיינע ברעגען,
צוגיסט זיך פלינקער ניט אויף פלאַכע פעלדער —
ווי ס׳טהוט לאערטים מיט׳ן איינפאַך פאָלק,
די דיענער אייערע. דאָס פאָלק דערקלעהרט
לאערטים׳ן פאר קעניג, ווי עס וואָלט
די וועלט געוואָרען אָקאָרשט איצט בעשאַפען —
פערגעסען אלטערטהימליכקייט און זיטען —
זיי שרייען ווילד: „מיר ווילען אויסוועהלען לאערטיסען!
לאערטים זאָל זיין קעניג!" הענט און צינגער
דערטראָגען ביז צום הימעל דעם געשריי:
לאערטים זאָל זיין קעניג איבער אונז!"

קעניג. ווי פריידיג אויף׳ן שפור דעם פאַלשען בילען
די הינד די דענישע.
(אַ טומעל הינטער דער סצענע)

שטימע. די טהיר ברעכט איין!
(לאערטים אַ בעוואפענטער, טרעט אויף, נאָך איהם אַ עולם דענער.)

לאערטים. וואו איז דער קעניג? כ׳בעט אייך, מיינע העררען,
איהר בלייבט פון דרויסען.

שטימען. מיר׳ן געהן מיט דיר!

לאערטים. אָ, ניין, איך בעט אייך זעהר.

שטימען. גוט, נו גוט. (דענער אָב.)

לאַערטיס. די טהיר שליסט צו. דו קעניג, נידערטרעכטיגער,
גיב מיר מיין פאָטער אָב!
קעניג. בערוהיג דיך, לאַערטיס!
לאַערטיס .מיין איטליך טראָפּען בלוט וואָס איז בערוהיגט
שרייט „ממזר!" אויס צו מיר; בעשמוצט מיין פאָטער
און מיט א פלעק פון אויסגעלאַסענהייט
פערפלעקט מיין מוטער.
קעניג. זאָג, וואָס איז די אורזאך
פון אָט דיין ווילדען צאָרען?
לאָז אָב, גערטרודא, האָב קיין אנגסט פאַר איהם —
עס שוועבט א הייליגקייט ארום א קעניג
אז עס פערגעסט, ווען ער בעגעגענט איהם,
זיין פינסטערען גערדאַנק. נו, זאָג לאַערטיס,
וואָס ביזטו אזוי אויפגעבראַכט און בייז?
לאַערטיס, רייד!
לאַערטיס. וואו איז מיין פאָטער?
קעניג. טויט.
קעניגין. ניט דורך זיין האַנד.
קעניג. זאָל ער מיך פרעגען פיעל ער וויל.
לאַערטיס. ווי איז זיין טויט געקומען? ווערסט מיך ניט
מיט פוילע רייד פערנאַרען. אַלץ צום טייוועל!
זאָל אַלע מיינע שבועות איינשלינגען דער גיהנם —
געדולד, געוויסען — אין'ם טיעפסטען אָבגרונד.
איך לאַך מיך אויס פון פלוך פון אייביגען —
אזוי ווייט שטעה איך איצט, אז איך בין מקריב
די ביידע וועלטען מיינע — זאָל זיין וואָס עס איז —
איך וויל נור איינס: נקמה! ראַכע פאַר
מיין פאָטער'ס טויט.
קעניג. ווער שטעהט דיר אין דיין וועג?
לאַערטיס. מיין אייגען ווילען — ניט דער גאַנצער וועלט'ס.
מיט מיינע קליינע מיטלען וועל איך גרויסעס
און וואונדערבאַרעס אויפטהאָן.
קעניג. האָרך מיך אויס:

ווילסט וויסען, ווי דיין פאַטער איז געשטאָרבען —
טאַ זאָג מיר אויך: האָסטו בעשלאָסען אין דיין האַס
נקמה נעהמען גלייך פון שולדיגען און ריינעם,
פון פריינד ווי פונ׳ם פיינד?

לאַערטיס. נקמה בלויז פון פיינד.

קעניג. און ווילסט אויך קאָנען דיינע פריינד און פיינד?

לאַערטיס. אָ, מיינע פריינד וועל איך צום הארצען דריקען
און ווי דער פעליקאַן־פויגעל, וועל איך
זיי נעהרען מיט מיין בלוט.

קעניג. איצט רעדסטו רייד,
ווי ס׳רעדט א גוטער זוהן און עכטער אדעלמאַן;
אז ס׳זיינען מיינע הענט ריין פון זיין בלוט
און איך בין אמת׳דיג און טיעף נעערגערט —
וועסטו אַרויסזעהן מיט דיין שכל, ווי ס׳איז קלאָהר
פאר דיר דאָס ליכט פון טאָג.

דענער. (הינטער דער סצענע) לאָזט זי אריין.

(אָפעליא טרעט אויף.)

לאַערטיס. וואָס איז, וואָס איז דאָס פאר א טומעל?
אָ, פלאַמען, טריקענט אוים מיין מארך; דו, טרעהר
געזאַלצענע, ברען אוים דעם גלאַנץ פון אויג.
ביי גאָט, בעצאָהלט וועט ווערען פאר דיין וואהנזין,
ביז ס׳וועט מיין ראַכע זיך אין בלוט דערטרינקען.
אָ, פריהלינגס־רויז! אָפעליא, מיין שוועסטער!
דו אונשולדיגע ליעבע קינד! אָ גאָט, מיין גאָט!
איז מעגליך אז א קינד׳ס א יונג פערשטאַנד
זאָל שטערבליך זיין ווי ס׳איז אַן אַלטענס לעבען?

אָפעליא. (זינגט)
זיי האָבען צום גרוב איהם גענומען —
טויט בלאַס, מיט אַן אָפען געזיכט;
אָ, וועה, וועה, וועה!
און ס׳זיינען די טרעהרען געקומען,
געפאַלען אין קבר געדיכט.

(לאַערטיס׳ן) צום ווידערזעהן, מיין טייבעלע!

לאערטיס. וואלסטו ביים זין געווען — און וואלסט צו ראכע מיך
אויפגעפאדערט, וואלסטו ניט נעקאנט מיך ריהרען אזוי טיעף.
אפעליא.

איהר מוזט זינגען: אין קבר, אין קבר,
רופט איהם וויעדער אין קבר אראב —

אוי, ווי דאס ליעדעל פאסט זיך צום שפינראד; ס'איז דער
אלטער ליגנערישער אויפזעהער, וואס האט פערפיהרט זיין
קעניג'ס טאכטער.
לאערטיס. אין דער פלוידעריי איז עפעס דא בעהאלטען.
אפעליא. דא האסטו פערגעס־מיך־ניט בלימלעך צום אנדענקען:
פערגעס מיך ניט, ליעבע, געדיינק; און דא האסטו שטיפמוטערליך — וואס בעדייטען: טרייהייט.
לאערטיס. ס'איז צו לערנען פון וואהנזין: ליעבע און טרייהייט.
אפעליא. דא האסטו האפען און קאלומבינען. דא האסטו ווערמוט; ס'איז פאר מיר אויך געבליבען; דא האסטו ריהר־מיך־ניט בלימלעך; איך וואלט דיר געגעבען פיילכען אויך, נור
זיי זיינען פערוועלקט געווארען מיט מיין פאטער'ס טויט. זיי
זאגען ער איז שטיל אויסגעגאנגען. (זינגט)

אך, דער גוטער טרייער ראבערט
איז מיין איינציג פרייד אין לעבען.

לאערטיס. איהר טרויער און איהר לייד, דעם גיהנם גופא
האט זי אין שעהנקייט און אין פראכט פערוואנדעלט!
אפעליא. (זינגט)

און וועט ער שוין ניט קומען צוריק?
און וועט ער שוין ניט קומען צוריק?
ניין, ניין, ער איז טויט,
איז פערשאטען, פערוועהט —
ניין, ער וועט שוין ניט קומען צוריק.

ס'איז זיין בארד געווען ווייס ווי דער שניי,
ווייסער פלאקס זיינע לאקען אזוי —

און אומזיסט פּליסט מיין טרעהר,
וועט ניט אויפלעבען מעהר —
האָב רחמנות אויף איהם, גרויסער גאָט!

און אויף אַלע גלויבינגע נשמות — דאָס איז מיין נעבעט.
זאָל גאָט זיין מיט אייך. (אָב.)

לאערטיס. איהר זעהט עס צו? אָ, גאָט!

קעניג. לאערטיס, האָרך:
איך מוז זיך מיט דיין טרויער דורכריידען —
איך האָב א רעכט אויף דעם. איצט מאַנסטו געהן,
צונויפרופען די בעסטע פריינד דיינע,
זיי זאָלען משפּט'ען צווישען אונז:
אויב זיי וועלען געפינען, אז דורך מיר
איז דער פערברעך געשעהן — דאן גיב איך אָב
מיין קרוין, מיין קאָפּ, אַלץ, אַלץ וואָס אונז איז טהייער,
דיר אַלס פערגיטיגונג — נור אויב פערקעהרט,
מוזטו מיר צוזאָגען צו זיין געדולדיג
און איך וועל האנד־אין־האַנד מיט דיר צוזאמען
פאַר דאָס פערגאָסען בלוט נקמה זוכען —
בערוהיגען דיין שווער געמיטה.

לאערטיס. זאָל זיין אזוי;
זיין טויט זיין פּלעצליכער, זיין שטילע לויה,
קיין שווערד, קיין הערב, קיין עהרענצייכען ניט,
קיין אדעליגע צערעמאָניען ביי זיין קבורה —
דאָס אַלץ שרייט ווי דער דונער הויך צום הימעל
און פאָדערט רעכענונג.

קעניג. דו זיי געדולדיג —
די שטראָף וועט גרייכען יענעם וואָס איז שולדיג.
איך בעט דיך, קום מיט מיר. (ביידע אָב.)

---

## זעקסטע סצענע.

### אַן אַנדער צימער אין שלאָס.

(עס טרעטען אויף האָראַציאָ און דיענער.)

**האָראַציאָ:** ווער זיינען זיי, וואָס ווילען מיך דאָ זעהן?

**דיענער.** מאַטראָזען פיהרען בריעף צו אייך.

**האָראַציאָ.** לאָז זיי אריין.

(דיענער אָב.)

איך ווייס ניט פון קיין צווייטען אין דער גאַנצער וועלט,
וואָס זאָל אַ גרוס מיר שיקען — אויב ניט האַמלעט.

(עס טרעטען אויף מאַטראָזען)

**ערשטער מאַטראָז.** גאָט בענש דיך, הערר.

**האָראַציאָ.** זאָל ער בענשען אויך דיך.

**ערשטער מאַטראָז.** געוויס, אויב ס'וועט איהם נור געפעלען. איך פיהר מיט זיך אַ בריעף פאַר אייך: עס קומט פון דעם געזאַנדטען, וואָס איז געפאָהרען נאָך ענגלאַנד — אויב אייער נאָמען איז האָראַציאָ, ווי מען האָט מיר געזאָגט.

**האָראַציאָ.** (לייענט) האָראַציאָ, ווען דו וועסט האָבען דורכגעקוקט מיין בריעף, זעה אַז די מאַטראָזען זאָלען צוקומען צום קעניג: זיי האָבען בריעף פאַר איהם. איידער נאָך מיר זיינען אַלט געוואָרען צוויי טעג אויפ'ן ים, האָט זיך אַ מעכטיגע פיראַטען־שיף אָנגעהויבען נאָך אונז צו יאָגען. איינזעהענדיג, אַז אונזער שיף איז ניט גענוג פלינק צו אַנטלויפען — זיינען מיר, ניט ווילענדיג, געוואָרען בראַוו, און זיך געשטעלט אַנטקעגען. ווען זיי זיינען צוגעקומען נאָהענט, האָב איך, ווייל דער געפעכט איז אָנגעגאַנגען, זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף זייער שיף. אין דער זעלבער רגע זיינען זיי אָבגעשוואומען פון אונזער שיף און איך בין געבליבען ביי זיי אַ געפאַנגענער. זיי האָבען זיך מיט מיר בעגאַנגען ווי רויבער־אַדעלליים: נור עס האָט זיך זיי געלוינט, מען וועט זיי מוזען אָבצאָהלען מיט אַ טובה. זעה, אַז דער קעניג זאָל בעקומען מיינע בריעף; און לויף מיך צו טרעפען, ווי איינער לויפט פון טויט. איך

האָב דיר צו זאָגען אַזעלכע ווערטער, וואָס וועלען דיך טויב מאַכען, און דאָך זיינען זיי ניט גענוג שווער אין פערגלייך מיט זייער אינהאַלט. די דאָזיגע וואוילע יונגען וועלען דיך בריינגען וואו איך געפין זיך. ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן זיינען אויף זייער וועג נאָך ענגלאַנד: איך האָב זעהר פיעל פון זיי צו דערצעהלען. זיי געזונד. פון דעם וואָס דו ווייסט, ער איז אייביג דיינער,

האמלעט."

קומט, איך וועל מאַכען וועג פאַר אייך צום קעניג.
ווערט פערטיג שנעל, איהר מוזט מיך תיכף פיהרען
צום יעניגען, וואָס האָט אייך דאָ געשיקט. (אָב.)

---

## זיעבעטע סצענע.

### אַן אַנדער צימער אין שלאָס.

(עס טרעטען אויף: קעניג און לאַערטיס.)

קעניג. אַצינד, לאַערטיס, מוזטו צוגעבען,
אַז איך בין אונשולדיג; און ווי אַ פריינד
מוזטו מיך אין דיין הארצען איינשליסען;
זינט דו האָסט איינגעזעהן, אַז דער וואָס האָט
בעדרויבט דיין פאָטער פון זיין לעבען, האָט
זיך אויף מיין לעבען אויך געציעלט.

לאַערטיס. ס'איז קלאָהר.
דערקלעהרט מיר נור פאַרוואָס איהר האָט דעם אומגליק,
דאָס שווידערליך פערברעכען ניט פערהיט:
עס האָט דאָך אייער זיכערקייט, פערשטאַנד,
און אַלץ אַרום פון אייך געפאָדערט דאָס.

קעניג. צוליעב צוויי אורזאַכען: ס'קאָן זעהר זיין,
זיי וועלען דיר ניט וויכטיג אויסקוקען —
זיי זיינען אָבער גרויס פאַר מיר און וויכטיג.
די קעניגין, זיין מוטער, און מיין פרוי,



ע. ה. סאודהערן און דזשוליא מארלאו
אמעריקאנער שוישפּיעלער, אין „האמלעט".

לעבט בלויז פאר איהם; און וואס מיך אנבעטרעפט —
דו מאגסט עס רופען אומגליק אדער גליק —
איז זי מיט לייב און זעעל מיט מיר בעהאפטען,
אזוי ווי ס׳לויכט דער שטערן אין זיין ספערע בלויז,
אזוי לעב איך נור צוליעב איהר. די צווייטע אורזאך,
פארוואס כ׳האב ניט געטארט דעם סוד ענטפלעקען —
די גרויסע ליעבע פונ׳ם פאלק צו איהם,
וואס וואשט איהם ריין פון אלע שווארצע פלעקען,
פערוואנדעלט זיינע פעהלערען אין מעלות אום.
צו לייכט וואלטען געוועזן אין שטורעם מיינע פיילען —
צוריקגעשליידערט וואלט ער זיי אין מיר
און ניט וואו איך וואלט זיי געציעלט.

לאערטיס. און איבער דעם
האב איך מיין אדעליגען פאטער אנגעווארען,
מיין שוועסטער איז צו משוגעת געזונקען,
זי, וועמעס שעהנקייט, זיטען, אדעלקייט —
האט ניט געהאט צו זיך קיין גלייכען אין דער וועלט.
נורווארט! די שעה פון ראכע וועט נאך שלאגען!

קעניג. פונדעסטוועגען זאל דאס דיין שלאף ניט רויבען;
ניט מיין ,אז איך בין אזוי נישטיג, אזוי קליין
צו לאזען שפייען זיך א פולען פנים
און מיינען, אז א רעגען געהט. אין גיכען
וועסטו זיך עפעס אנדערש אויף דערוויסען;
איך האב געליעבט דיין פאטער — נור איך ליעב מיך אויך,
איך האף, פון דעם וועסטו ארויסדרינגען —
(עס טרעט אויף א שליח מיט א בריעף)
וואס איז פאר נייעס?

שליח. דא זיינען בריעף פון האמלעט׳ען:
דער בריעף פאר אייער מאיעסטעט, און דער
פאר אונזער קעניגין.

קעניג. פון האמלעט׳ען!
ווער האט די בריעף געבראכט?

שליח. מאטראזען —

וואָס מען האָט מיר געזאָגט. ס'האָט קלאַודיאָ
די בריוו געגעבען מיר, און ער האָט זיי
בעקומען פון די ברײנגער.

קעניג. דו, לאַערטיס,
מאָגסט הערען וואָס ער שרייבט. (צום שליח) פערלאָז אונז.
(שליח אָב.)

(לייענט) „אייער מאַיעסטעט! איהר זאָלט וויסען, אַז איך בין אַ נאַקעטער ארויסגעזעצט געוואָרען אַליין אויף די ברעגען פון אייער קעניגרייך. מאָרגען וועל איך בעטען די ערלויבניש פאָרצוקומען פאר אייערע קעניגליכע אויגען, און דאַן, אויסבעטענדיג צוערשט ענטשולדיגונג, וועל איך אייך איבערגעבען די אורזאַך פון מיין אומגעריכטען און זאָנדערבארען צוריקקומען.

האַמלעט."

וואָס זאָל אַט דאָס בעדייטען? זיינען אַלע דאָ?
צי אָדער דאָס איז מעהר ניט ווי בעטרוג?

לאַערטיס. איז אייך בעקאַנט די האַנדשריפט?

קעניג. יאָ, ס'איז האַמלעט'ס.
אַ „נאַקעטער" — און דאָ איז צוגעלייגט: „אַליין".
קאָנסטו עס קלאָהר מאַכען, לאַערטיס?

לאַערטיס. ניין;
עס איז אַ רעטעניש. נור זאָל ער קומען;
דאָס וועט מיין בייזע וואונד אין הארצען היילען,
ווען איך וועל איהם אין פּנים שליידערען:
דו ביזט אַ מערדער!

קעניג. אויב אַזוי, לאַערטיס —
און ווי קאָן אַנדערש זיין אויב ניט אַזוי —
וועסטו מיין עצה פאָלגען?

לאַערטיס. נור אין פאַל,
אויב ס'וועט מיך ניט צופרידען אָנשטויסען.

קעניג. בלויז פאר דיין אייגען פריעדען. אויב ער קומט צוריק,
זיין רייזע, אונטערברעכענדיג, און וועט
ניט וועלען הערען און געדיינקען פון פעררייזען —

וועל איך איהם צורײדען צו עפּעס וואָס,
וואָס כ׳האָב שוין לאַנג אַרומגעטראַכט, וואָס מוז
צום טויט איהם פיהרען שנעל און אויף זיין גרוב וועט אויך
דאָס מינדסטע ווינטעל פון פערדאַכט ניט בלאָזען.
זיין מוטער וועט עס אַלס אַ צופאַל אָננעהמען.
לאערטיס. איך וועל געהאָרכען — און נאָך מעהר דערפאר,
וואָס איהר האָט מיך אַלס אינסטרומענט דערוועהלט.
קעניג. דו האָסט געטראָפען. זינט דו ביזט אוועק,
האָט מען פון דיר ניט איין מאָל דאָ גערעדט:
ניט איין מאָל האָט מען אויסגעלויבט דיין קונסט,
אין וועלכער דו ביזט שטארק; דערביי איז ער געוועזן —
און קיינע ניט פון אַלע דיינע טוגענדען
האָט ניט קיין קנאה אויפגעוועקט ביי איהם —
ווי איינע, און נאָך מיין מיינונג, די קלענסטע.
לאערטיס. און דאָס וואָס איז?
קעניג. אַ פוסטע בלום פון יוגענד,
און דאָך אַ נוצליכע. עס פּאַסט דאָס לייכטע קלייד
פאַר יוגענד, ווי דער פוטער פּאַסט פאַר עלטער.
דער נויטיגט זיך אין פוץ, דער אין געזונד.
אַ קורצע צייט צוריק איז דאָ געוועזען
אַ מאַן פון נאָרמאַנדען; כ׳קען די פראַנצויזען גוט,
כ׳האָב זיך מיט זיי געשלאָגען, כ׳האָב געלעבט מיט זיי;
און וויים, זיי זיינען רייטער אויסגעצייכענטע:
נור יענער איז געווען אַן אמת׳ער מכשף;
ער איז געווען צונויפגעוואַקסען מיט זיין פערד
און האָט אַזעלכע וואונדער מיט זיין פערד געצייגט,
אַז ס׳האָט זיך אויסגעדאַכט: זיין פערד און ער —
איז איינס און ס׳זעלבע; אַזוי וויים דערגרייכט,
אַז איך האָב זיינע קונסטשטיק ניט געקאָנט
בעגרייפען מיט׳ן שכל.
לאערטיס. אַ נאָרמאַנדער?
קעניג. יאָ.
לאערטיס. לאַמאַנד, כ׳וואָלט שווערען ביי מיין לעבען.

קעניג. יאָ, ס׳איז ער.
לאַערטיס. איך קאָן איהם גוט. ער איז דער פּערל פון זיין פאָלק.
קעניג. ער האָט גאַנץ אָפט גערעדט פון דיר, דערצעהלט,
און האָט זיך זעהר וואַרעם אָבגערופען
פון דיר און פון דיין קונסט צו פעכטען מיט׳ן שווערד.
ער האָט זיך אויסגעדריקט: ס׳וואָלט זיין אַ וואונדער
געפינען נאָך איינעם ווי דו צו פעכטען זיך.
די רייד, זיי האָבען האַמלעט׳ן אַזוי צוהיצט,
אַז ער האָט נאָר געוואונשען: זאָלסט צוריק
פון פראַנקרייך קומען, און פערמעסטען זיך
מיט איהם אין קרעפטען, ווער קאָן בעסער פעכטען.
אַצינד פון דעם —
לאַערטיס. נו וואָס פון דעם, מיין קעניג?
קעניג. איז דיר דיין פאָטער ליעב געווען און טהייער —
צי אָדער ביזט בלויז אַ געמעל פון טרויער,
אַ פּנים אָהן אַ האַרץ?
לאַערטיס. נאָך וואָס די פראַגע?
קעניג. ניט וויל איך דיינק, דו האָסט דיין פאָטער ניט געליעבט —
נור וויל די ליעבע איז די טאָכטער פון דער צייט;
און צייט, ווי ס׳איז בעקאַנט, ציהט אָב איהר פלאַם,
און שטילט איהר ברויזענדיג פייער איין.
אין פלאַם פון ליעבע ברענט זיך אויך איהר קנויט
אין וועלכענס רויך עס ווערט דער פלאַם פערדונקעלט.
עס האַלט ניט קיין זאַך אין דער וועלט אויף אייביג —
דער איבערפלוס פון קרעפטען עסט דאָס לעבען אויף.
ווען דו ווילסט עפּעס וואָס בעגעהן אין לעבען —
בעגעה עס כל זמן עס איז שטאַרק דיין ווילען.
ווייל ס׳בייט זיך שנעל און טוישט זיך אום דער ווילען,
ווערט איינגעשלאָפען לייכט פון טויזענד זאַכען,
פון שטרויכלונגען אין וועג, פון ווידערשטאַנד.
און וואָס ווערט דאַן דער סוף פון דיין בעגעהר?
אַן אונפרוכטבאַרער זיפץ וואָס שעדיגט בלויז,
דערמיט וואָס ער דערלייכטערט. לאָמיר געהן צום צוועק:

ס'קומט האמלעט דאָ צוריק; וואָס ווילסטו טהאָן
צו ווייזען אז דו ביזט דיין פאָטער'ס זוהן אין טהאט,
ניט בלויז אין וואָרט?

לאערטיס. איך וועל אפילו אין דער קירך
זיין בלוט פערגיסען און מיין ראכע זעטיגען.

קעניג. ס'איז וואהר, קיין פלאץ איז היילינ ניט גענוג
א מערדער צו בעשיצען, — בלוט פאר בלוט.
נור אויב דו ביזט ענטשלאָסען — האלט זיך שטיל.
קומט האמלעט, זאָל ער וויסען, דו ביזט דאָ צוריק:
מיר וועלען אָנהויבען דיך שטארק צו לויבען,
דיין קונסט אין פעכטען הויבען ביז צום הימעל,
ביז מיר'ן אייך צונויפפיהרען אין א געפעכט,
אויף א געוועט, ווער פון אייך ביידען וועט געווינען?
ער, אונבעזאָרגט, ניט פיהלענדיג קיין שום פערדאכט,
וועט גאָר צומאָל די שווערדען ניט בעקוקען,
דאַן קאָנסטו לייכט, אָהן מינדסטער אָנשטריינגונג
דיין שארפען שווערד אזוי אויף איהם געברויכען —
און ראכע נעהמען פאר דיין פאָטער'ס טויט.

לאערטיס. איך וועל דעם שפּיץ פון שארפען שווערד פערגיפטען.
כ'האב פון א שארלאטאן אזא מין גיפט געקויפט,
וואָס איז אזוי געפעהרליך — טונק נור אָב דיין שווערד,
און זאָל עס בלויז זיך אָנריהרען צום בלוט —
איז מעהר קיין הילף ניטאָ; עס וואקסט קיין גראָז
ביט אונטער'ן גאנצען הימעל, וואָס קען היילען
דעם יעניגען, וואָס איז פערוואונדעט דורך דעם גיפט.
דעם גיפט דעם דאָזיגען וועל איך בענוצען —
פערוואונד איך איהם נור לייכט — דאַן מיינט עס טויט.

קעניג. איצט לאָמיר נאָך א מאָל די זאך בעקלערען,
די אלע מיטלען, וועגען, צייט — וואָס זאָלען אונז
צום ציעל פיהרען; אויב דאָס זאָל דורכפאלען,
און אונזער מיין זאָל זיך ארויסזעהן פאר דער צייט —
איז גלייכער גאָר ניט אָנפאנגען. דערפאר
זאָג איך, מיר מוזען צוגרייטען א צווייטען פלאַן —

וועט איין פלאן דורכפאלען, געלינגט דער צווייטער.
ווארט, לאמיר זעהן: כ'וועל זיך אויף איינעם וועטען
אז ער איז פלינקער, שטארקער — ווארט, ס'איז דא.
ווען איהר, אין ברען פון'ם געפעכט, וועט דורשטען —
אום ס'זאל אייך שטארקער אנרעגען צום קאמפף —
וועל איך איהם צוגרייטען אזא מין טרונק,
וואס זאל ער נור צו דעם זיך צוריהרען —
זאל ער זיך אויסהיטען אפילו פון דיין שווערד,
וועט טויטען איהם מיין גיפט. נור שטילער, שא—
וואס טהוט זיך דארט?

(די קעניגין טרעט אויף.)

וואס איז, מיין קעניגין?

קעניגין. עס קומט איין אומגליק אין די טריט פון צווייטען —
לאערטיס, ס'האט דיין שוועסטער זיך דערטרונקען.

לאערטיס. דערטרונקען? גרויסער גאט! א, ווען און וואו?

קעניגין. דארט וואו די ווערבע שטעהט ביים וואסער־פלוס,
און שפיעגעלט אב זיך אין דעם קלאהרען וואסער —
דארט פלעגט זי קומען פלעכטען קרענץ־גירליאנדען
פון פיילכען, נעגעלעך און מארגאריטקעס;
און, וועלענדיג די צווייגען פון דער ווערבע
מיט בליהענדיגע פרישע קרענץ בעהיינגען —
האט זי ארויפגעקלעטערט אויפ'ן בוים;
דאן האט זיך אונטער איהר דער צווייג צובראכען
און אין דעם וויינענדיגען וואסער־שטראם
איז זי מיט איהרע בלומענקרענץ געפאלען.
איין רגע האבען לייכט די ברייט־צושפרייטע קליידער
געטראגען זי נאך אויפ'ן וואסער־שפיעגעל
גלייך צו א וואסער־מיידעל. זי האט שווימענדיג
געזונגען אלטע ליעדער און באלאדען,
ווי איינער וואס פערשטעהט ניט זיין געפאהר,
צי גאר ווי איינער וואס זיין לופט איז וואסער —
אזוי האט זי געשוואומען און געזונגען.
נור לאנג האט דאס גיט אנהאלטען געקאנט:

די קליידער אָנגעזאַפּט מיט וואַסער שווער,
זיי האָבען זי צום טיפען גרונד געצויגען.
אַזוי האָט זי איהר לעבען אויסגעהויכט
מיט איהרע שטילע, צערטליכע געזאַנגען.

לאערטיס. אַזוי האָט זיך אָפעליא דערטרונקען?

קעניגין. יאָ אַזוי.

לאערטיס. דורך וואַסער, ביזטו, שוועסטער, אומגעקומען —
דעריבער וועל איך ניט מיט טרעהרען גיסען.
נור דאָך, וואָס פליסען זיי, די טרעהרען? די נאַטור
טהוט זיך דאָס איהריגע און וויים קיין שאַנד.
כ׳וועל ווידער מאַן און טרוקען ווערט מיין טרעהר.
צום ווידערזעהן, מיין הערר. איך האָב אַ וואָרט
אַ פייעריגס — דאָס וואָרט וועט פלאַקערען
אויב ס׳זאָל די נאַרישקייט איהם ניט פערלעשען. (אָב.)

קעניג. קום, לאָמיר געהן נאָך איהם. אָ, וויפיעל מיה
ס׳האָט מיר געקאָסט זיין צאָרען איינשטילען.
כ׳האָב מורא איצט, ער זאָל זיך ווידער אָנצינדען —
קום, לאָמיר געהן. (ביידע אָב.)

## פינפטער אקט.

### ערשטע סצענע. — א בית־עולם.

(עס טרעטען אויף צוויי קברנים מיט רידלען און גראב־אייזענס.)

ערשטער קברן. וועט זי, וואס האט מיט איהר אייגענעם ווילען גע־זוכט איהר דערלעזונג, קומען צו קריסטליכע קבורה?

צווייטער קברן. מען זאגט דאך דיר, אז יא; נו גראב געשווינדער. די אונטערזוכונג האט בעשלאסען, איהר קבורה זאל זיין קריסטליך.

ערשטער קברן. ווי אזוי קאן דאס געמאלט זיין, אויב זי האט ניט צוליעב איהר פערטהיידיגונג זיך דערטרונקען?

צווייטער קברן. ס'קומט שוין אויס אזוי.

ערשטער קברן. ס'מוז זיין צוליעב פערטהיידיגונג — און ניט אנדערש. די זאך איז דאך אזוי: אויב איך דערטרינק זיך, הייסט עס דאך, כ'בין געקראכען אין וואסער. און אז מען קריכט אין וואסער — וויל מען זיך דערטרינקען. היינט אויב אזוי — האט זי זיך שכל'דיג דערטרונקען.

צווייטער קברן. דו רעדסט ניט צו דער זאך.

ערשטער קברן.ווארט נור, לאז מיך ריידען. הא ליגט דאס וואסער און דא שטעהט דער מענש; היינט אויב דער מענש געהט צום וואסער און דערטרינקט זיך — טאר מען יא, צי טאר מען ניט — איז דער מענש פערפאלען. פער־שטעהסט? סיידען דאס וואסער קומט צום מענשען און דערטרינקט איהם, האט דער מענש מיט זיינע אייגענע הענד זיך ניט דערטרונקען. הייסט עס: דער וואס איז אליין ניט שולדיג אין זיין טויט, האט ניט פערקירצט זיין אייגען לעבען.

צווייטער קברן. איז דאס דאס געזעץ?

ערשטער קברן. אזוי איז דאס געזעץ.

צווייטער קברן. דו ווילסט דעם אמת הערען? וואָלט זי ניט
אַבגעשטאַמט פון אדעל — וואָלט מען זי מיט קריסטליכע
צערעמאָניען ניט מקבר געווען.
ערשטער קברן. גערעכט, גערעכט; אָט וואָס איז פערדראָסיג:
פאַר די רייכע איז בעקוועם אין דער וועלט זיך צו הייגנען
און צו טרינקען. נו, לאָמיר גראָבען. גערטנער און קברנים
זיינען די עלטסטע אדעלליים אויף דער וועלט. זיי האַלטען
אָן אדם׳ס פּראָפעסיאָן.
צווייטער קברן. איז אדם געווען אַן אדעלמאַן?
ערשטער קברן. ער איז געווען דער ערשטער זיך צו בענוצען מיט׳ן
גראָב־אייזען.
צווייטער קברן. געה, ער האָט דאָך גאָר קיין כלים ניט געהאַט.
ערשטער קברן. וואָס, דו ביזט אַ געצענדיענער? ווי אַזוי שיקט
זיך דיר דאָס הייליג בוך? דאָס הייליג בוך דערצעהלט, אַז
אדם האָט געאַקערט. היינט ווי האָט ער געקענט אַקערען אָהן
כלים? וואַרט, איך וועל דיך פרעגען נאָך אַ זאַך. אויב דו
וועסט מיר ניט קאָנען ענטפערען צום פּונקט, דאַן זיי זיך מודה —
צווייטער קברן. נו, פרעג.
ערשטער קברן. ווער בויט דויערהאַפטער פון מויערער, שיף־בויער
און טישלער?
צווייטער קברן. דער יעניגער וואָס בויט די תליה. די תליה לעבט
אריבער אַלע איהרע בעוואוינער.
ערשטער קברן. ניט שלעכט, מיט אַן אמת; די תליה טהוט גוטס:
ווי אַזוי? זי טהוט גוטס צו יענע וואָס בעגעהען שלעכטס.
האָסט בעגאַנגען אַ זינד, זאָגענדיג, די תליה איז שטאַרקער
פון דער קירכע; קומט דאָך אויס, אַז די תליה וואָלט געווען
פאַר דיר ווי אָנגעמאָסטען. נו, ענטפער שנעל.
צווייטער קברן. „ווער בויט דויערהאַפטער פון מויערער, שיף־
בויער און טישלער?"
ערשטער קברן. יאָ, ענטפער, מאַך עס שנעל.
צווייטער קברן. אהא! איך ווייס שוין.
ערשטער קברן. נו, זאָג.
צווייטער קברן. ניין, איך ווייס ניט.

(האמלעט און האראציא בעווייזען זיך פון ווייטען.)

ערשטער קברן. ניט ברעך דיין קאפ אומזיסט. דיין טעמפען אייזעל וועלען שוין קיין קלעפ ניט העלפען. אז מען וועט דיר אמאל שטעלען די זעלבע פראגע — ענטפער: דער קברן. די הייזער וועלכע ער בויט שטעהען ביז'ן גרויסען יום הדין. געה נור, כאפ זיך אריין אין שיינקעל און ברייננ עפעס צום טרינקען.

(צווייטער קברן אב.)

ערשטער קברן. (גראבט און זינגט.)

אך, ווי כ'האב געליעבט אין יוגענד,
אך, איז דאס געוועזען גוט;
פריידיג האט געשטראמט מיין לעבען,
און געזונגען האט מיין בלוט.

האמלעט. האט דער מענש קיין געפיהל גאר ניט פאר זיין ארבייט, וואס ער גראבט א קבר זינגענדיג?

האראציא. די געוואוינהייט האט איהם גלייכגילטיג געמאכט.

האמלעט. יא, ס'איז אזוי; וואס וועניגער די האנד ארבייט, אלץ צארטער איז זי און געפיהלפולער.

ערשטער קברן. (גראבט און זינגט)

נור די טריבע, בייזע עלטער
איינגעבראכען האט מיין מוט;
אבגעווישט האט זי מיין יוגענד
און האט אבגעקיהלט מיין בלוט.

(ווארפט ארויס א מענשען'ס שארבען.)

האמלעט. אט דער דאזיגער שארבען האט אמאל א צונג געהאט, און האט זינגען געקאנט — און דער טויגעניכטס ווארפט איהם צו דער ערד ווי עס וואלט זיין קין'ס, דעם ערשטען מערדער'ס, שארבען. אפשר איז דאס אמאל געוועזען דער קאפ פון א שטאאטסמאן, וואס האט גאט אליין געוואלט אריבער־קליגען — אצינד קליגט זיך דער דאזיגער אייזעל איבער איהם. איז דאס ניט מעגליך?

האראציא. זעהר מעגליך, פרינץ.

האמלעט. און אפשר איז עס געוועזען דער שארבען פון א הויף־

הערר, וועלכער האט זעהר לייכט געקאנט ארויסשמייכלען:
„גוט מארגען, מיין ליעבער הערר!", צו גאר דער שארבען
פון הערר אזוינעם און אזוינעם וואס האט געלויבט דעם פערד
פון אזוינעם און אזוינעם, אום צו בעקומען דאס פערד אלס
א מתנה. איז דאס ניט מעגליך?

הארעציא. יא, פרינץ.

האמלעט. און איצטער שפייזען זיך אויף דעם די ווערים; צו־
פוילט, און זיין קיהנביין פערטראגט אזוי שטיל די קלעפ פון
קברנ'ס רידעל. די אומוואנדלונג איז גאר ניט שלעכט —
ווען מיר וואלטען בעזעסען דעם קונץ עם מיטצומאכען. הא־
בען דיביינער געקאסט אזוי ביליג, זיך בלויז מיט זיי ארומצו־
ווארפען? מיינע אייגענע הויבען מיר אן וועה טהאן, אז איך
טראכט פון דעם.

ערשטער קברן. (גראבט און זינגט)

א האק און א רידעל, א רידעל —
תכריכים פון לייוועגט געמאכט;
א קאסטען פון ארעמע ברעטער,
א גרוב און א פינסטערע נאכט.

(ווארפט ארויס א צווייטען שארבען)

האמלעט. אט איז נאך איינער. פארוואס קאן עס ניט זיין דער
שארבען פון אן אדוואקאט? און וואו זיינען אצינד זיי־
נע דריידלעך, חכמה'לעך, שארפזין, קונצען? פארוואס
לאזט ער זיך ארומווארפען פון דער שמוציגער רידעל
און דראהט ניט אנצוגעבען אויף איהם א קלאגע? הם!
דער קערל איז אפשר אמאל געווען א גרויסער איינקויפער
פון לאנד, געקויפט גיטער און פערקויפט. און וואו זיינען
אצינד אהינגעקומען זיינע רעכטען, נאטען און פראצענטען?
איז עס מעגליך, אז מיט אלע זיינע ווערטה־פאפיערען און
נאטען האט ער זיך בלויז איינגעקויפט איין שטיקעל ערד
וואס איין פאר פון זיינע דאקומענטען קאנען צודעקען? אז
אלע זיינע ווערט־פאפיערען וואלטען קוים אריין אין אט דעם
קאסטען, און דעם איינענטהימער גופא וואלט ניט גענוג
פלאץ געבליבען, א?

האָראַציאָ. ניט גענוג, פּרינץ.

האַמלעט. ווערט ניט דאָס פּאַרמעט געמאַכט פון שאָפּענפּעל?

האָראַציאָ. יאָ, פון קאַלבפעל אויך.

האַמלעט. דאַן זיינען אַלע יענע וואָס בעוואָרענען זיך אויף פּאַר־מעט אויך ניט מעהר ווי שאָף און קעלבער. איך וויל אַ רייד טהאָן צו דעם יונג. איי, וועמעס קבר איז עס?

ערשטער קברן. מיינער, העררר. (זינגט)

אַ קאַסטען פון אָרעמע ברעטער,
אַ גרוב און אַ פינסטערע נאַכט.

האַמלעט. כ׳גלויב אויך, ס׳איז דיינער — ווייל דו ליגסט אין איהם.

ערשטער קברן. דו ליגסט ניט אין׳ם קבר; דרום איז עס ניט דיינער; וואָס מיך בעטרעפט, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס כ׳ליעג ניט אין׳ם קבר — איז עס דאָך מיינער.

האַמלעט. דו זאָגסט ליגען, אז ס׳איז דיין קבר; ס׳איז פאַר די טויטע, ניט פאַר די לעבעדיגע; דעריבער, זאָג איך, דו זאָגסט ליגען. פאַר וואָס פאַר אַ מענשען גראָבסטו עס?

ערשטער קברן. פאַר קיין מענשען ניט.

האַמלעט. נו, זאָל זיין אַ פרוי.

ערשער קברן. פאַר קיין פרוי אויך ניט.

האַמלעט. פאַר וועמען דען?

ערשטער קברן. פאַר דאָס וואָס איז אַמאָל געווען אַ פרוי — און איצט, זאָל זיך גאָט דערבאַרעמען אויף איהר נשמה, איז זי טויט.

האַמלעט. ווי שאַרפזיניג דער קערל איז! מען מוז וויסען ווי מיט איהם צו ריידען! ער קאָן פערפיינינגען מיט ווערטער. די לעצטע יאָהרען האָב איך בעמערקט, האָראַציאָ, ווי אונזער דור ווערט אַלץ שאַרפער, שטעכיגער. אַלע זיינען שאַרף, דער פּויער ווי דער שרייבער, נור דער ערשטער איז שאַרפזי־ניגער פון דעם צווייטען. ווי לאַנג ביזטו שוין אַ קברים־גרעבער?

ערשטער קברן. פון אַלע טאָג פון אַ גאַנץ יאָהר, האָב איך זיך גענומען צו מיין אַרבייט פּונקט אין יענעם טאָג ווען דער

פערשטאָרבענער קעניג האַמלעט האָט בעזיעגט פאָרטינ־בראַס'ען.

האַמלעט. ווי לאַנג איז דאָס צוריק?

ערשטער קברן. איהר ווייסט ניט, מיט אַן אמת? קינד און קייט ווייסען דאָך פון דעם. ס'איז געווען אין יענעם טאָג ווען דער יונגער האַמלעט איז אויף דער וועלט געקומען; דער זעלבער האַמלעט וואָס איז אַראָב פון זינען און פערשיקט געוואָרען נאָך ענגלאַנד.

האַמלעט. וואָס איך הער? נאָך וואָס האָט מען איהם פערשיקט נאָך ענגלאַנד?

ערשטער קברן. נאָך וואָס? צוליעב זיין משוגעת. דאָרט וועט ער צוריק זיך אָננעהמען מיט שכל; און אויב ניט — איז עס דאָרט אויך קיין אומגליק ניט.

האַמלעט. וואָס הייסט?

ערשטער קברן. דאָרט וועט עס זיך ניט אָנזעהן; דאָרט זיינען זיי אַלע געריהרט פון זין, ווי ער.

האַמלעט. פון וואָס איז איהם געקומען זיין משוגעת?

ערשטער קברן. מען זאָגט, ס'איז איהם געקומען אויף אַ זאָנדער־בארען אופן.

האַמלעט. ווי „זאָנדערבאר"?

ערשטער קברן. מען זאָגט דערפון וואָס ער האָט זיין זין פערלאָרען.

האַמלעט. אויף וואָס פאר אַ גרונד?

ערשטער קברן. אויפ'ן דענעמארקער גרונד. אָט איז שוין דרייסיג יאָהר ווי איך בין אַ קברן אויף דעם דאָזיגען גרונד.

האַמלעט. ווי לאַנג האַלט זיך אַ מענש אין דער ערד איידער ער ווערט צופוילט?

ערשטער קברן. אויב ער איז נאָך פאר'ן לעבען ניט צופוילט — און היינטיגע צייטען טרעפט זיך עס גאַנץ אָפט — קאָן ער זיך האַלטען אַ יאָהר אכט, נייען. אַ גארבער האַלט זיך גאַנצע נייען יאָהר.

האַמלעט. פאַרוואָס האַלט ער זיך לייננער פון די אַנדערע?

ערשטער קברן. ווייל זיין הויט האָט זיך אַזוי אויסגעאַרבייט דורך זיין אומנות — אַז זי לאָזט קיין וואַסער ניט דורך; און

וואסער איז שולדיג אין דעם וואס די מיאוסע פגרים ווערען אזוי גיך צופאלען. אט זעהט איהר, דא איז א שארבען וואס איז דריי־און־צוואנציג יאהר אבגעלעגען אונטער דער ערד.

האמלעט. וועמעס שארבען איז דאס?

ערשטער קברן. א יונגס, וואס האט געהירען קיינמאל ניט געהאט. וועמעס שארבען, מיינט איהר, איז דאס געווען?

האמלעט. איך — איך וויים ניט.

ערשטער קברן. א פייער האט איהם פריהער געמעגט פערברענען. ער האט מיר אמאל א גאנצע פלאש רהיינוויין אויפ'ן קאפ ארויפגעגאסען. דער דאזיגער שארבען, מיין הערר, איז געוועזען יאריק'ס שארבען — אט דער יאריק וואס איז געוועזען דער הויף־נאר ביים קעניג.

האמלעט. אט דאס?

ערשטער קברן. אט דאס.

האמלעט. (נעהמט דעם שארבען אין די הענט.) ארעמער יאריק! איך האב איהם דאך געקאנט, האראציא: דאס איז געוועזען א מענש מיט איינגעבארענעם וויץ און אונערשעפליכער פאר־שטעלונגס־קראפט. ער האט מיך הונדערטער מאל אויף זיין רוקען רייטענדיג געטראגען. און איצט — ווי אבשטויסענד מיר איז דאס דאזיגע רעשטעל — עס ווערט מיר שלעכט. אט דא זיינען געוועזען זיינע ליפען — איך פלעג זיי אזוי אפט קושען. וואו זיינען איצט דיינע שפאסען, וויצען, לידעלעך און חכמות, פון וועלכע מענשען פלעגען זיך קראנק לאכען? ווער וועט אצינד א שפיציג ווערטעל זאגען, חוזק צו מאכען פון דיין אייגענעם ביינערדיגען שמייכעל? א סוף — און אויס. איצט מעגסטו געהן צום טואלעט־צימער פון דער בעסטער שעהנסטער דאמע, אנקלאפען און זאגען: מעג זי זיך אנשמירען אויפ'ן באק א גאנצען פינגער דיק — ס'וועט גאר ניט העלפען, איהר סוף וועט זיין דער אייגענער. זאל זי אויך הנאה האבען. איך בעט דיך, האראציא, כ'וואלט איין זאך נור וועלען וויסען.

האראציא. וואס איז עס, פרינץ?

האמלעט. ווי מיינסטו, האָט אַלעקסאַנדער דער גרויסער אויך אַזוי אויסגעזעהן אין דער ערד?

האָראַציאָ. פּונקט אַזוי.

האמלעט. און האָט געהאַט דעם אייגענעם געשטאַנק? פוי!

(וואַרפט אַוועק דעם שאַרבען.)

האָראַציאָ. דעם אייגענעם.

האמלעט. צו וואָס פאַר אַ נידעריגען געברויך מיר דערגעהען,

האָראַציאָ. פאַרוואָס קאָנען מיר זיך ניט פאַרשטעלען דעם נאָבעלען שטויב פון אַלעקסאַנדער'ן פערשמירענדיג אַ פעסעל ביער?

האָראַציאָ. אַזוי פאַנאַנדערגלידערן זאַכען וואָלט געהייסען, צופיעל זיך גריבלען אין איינצעלהייטען.

האמלעט. פאַרוואָס? אַ האָר אויך ניט! מען קאָן צו דעם זעהר לייכט דערפיהרען, און אויך זעהר אַ גראַדען וועג. אַזוי: אַלעקסאַנדער איז געשטאָרבען, אַלעקסאַנדער איז בעגראָבען, אַלעקסאַנדער איז פערוואַנדעלט אין שטויב; שטויב איז ערד; ערד איז ליים; פאַרוואָס זשע קאָן ניט מעגליך זיין, אַז גראָד דאָס שטויב מיט וועלכען די ביער־פאַס איז פערשמירט איז דאָס שטויב פון אַלעקסאַנדער'ן?

דער גרויסער צעזאַר, פערוואַנדעלט אין שטויב אַצינד,
קאָן פערשמירען אַ לאָך, זיך צו פערשטעלען פון ווינד.
וועה, דאָס שטויב וואָס האָט געהאַלטען אין שרעק די וועלט
זאָל פערשמירען אַ לאָך, זיך צו פערשטעלען פון קעלט.
נור שטילער, אָן אַ זייט, דאָ קומט דער קעניג אָן.

(עס קומט אָן אַ פּראָצעסיע, פאַראויס געהען גלחים מיט אָפעליאָ'ס ארון; הינטער זיי לאַערטיס און טרויער. דער קעניג, די קעניגין, הויפליים און אַנדערע.)

האמלעט. די קעניגין און הויפלייט! וועמען בעגלייטען זיי? און אין אַזאַ שטילע לויה, וואָס בעטייט אַז דער מענש האָט זיין לעבען מיט זיין אייגענער האַנד אָבגעשניטען. קום, לאָמיר זיך שטעלען אָן אַ זייט און אויסגעפינען.

(האַמלעט און האָראַציאָ טרעטען אָב אָן אַ זייט.)

לאַערטיס. וואָס נאָך פאַר אַ געבעט?

ערשטער גלח. מיר האָבען אַלץ געטהאָן, וויפיעל ס'איז נור
געוועזן ערלויבט. איהר טויט איז שטאַרק פערדעכטיג.
ווען ניט דעם קעניג'ס וואָרט וואָס האָט בעפעהלען,
וואָלט זי ניט אויף דעם הייליג אָרט גערוהט.
אנשטאַט די תפלות הייליגע — וואָלט מען
מיט שטויב און שמוץ פערוואָרפען איהר געביין.
דאָך האָט מען איהר ערלויבט די אונשולדס־קרענץ,
און ריינע ערד וועט צודעקען איהר לייב,
און קירכען־גלאָקען קלינגען צו איהר קבורה.
לאַערטיס. און מעהר קיין תפלות קומען ניט?
ערשטער גלח. ניט מעהר;
מיר וואָלטען זייער הייליגקייט פערשוועכט,
פערזינגען זי אין רוה ווי יענע ריינע
אין פריעדען אָבגעשיידעטע נשמות.
לאַערטיס. נעהמט, לייגט אָפעליא'ן אין טיעפען גרוב —
און פון דעם ריינעם ניט־פערשוועכטען לייב
די אונשולדיגע פיילכען זאָלען שפּראָצען!
דו גראָבער גלח, דו! אַ ריינער מלאך
וועט פון מיין שוועסטער ווערען — דאַן ווען דו
וועסט זיך אין גיהנם פייניגען.
האַמלעט. אָפעליא!
קעניגין. (שיטענדיג בלומען אין קבר)
די בלומען פאַר דער בלום! איך האָב געהאָפט,
דו וועסט אַמאָל מיין האַמלעט'ס וויב נאָך זיין:
איך האָב געטרוימט: דיין כלה־בעט בעקראַנצען,
און ניט דיין יונגען קבר.
לאַערטיס. בייזע פלוך פון גאָט!
בעפאַל, צושמעטער דעם פערפלוכטען קאָפּ
פון יענעם, וועמעס שוידערהאַפטע טהאַט
האָט אין איהר קאָפּ דעם זין פערלאָשען. האַלט נאָך אָב,
ביז איך וועל נאָך איין מאָל זי אָנקוקען —
אַצינד שיט ערד אויף לעבעדיג און טויט.
זאָל אייער בארג אַזוי הויך אויפשטייגען

ביז צום אָלימפּוס שטערענדיגען קאָפּ.

האמלעט. (דערנעהנטערט זיך)

ווער איז דער יעניגער וואָס גיסט זיין טרויער אויס
אזוי טיעף וואונדערבאר? זיין טרויער־אויסברוך
בעשווערט, שטעלט אָב אין זייער גאנג די שטערען —
און לאָזט די וועלט ערשטוינט? דאָס בין איך, האמלעט,
דער פּרינץ פון דענעמארק!

(שפּרינגט אראָב אין קבר.)

לאערטיס. דער שטן זאָל דיך צונעהמען!

האמלעט. טהוסט תפלה שלעכט.

איך בעט דיך, נעהם די פינגער צו פון האלז, —
איך בין ניט ווילד — דאָך היטען זאָלסטו דיך,
דען איך האָב וואָס געפעהרליכעס אין מיר
וואָס זאָל דיך מאַכען ציטערען. די הענד אראָב!

קעניג. רייסט זיי פאַנאַנדער!

קעניגין: האמלעט! האמלעט!

אלע. העררען!

האראציא. מיין ליעבער פּרינץ, בערוהיגט אייך!

(אייניגע פון די בעגלייטער רייסען זיי פונאַנדער. זיי שטייגען
אַרויס פון קבר.)

האמלעט. אויף דעם בין איך בערייט מיט איהם זיך שלאָגען
ביז מיינע אויגען שליסען זיך אויף אייביג!

קעניגין. פאר וואָס, מיין האמלעט?

האמלעט. איך האָב געליעבט אָפעליא'ן; פערציג טויזענד ברידער,
זיי קאָנען ניט מיט זייער ליעבע־פלאַם
זי ליעבען אזוי היים. וואָס ווילסטו טהאָן פאר איהר?

קעניג. ער איז פון זין געריהרט, לאערטיס!

קעניגין. אום גאָטעס ווילען, לאָזט איהם אָב.

האמלעט. ביי גאָט, בעווייז וואָס ווילסטו אזוינס טהאָן:
ווילסט וויינען, שלאָגען זיך, צורייסען זיך אין שטיק?
כ'וויל אויך דאָס זעלבע. קומסטו דאָ צו וואָיען?
דו שפּרינגסט אין קבר אום מיר אָבצוטהאָן —
בעגראָבען זיין מיט איהר — כ'וויל אויך דאָס זעלבע.

דו רעדסט פון בערג מיט ערד — נור וואָרפט, נור וואָרפט
מיליאָנען בערג אויף אונז, אַז זייער קאָפּ
זאָל ביז די פייער־רעגיאָנען צוקומען.
זאָל אָסאָ קעגען איהם אַ בערגעל זיין.

קעניגין. דאָס איז אַן אָנפאַל בלויז פון משוגעת:
איין רגע נור וועט זיך דער צושטאַנד האַלטען.
דערנאָך ווערט ער געדולדיג, צאַרט און ליעב —
פּונקט ווי אַ טויב, ווען ס'זיינען אויסגעבריהט
די גאָלדענע טייבעלעך.

האַמלעט. לאַערטים, האָרך:
פאַרוואָס בעגעהסטו זיך מיט מיר אַזוי?
כ'האָב ווי אַ ברודער אימער דיך געליעבט.
נור ס'מאַכט ניט, ס'מאַכט ניט — הערקולעס אַליין
זאָל ווייזען וואָס ער קאָן, זיין קראַפט און ווילען,
זאָל דער קאָטער מיוקען און דער הונד זאָל בילען. (אָב.)

קעניג. האָראַציאָ, איך בעט דיך, געה איהם נאָך.
(האָראַציאָ אָב.)
דער נעכטיגער געשפּרעך זאָל דיך דערמוטיגען —
מיר מוזען זעהר שטאַרק דיין זוהן בעוואַכען.
מיר וועלען אויף'ן יונגען קבר אויפבויען
אַן אייביג לעבעדיגען מאָנומענט.
די שעה פון רוה איז נאָהנט — די נאַכט איז שטיל;
געדולד וועט פיהרען אונז צו דעם געגאַרטען ציעל.
(אַלע אָב.)

---

## צווייטע סצענע.

### אַ זאַל אין שלאָס.

(האַמלעט און האָראַציאָ טרעטען אויף.)

האַמלעט. גענוג פון דעם; איצט וועסטו נאָך וואָס הערען.
געדענקסטו נאָך גענוי אַ יעדע זאַך?

האָראַציאָ. צי איך געדענק, מיין פּרינץ?

האַמלעט. ביי מיר אין האַרצען
איז אָנגעגאַנגען לאַנג אַ גרויסער קאַמפּף;
דאָס האָט מיין שלאָף גערויבט; ס'האָט מיר געדאַכט,
איך ליעג אין קייטען, ערגער ווי אַ מערדער.
נאָר אין איין אויגענבליק — און זאָל געבענשט
זיין מיין ענטשלאָסענהייט — עס טרעפט אַמאָל,
עס שיצט אונז פון געפאַהר דער בלינדער צופאַל,
און ס'נאַרט אונז יעדע רעכענונג. דאָס ציינגט,
ס'איז דאָ אַ געטליכקייט וואָס היט אונז אָב,
אָהן אונזער וויסען.
האָראַציאָ. יאָ, ס'איז וואָהר.
האַמלעט. ביינאַכט
האָב איך זיך פון קעבין אַרויסגעשלייכט,
און אין דער פינסטער האָב איך זיי געזוכט,
געפונען זיי צולעצט און זיי בעזוכט —
איך בין צוריק געקומען צו מיין צימער.
פערגעסענדיג אַ יעדע אַנשטענדיגקייט,
האָב איך געעפענט דעם בעפעהל פון קעניג,
וואו איך האָב אויסגעפונען זיין בעטרוג.
צוליעב אַזעלכע און אַזעלכע אורזאַכען,
פאַר דעם געזונד פון דענעמאַרק, ווי אויך
פאַר ענגלאַנד'ס וואוילבעפינדונג, זאָל מען באַלד
ווי איך וועל נאָר בעטרעטען ענגלאַנד'ס באָדען —
ניט געבענדיג דעם תליון צייט גענוג
זיין האַק צו שאַרפען — אָבשניידען מיין קאָפּ.
האָראַציאָ. צי איז דאָס מעגליך?
האַמלעט. נאַ, אָט האָסטו דעם בעפעהל.
מאָגסט לעזען אין אַ פרייער צייט; נור ווילסטו אויך
דערוויסען וואָס איך האָב געטהאָן?
האָראַציאָ. איך בעט אייך, פּרינץ
האַמלעט. זיך זעהענדיג אַזוי אין נעץ פערפלאָכטען —
איז אין מיין קאָפּ אין צווייטען אויגענבליק
געוואָרען צייטיג אַ געדאַנק. איך האָב

זיך צוגעזעצט צום טיש און אָנגעשריבען
אַ נייעם, גאָר אַן אַנדערן בעפעהל.
אַמאָל האָב איך, ווי אונזער אַדעלקלאַס
געהאַלטען שעהנשרייבען פאַר נידעריג;
געוואָלט פערגעסען עס — נור היינטיגס מאָל
האָט מיר מיין שעהנע האַנדשריפט גוט געדיענט.
ווילסטו וויסען וואָס איך האָב געשריבען?

**האָראַציאָ.** יאָ, געוויס.

**האַמלעט.** איך האָב אין קעניג'ס נאָמען זיי בעשוואָרען:
אַזוי ווי ענגלאַנד איז איהם טריי, געהאָרכזאַם,
אַזוי ווי אונזער בונד בליהט פּאַלמענגלייך,
אַזוי ווי פריעדען איז בעקראַנצט מיט קרענץ
פון פרישע, אימער בליהענדיגע זאַנגען;
און נאָך, און נאָך אַזעלכע אורזאַכען —
אַז באַלד ווי זיי וועלען די שריפט דערהאַלטען,
אָהן טענות און אָהן חקירות, זאָלען זיי
ניט געבען די שלוחים איין מינוט
אויף ודוי זאָגען — און זיי קעפּען באַלד.

**האָראַציאָ.** ווי האָט איהר דעם בעפעהל פערזיעגעלט?

**האַמלעט.** כ'האָב אויך געזעהן אין דעם גאָט'ס גרויסע האַנד.
איך האָב מיט זיך געהאַט מיין פאָטער'ס זיעגעל
וואָס איז אַ מוסטער פון דעם דענישען.
דאַן האָב איך עס צונויפגעלייגט ווי יענעם,
דעם זיעגעל צוגעלייגט, און שטילערהייד
האָב איך די שריפט צו זיי צוריקגעקעהרט.
זיי האָבען מיר אין גאָר ניט פערדעכטיגט.
צו מאָרגענס פאָרגעקומען איז די שלאַכט —
דאָס איבעריגע ווייסטו!

**האָראַציאָ.** און אַזוי
נעהען ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן צום טויט.

**האַמלעט.** זיי האָבען עס אַליין געזוכט — און זייער טויט
פאַלט ניט אויף מיין געוויסען. האָבען זיי
דען ניט דעם טויט אויף זיך אַליין גערופען,

זיך מישעגדיג אין דעם? עס איז געפעהרליך,
ווען ס'וואַרפט דער שוואַכער זיך אַריין אין מיטען
צווישען פעכטענדיגע שפּיצען.

האָראַציאָ. אוי, ס'אַ קעניג!

האַמלעט. וואָס דענקסטו אַצינד?
האָב איך גענוג פאַרוואָס זיך איינצושטעלען?
פון יעניגען וואָס האָט געטויט מיין פאָטער,
פערשמוצט מיין מוטער'ס עהרע, זיך געשטעלט
אין וועג צווישען מיר און גרויסער האָפנונג;
וואָס האָט זיין נעץ געוואָרפען אויף מיין לעבען —
בין איך בערעכטיגט פאָדערען נקמה?
וואָלט ניט געווען אַ זינד, דעם בייזען קרעץ
צו לאָזען זיך צושפּרייטען אויפ'ן גאַנצען גוף?

האָראַציאָ. געוויס וועט זיך דער קעניג באַלד דערוויסען
דעם רעזולטאַט פון זיין בעפעהל.

האַמלעט. געוויס.
דערווייל אָבער, די צווישענצייט איז מיינע —
און זעהר קורץ איז אויך דעם מענשענ'ס לעבען.
נאָר ס'טהוט מיר זעהר לייד, האָראַציאָ,
וואָס כ'האָב זיך מיט לאַערטיסען פערגעסען;
איך זעה אין זיין שיקזאַל דעם מייניגען.
איך וויל זיין פריינד ווערען. עס האָט מיך בלויז
זיין טיעפער טרויער-אויסדרוק אויפגערעגט.

האַמלעט. שאַ! עמיץ קומט אַהער!

(אָסריק טרעט אויף.)

אָסריק. זאָל אייער גרויסקייט זיין געגריסט מיט אייער צוריקקעהר
נאָך דענעמאַרק.

האַמלעט. איך דאַנק אייך העפליכסט. קאָנסטו דעם האָזיגען פויגעל, האָראַציאָ?

האָראַציאָ. ניין, מיין פּרינץ.

האַמלעט. גליקליכער פאַר דיר; איהם קאָנען — הייסט שוין אַ
חסרון. ער פערמאָגט אַ סך לאַנד, און פרוכטבאַר לאַנד: זאָל
די בהמה זיין דער קעניג פון אַלע בהמות און זיינע קאַרטעס

זאָלען אָנשפּאַרען ביז צום קעניגליכען טיש. דאָס איז אַ ראָב, — נור, ווי איך האָב שוין געזאָגט, דער הערשער פון אַ גרויסער שטיק בלאָטע.

אָסריק. פּרינץ, אויב אייער מאַיעסטעט וואָלט מיך בעגנאַדיגט אויסצוהערען, וואָלט איך אייך עפּעס מיטגעטהיילט פון זיין מאַיעסטעט.

האַמלעט. איך וועל אייך אויסהערען מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט. געברויכט אייער הוט פאַר זיין פּאַסיגען צוועק. טהוט איהם אָן אויפ'ן קאָפּ.

האַמלעט. איך דאַנק אייך אונטערטהעניגסט. ס'איז זעהר הייס.

האַמלעט. ניין, גלויבט נאָר מיר, ס'איז זעהר קאַלט. עס בלאָזט דער צפון-ווינד.

אָסריק. ס'איז טאַקע אונערטרעגליך קאַלט, פּרינץ, אמת.

האַמלעט. איצט גלויב איך איז די לופט הייס און שטיקענדיג, צי אפשר —

אָסריק. אונגעוועהנליך, פּרינץ; ס'איז זעהר הייס און שטיקענדיג, אַזוי ווי — איך ווייס אַליין ניט ווי. זיין קעניגליכע מאַיעסטעט האָט מיך בעאויפטראַגט אייך מיטצוטהיילען, אַז ער איז אויף אייך געגאַנגען אין געוועט. די זאַך איז אַזוי —

האַמלעט. איך בעט אייך זעהר, פערגעסט נור ניט —
(צווינגט איהם אָנצוטהאָן דעם הוט.)

אָסריק. ניין, פּרינץ, ערלויבט: אַזוי איז מיר בעקוועמער. ניט לאַנג צוריק האָט זיך צו אונז לאַערטיס אומגעקעהרט, און, אויף מיין וואָרט, אַן אדעלמאַן פון ערשטען ראַנג, בעגאַבט, פון בעסטער געזעלשאַפט און פיינסטען אויסזעהן. וואָס אמת איז אמת: ער איז אַ מוסטער פון בעסטען טאָן. אין איהם זיינען פעראייניגט אַלע טוגענדען וואָס אַ נאָבעלמאַן דאַרף בעזיצען.

האַמלעט. דער חשבון פון אַלע זיינע מעלות פערליערט ניט וואָס אַ האָאָר איז ווערטה אויף אייערע ליפּען, ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס מיר איז בעקאַנט, אַז דער זכרון וואָלט פערלאָרען יעדע רעכענונג צוזויפשטעלענדיג אַ גענויען רייסטער פון אַלע זיינע איינגענשאַפטען. איך וואָלט ער קיינמאָל ניט געוועזן

פּאָלקאָמען, נעהמענדיג אין אָנבעטראַכט זיין שטענדיגען
שטרעבען און שוואונג נאָך פּאָלקאָמענהייט. איך שווער ביי
דעם אמת פון א שבחים־זינגער, איך האַלט איהם פאַר א
גרויסען גייסט און זיין אינערליכע בעגאַבונג איז אַזוי גרויס,
אַזוי זעלטען — אַז נור דער שפּיעגעל קאָן אָבשפּיעגלען נאָך
איינעם ווי ער.

אָסריק. אייער מאַיעסטעט רעדט דעם ריינעם אמת וועגען איהם.

האמלעט. נור אומוואָס האַנדעלט זיך דאָ? נאָכוואָס בעהויכען
מיר זיין נאָמען מיט אונזער וויסט ניט ריינעם אָטהעם?

אָסריק. פּרינץ?

האָראַציאָ. איז אייך אונמעגליך זיך אויסצודריקען אין א פּער־
שטענדליכען לשון?

האמלעט. נאָכוואָס האַלטען מיר אין ריידען וועגען איהם?

אָסריק. וועגען לאַערטיסען?

האָראַציאָ. זיין בייטעל איז שוין ליידיג. ער האָט פערנוצט אַלע
גאָלדענע ווערטער.

האמלעט. יאָ, וועגען איהם.

אָסריק. איך וויים, איהר זייט ניט אונוויסענד —

האמלעט. ס'איז זעהר ווינשענסווערטה, איהר זאָלט עס וויסען —
ניט קוקענדיג אויף דעם וואָס עס פערשאַפט מיר וועניג כבוד.
נו, רעדט ווייטער.

אָסריק. אייך איז ניט אונבעוואוסט וואָס פאַר א טאַלאַנטען ער
בעזיצט.

האמלעט. ליידער קאָן איך זיך ניט מיט דעם בעריהמען, אום זיך
מיט איהם ניט צו פערגלייכען — ווייל קאָנען אויסגעבונדען
גוט א צווייטען, מיינט: קאָנען זיך אַליין גוט.

אָסריק. איך האָב געמיינט צו זאָגען, פּרינץ, זיין קונסט אין
פעכטען. אויב מען זאָל גלויבען אַלץ וואָס מען זאָגט אויף
איהם — האָט ער ניט קיין גלייכען.

האמלעט. אויף וואָס פעכט ער?

אָסריק. אויף שווערדען אָדער מעסער.

האמלעט. אויף צוויי כלים, הייסט עס. נו, וואָס ווייטער?

אָסריק. דער קעניג האָט איינגעשטעלט זעקס אַראַבישע יונגע

פערד — אַנטקעגען וועלכע לאַערטיס האָט איינגעלייגט, ווי איך האָב געהערט, זעקס פראַנצויזישע שווערדען און מעסער מיט אַלע זייערע אַנגעהעריגקייטען, ווי גאַרטלען, שיידען, הייגנערס, א. ז. וו. דריי פון די דאָזיגע זיינען אמת'דיג וואונדערבאַר און האַרמאָנירען מיט די הענדטלעך פון די שווערדען, אויסגעאַרבייט קונסטפאָל מיט דעם בעסטען געשמאַק.

האַמלעט. וואָס הייסט ביי דיר אנגעהעריגקייטען ?

האָראַציאָ. איך האָב אָבער געוואוסט, איהר וועט מוזען אָנקומען צו זיינע קאָמענטאַרען, איידער ער וועט זיין פערטיג.

אָסריק. די אנגעהעריגקייטען, פּרינץ, זיינען די היינגערס.

האַמלעט. דער האָזיגער אויסדרוק וואָלט זיך בעסער געפּאַסט פאַר א קאַנאָן — דערווייל זאָל עס זיין הענגערס. נו, צו דער זאַך: זעקס אַראַבישע פערד אַנטקעגען זעקס פראַנצויזישע שווערדען מיט אַלע זייערע אנגעהעריגקייטען, דריי פון זיי אויסגעאַרבייט מיט'ן גרעסטען געשמאַק — דאָס איז דער פראַנצויזישער וועט אַנטקעגען דענישען. נאָכוואָס אָבער איז דאָס אַלץ „איינגעלייגט", ווי דו רופסט עס ?

אָסריק. דער קעניג, פּרינץ, האָט זיך געוועט, אַז פון צוועלף קלעפּ וועט לאַערטיס בלויז דריי געווינען; די איבריגע ניין וועט איהר מאַכען. דאָס פעכטען וואָלט באַלד שטאַטגעפונען, אויב אייער מאַיעסטעט וועט מיר אַן ענטפער געבען.

האַמלעט. און וואָס וועט זיין, אויב איך וועל זאָגען „ניין" ?

אָסריק. איך האָב געמיינט צו זאָגען, פּרינץ, אויב איהר זייט איינשטימיג.

האַמלעט. כ'וועל דאָ אין זאַל אַרומשפּאַצירען. מיט דער ערלויבניש פון זיין קעניגליכער מאַיעסטעט וועל איך די פרישע לופט געניסען. בעפעהל אַהער צו ברייגגען די שווערדען. אויב לאַערטיס האָט לוסט און דער קעניג האַלט אָן זיין בעגעהר, וועל איך פאַר איהם געווינען, אויב איך וועל קאָנען; אויב ניט — וועט אויף מיין חלק אויספאַלען נאָך אַביסעל שאַנד און איינינע איבעריגע קלעפּ.

אָסריק. בעפעהלט איהר מיר אַזוי צו מעלדען ?

האַמלעט. דאָס וואָס דו הערסט; אַביסעל צוגעפּוצט, געוועהנליך, לויט דיין געשמאַק.

אָסריק. איך גיב זיך איבער, פּרינץ, צו אייער גענאָד. (אָב.)

האַמלעט. בערייט דיר צו דיענען. ער טהוט קלוג וואָס ער גיט זיך אַליין איבער צו מיין גענאָד; קיין אַנדערער וואָלט זיך וועגען דעם ניט זאָרגען.

האָראַציאָ. אַוועקגעפּלויגען דאָס פויגעלע מיט'ן שאָלעכץ אויף זיין אויגעלע.

האַמלעט. איך גלויב, ער האָט זיין מאַמע'ס ברוסט ניט גענומען, וואו ער האָט פריהער ניט געמאַכט קאָמפּלימענטען. ער, ווי פיעלע אַנדערע פון זיין מין, אין וועלכע אונזער לעכערליכער דור איז אַזוי פערקאָכט, — האָט אויפגעכאַפּט בלויז די אויסערליכע זייט פון געשפּרעך, דעם שוימיגען נאַז וואָס שיסט אַרויס פון זייערע נאַרישע רייד — און ריהרסטו זיך צו צו זיי — ווערען די בלעזלאַך צופּלאַצט.

(אַן אַדעלמאַן טרעט אויף.)

אַדעלמאַן. פּרינץ, זיין קעניגליכע מאַיעסטעט האָט געשיקט צו אייך דעם יונגען אָסריק, און ער האָט געמאָלדען, אַז איהר וועט וואַרטען דאָ אין זאַל. זיין מאַיעסטעט האָט מיך געשיקט צו דערגעהן, אויב ס'איז ניט פאַראיבער אייער לוסט צו פעכטען מיט לאַערטיסען; אָדער איהר ווינשט עס אָבלייגען אויף אַן אַנדער מאָל.

האַמלעט. איך האַלט זיך ביי מיין וואָרט, און מיין וואָרט שטימט מיט'ן קעניג'ס וואונש. אויב ער פערלאַנגט — בין איך בערייט. איצטער—אָדער ווען איהם איז ליעב, אָננעהמענדיג, אַז איך וועל, ווי איצטער, זיין אימשטאַנד אַ שווערד צו האַלטען.

אַדעלמאַן. דער קעניג, די קעניגין און אַלע אַנדערע קומען אַן אַהער.

האַמלעט. אין אַ מזל'דיגער שעה.

אַדעלמאַן. די קעניגין ווינשט, איהר זאָלט זיך פערהאַלטען פריינדליך צו לאַערטיסען ,איידער איהר וועט אָנפאַנגען דאָס שפּיעל.

האַמלעט. איהר עצה איז אַ גוטע. (אַדעלמאַן אָב.)

האָראַציאָ. איהר וועט פערלירען, פּרינץ.

האמלעט. איך דיינק ניט אזוי. זינט ער איז אוועק נאָך פראַנק־רייך האָב איך מיך זעהר פיעל געאיבט; איך וועל דעם וועט געווינען. דו קאָנסט אָבער ניט גלויבען, ווי שווער עס איז מיר אויפ׳ן הארצען — נור ס׳מאַכט ניט.

האָראַציאָ. ניין, פּרינץ.

האמלעט. ס׳איז נאַרישקייטען — נור כ׳האָב עפּעס אַזאַ טרויעריגען פאָרגעפיהל. אַ פרוי וואָלט זיך געוויס דערפאר געשראָקען.

האָראַציאָ. אויב אייער הארץ איז אומרוהיג — פאָלגט דאָס הארץ. איך וועל אויף זיי דאָ ווארטען און זיי מיטטהיילען, איהר זייט ניט אויפגעלייגט צום פעכטען.

האמלעט. ניין, ניין; איך לאַך מיר אויס פון פאָרגעפיהל; אפילו אַ שפּערלינג קומט ניט אום אָהן גאָט׳ס השגחה. אויב ניט שפּעטער, איז איצט; אויב ניט איצט, איז שפּעטער; ווען ניט איז וועט דאָך אויסקומען. זיין בערייט — דאָס איז נאָר. קיינער וויים ניט וואָס ער פערליערט — צו וואָס איז דער אונטערשייד אביסעל פריהער? זאָל זיין וואָס ס׳איז בעשערט!

(עס קומען אַן דער קעניג, די קעניגין, לאַערטיס, אַדעלמאַן, אָסריק און אַנדערע בעגלייטער, דיענער מיט שווערדען א.ז.וו.)

קעניג. נו, האמלעט, קום און נעהם די האנד פון מיר.

(דער קעניג פעראייניגט זייערע בײדענ׳ס הענד.)

האמלעט. ענטשולדיג מיר וואָס איך האָב דיך בעליידיגט;
איך בעט דיך אום פערגעבונג, ווי אַן אַדעלמאַן.
די אַלע אַנוועזענדע ווייסען גוט,
און דו האָסט אויך געהערט, ווי כ׳בין בעשטראָפט
פון גאָט געוואָרען. וואָס איך בין בעגאַנגען,
וואָס האָט געקאָנט דיין הארץ, דיין גייסט, דיין עהרע
אַנטקעגען מיר דאָ אויפברייננגען — בין איך זיך מודה —
אַז ס׳איז געקומען בלויז פון משוגעת.
האָט האמלעט שלעכט געטהאָן לאַערטיסען?
קיינמאָל ניט האמלעט! — אויב עס טרעפט אַמאָל,
אַז האמלעט איז פון זיך אַליין געשיידען,

ווען האמלעט איז ניט האמלעט, און טהוט שלעכטס —
האט האמלעט ניט די וינד בעגאנגען דאן,
ס'איז נור זיין משוגעת. און אויב אזוי,
איז האמלעט ביז צום לעצטען גראד בעליידיגט —
זיין משוגעת איז האמלעט'ס שונא אויך.
מיין הערר, אין אנבליק פון די אנוועזענדע
לאז מיין ענטשולדיגונג אזוי ווייט ווירקען
אום מיך צו ריינוואשען אין דיין גדאנק.
איך האב מיין פייל געציעלט איבערן דאך
און האב א ברודער אנגעטראפען.

לאערטיס. מיין הארץ איז שטיל — ניט קוקענדיג אויף דעם
וואס האט געדארפט אם שטארקסטען רופען: ראכע!
נור לויט מיין איבערצייגונג בין איך ווייט,
נאך ווייט פון פריעדען, וויל אויף דעם ניט איינגעהן
ביז ס'וועלען אנדערע, וואס ווייסען מעהר פון מיר,
ניט געבען זייער צושטימונג פאר פריעדען —
מיין נאמען זאל זיין אונבעפלעקט. ביז דאן —
נעהם איך דיין פריינדשאפט אן דערוויילינג,
און וויל זי ניט בעליידיגען.

האמלעט. איך נעהם עס אן;
מיר וועלען ברידערליך דעם וועט אויספעכטען.
מיין שווערד אהער! נו, קום!

לאערטיס. אויך מיר גיב איינעם!

האמלעט. איך וועל דיר דיענען אלס א לארבערקראנץ!
צוליעב מיין אונוויסענהייט וועט דיין קונסט שיינען
ווי ס'שיינט א שטערן אין דער שווארצער נאכט.

לאערטיס. איהר מאכט בלויז שפאס פון מיר.

האמלעט. איך שווער ביי גאט!

קעניג. דערלאנג די שווערדען זיי, מיין ליעבער אסריק!
צי ווייסטו פון דעם וועט?

האמלעט. איך וויים עס גוט.
איהר האט געוועט זיך אויף דער שוואכער זייט.

קעניג. איך האב קיין מורא ניט; איך קאן אייך ביידען.

לאערטיס. צו שווער פאַר מיר דער שווערד; איך וויל דעם צווייטען.

האמלעט. נו גיט מיר דעם; די זעלבע לענג?

אָסריק. יאַ, פּרינץ.

קעניג. שטעלט רויטען וויין פאַר מיר דאָ אויפ׳ן טיש —
אויב האמלעט גיט דעם ערשטען קלאַפּ זיין געגנער,
צי שלאָגט צום צווייטען מאָל, צי גלייכט זיך אויס
מיט איהם צום דריטען מאָל — פון אַלע שאַנצען
דאַן זאָלען די קאַנאָנען דונערען:
דער קעניג טרינקט אַצינד פאַר האמלעטען,
און וואַרפט אַ פּערל קאָסטבאַר אין זיין בעכער
וואָס איז מעהר ווערטה פון קרוין דער דענישער
וואָס האָט דריי גרויסע קעניג־קעפּ בעציערט.
דערלאַנגט די בעכער! זאָל דער קעסעלפּויק
דערצעהלען צום טראָמפּייט, טראָמפּייט צום זעלנער,
קאַנאָן צום הימעל, הימעל צו דער ערד:
„דער קעניג טרינקט פאַר האמלעטען"! פאַנגט אָן
און איהר, די ריכטער, האַלט אַן אָפען אויג.

האמלעט. מיר וועלען אָנפאַנגען.

לאערטיס. כ׳בין גרייט. (זיי פעכטען.)

האמלעט. איינס.

לאערטיס. ניין.

האמלעט. די ריכטער זאָלען אורטיילען.

אָסריק. נעווים, אַ קלאַפּ.

לאערטיס. זאָל זיין אַזוי. נו, לאָמיר ווייטער אָנגעהן!

קעניג. איצט קאָן איך טרינקען. ס׳איז דער פּערל דיינער!
צו דיין געזונד! (טראָמפּייטען שאַלען און קאַנאָנען שיסען.)
גיט האמלעטען דעם בעכער!

האמלעט. מיר וועלען ווייטער פעכטען! זאָל עס שטעהן, כ׳וועל
שפּעטער טרינקען. (זיי פעכטען.) האַ, וואָס זאָגסטו איצט?

לאערטיס. האָסט אָנגעריהרט אַצינד; איך גיב עס צו.

קעניג. ס׳וועט אונזער זוהן געווינען.

קעניגין. ער איז מיעד;

נעהם, האמלעט, וויש דעם שוויים אָב פון געזיכט;
איך טרינק אַצינד פאַר דיין געזונד.
האמלעט. אַ דאַנק.
קעניג. ניט טרינק, גערטרודאַ!
קעניגין. ס'דורשט מיר זעהר שטאַרק. (טרינקט.)
קעניג. (אָן אַ זייט) דער בעכער איז פערגיפטעט; ס'איז צו שפּעט.
האמלעט. איך וואַג ניט טרינקען איצט — אביסעל שפּעטער!
קעניגין. קום צו צו מיר; כ'וועל אָבווישען דיין שוויים.
לאַערטיס. אַצינד וועל איך איהם טרעפען!
קעניג. כ'גלויב עס ניט.
לאַערטיס. (אָן אַ זייט) כמעט אַז ס'פּלאַגט מיך מיין געוויסען.
האמלעט. צום דריטען מאָל, לאַערטיס; דו מאַכסט שפּאַס —
איך בעט דיך, פאַל אָן שטאַרקער, מעכטיגער;
כ'האָב מורא, דו מאַכסט שפּאַס אויס מיר.
לאַערטיס. דו מיינסט אַזוי? מיר וועלען זעהן! (זיי פעכטען.)
אָסריק. ניט געטראָפען!
לאַערטיס. קוק נור אַצינד!

(לאַערטיס פערוואונדעט האמלעטען, דערנאָך, צוהיצטע פון קאַמפּף, בייטען זיי זיך מיט די שווערדען און האמלעט פער־וואונדעט לאַערטיסען.)

קעניג. זיי זיינען ווילד; נעהמט זיי פאַנאַנדער גלייך!
האמלעט. קום נאָך איינמאָל. (די קעניגין פאַלט.)
אָסריק. וואָס איז מיט דער קעניגין?
האָראַציאָ. זיי בלוטען שוין אויףביידע זייטען.
אָסריק. ווי פיהלט איהר זיך, לאַערטיס?
לאַערטיס. כ'בין אין מיין אייגען נעץ אריינגעפאַלען —
כ'האָב דורך מיין פאַלשקייט מיך אַליין געטויט
און בין עס ווערטה.
האמלעט. וואָס איז דער קעניגין?
קעניג. ס'איז איהר ניט גוט געוואָרען זעהענדיג דאָס בלוט.
קעניגין. דער ווייז! דער ווייז! אַ האמלעט טהייערער!
דער וויין! דער וויין! איך בין פערגיפטעט! (שטאַרבט.)

האמלעט. מאָרד!
שליסט אַלע טירען צו! פערראַט! וואו ביזטו?
(לאַערטיס פאַלט.)
לאַערטיס. דאָ איז עס, האמלעט; האמלעט, דו ביזט טויט!
עס קאָן קיין מיטעל אין דער וועלט דיר העלפען.
ניטאָ אין דיר שוין מעהר קיין האלב שעה לעבען:
דו האַלטסט אין האנד די וואפען פון פערדעטער —
ס'איז שאַרף און ס'איז פערגיפטעט. מיין פערראַט
האָט דיך, אויך מיך געטראָפען — זעהסט מיך ליגען
שוין קיינמאָל מעהרער אויפצושטעהן; דיין מוטער איז
צום טויט פערגיפטעט. ניין, איך קאָן ניט מעהר;
דער קעניג איז דער שולדיגער אין אַלץ.
האמלעט. דער שאַרף פון שווערד איז אויך פערגיפטעט —
דאַן נעהם זיך צו דער אַרבייט! (שטעכט דעם קעניג.)
אָסריק און הויפלייט. פערראַט! פערראַט!
קעניג. פערטהיידיגט מיך, אָ פריינד —
איך בין האָך נור פערוואונדעט.
האמלעט. (צווינגט דעם קעניג צו טרינקען פון בעכער.)
טרינק פונ'ם גיפט,
דו מערדערישער און פערפלוכטער דענער —
אהאַ! דער פערל איז אויך דאָ; פאָלג נאָך מיין מוטער.
(קעניג שטאַרבט.)
לאַערטיס. האָסט איהם לויט די פערדינסטען נאָך בעצאָהלט.
די גיפט האָט ער אַליין פערמישט. אצינד
לאָמיר זיך איינער מוחל זיין דעם צווייטען:
זאָל מיין טויט און מיין פאָטער'ס טויט נים פאַלען
אויף דיין נשמה — דיין טויט ניט אויף מיר. (שטאַרבט.)
האמלעט. זאָל גאָט דיר מוחל זיין. איך געה נאָך דיר.
כ'בין טויט, האָראַציאָ. דו אָרעמע קעניגין!
אדיע! איהר אַלע דאָ, וואָס זייט געטראָפען
און ציטערט זעהענדיג נאָט'ס גרויסע שטראָף —
וואָלט איך נור צייט געהאט — נור ס'קומט דער טויט
און נעהמט אונטער'ן שווארצען פליגעל מיך ארונטער —

וואָלט איך דערצעהלט אייך — נור זאָל זיין ווי ס׳איז.
האָראַציאָ, כ׳בין טויט, און דו בלייבסט לעבען;
דו זאָלסט אַלץ וועגען מיר און מיינע מעשים
בעקאַנט מאַכען דער וועלט.
האָראַציאָ. (נעהמענדיג דעם בעכער) דו אורטיילסט פאַלש;
כ׳בין מעהר אַן אַלטער רוימער ווי אַ דענער.
ס׳איז דאָ נאָך גיפט אין בעכער.
האַמלעט. (אַרויסרייסענדיג דעם בעכער) אויב דו ביזט אַ מאַן —
גיב אָב דעם בעכער! איך בעשווער דיך, האַלט!
האָראַציאָ, וואָס פאַר אַ שלעכטען נאָמען
איך וואָלט נאָך זיך געלאָזען אויף דער וועלט!
אָ, אויב דו האָסט מיך ווען געליעבט — האַלט אָב,
האַלט אָב זיך פון די טויערען פון גליק —
און בלייב אַביסעל לענגער אויף דער פאַלשער וועלט —
בעקאַנט צו מאַכען אַלץ וואָס איך האָב דורכגעלעבט.
(פון ווייטען דערטראָגען זיך אַ מאַרש און קאַנאָנען־שאָסען.)
וואָס איז עס פאַר אַ קריעגסגערויש?
אָסריק. דאָס קומט
דער יונגער פאָרטינבראַס מיט זיעג
פון פוילען־לאַנד און ער בעגריסט אַזוי
פון ענגלאַנד די געזאַנדטע.
האַמלעט. איך שטאַרב;
דער בייזער גיפט האָט שוין פערכאַפּט מיין אָטהעם;
כ׳וועל ניט דערציהען שוין די נייעס צו הערען —
נור כ׳זאָג פאָראויס: דער אויסוואַהל פון׳ם פאָלק
וועט פאַלען אויפ׳ן יונגען פאָרטינבראַס;
איך גיב פון קבר איהם מיין שטימע אָב.
דו וועסט איהם אַלץ וואָס ס׳איז געשעהן גענוי
דערצעהלען. און דער סוף איז שווייגען. (שטאַרבט.)
האָראַציאָ. וואָס פאַר אַ האַרץ עס האָט געפּלאַצט! גוט־נאַכט,
מיין זיסער פּרינץ! מלאכים ליכטיגע,
זיי זאָלען דיך אין רוה פערוויעגען!
(אַ מאַרש הינטער דער סצענע.)

די פּויקען קומען נעהענטער אַהער!
(עס טרעטען אַריין פאָרטינבראַס, ענגלישע געזאַנדטע און אַנדערע.)
פאָרטינבראַס. וואָס פאַר אַ בילד!
האָראַציאָ. וואָס זוכסטו אויף דער וועלט?
אויב אומגליקען און שרעקען — זוך ניט ווייטער!
פאָרטינבראַס. דאָס בלוט שרייט ביז צום הימעל. שטאָלצער טויט!
וואָס פאַר אַ יום־טוב האָסטו צוגעגרייט
פאַר דיינע הערשאַפטען, אַז דו האָסט מיט איינמאָל
געטויט אַזוי פיעל פּרינצען!
ערשטער געזאַנדטער. שוידערליך!
צו שפּעט געקומען איז פון ענגלאַנד דער בעריכט.
דאָס אויער וואָס וואָלט אויסגעהערט, איז טויב,
צו הערען אַז ס'איז דורכגעפיהרט זיין משפּט —
אַז ראָזענקראַנץ און גילדענשטערן זיינען טויט:
ווער וועט אַמאָל בעדאַנקען אונז?
האָראַציאָ. ניט ער;
וואָלט ער אפילו לעבעדיג געווען.
ער האָט קיינמאָל בעפעהלען זיי צו טויטען.
דערווייל, אַזוי ווי איהר זייט דאָ געקומען —
איהר פון דעם קריעג מיט פּוילען, איהר פון ענגלאַנד,
און האָט דאָס שוידערליכע בילד געטראָפען —
בעפעהלט מען זאָל די קערפּער צונעהמען
און פאַר'ן גרויסען פאָלק זיי אויסשטעלען —
און מיר ערלויבט צו ריידען פאַר דער וועלט
ווי דאָס איז אַלץ געשעהן: דאַן וועט איהר הערען
פון בלוט, פון טויט, פון אונערהערטע מעשים;
פון צופעליגען משפּט, ניט פאַראויסגעזעהענעם טויט,
פון פאַלשקייטען וואָס זיינען אויפ'ן מערדער'ס קאָפּ
געפאַלען; כ'קאָן דעם גאַנצען אמת אייך ענטפּלעקען.
פאָרטינבראַס. מיר וועלען איילען אַלעם צו דערגעהן.
געהט רופט צונויף די אַדעל־לייט אַהער.
מיט טיפסטען בייליד נעהם איך אָן מיין גליק!
איך בין בערעכטיגט צו'ם טראָן פון דענמאַרק

און פֿאָדער עפֿענטליך מיין רעכט.

**האָראַציאָ.** ס'וועט אויך

מיר אויסקומען פֿאַר אייך פֿון דעם צו ריידען.
ס'האָט דער זיין שטים געגעבען אייך, נאָך וועלכען
עס וועט די גאַנצע קעניגרייך אייך אנערקענען.
נור מאַכט עס שנעל — דאָס פֿאָלק איז אויפֿגערעגט,
ס'קאָן לייכט דאָס בייז זיך איצט פֿאַנאַנדערשפּילען;
ווער וויים, וואָס ס'קאָן פּאַסירען?

**פֿאָרטינבראַס.** זאָלען פֿיער

פֿון מיינע אָפֿיצירען, האַמלעטען
צום פֿאָלק אַרויסטראָגען. ווען ער וואָלט לעבען
וואָלט ער געווען קעניג; זיין לויה
זאָל ווערען דורכגעפֿיהרט ווי ס'פּאַסט זיך פֿאַר אַ קריגער.
נעהמט צו די קערפּער: אַזאַ שרעקענס־בילד
איז פֿאַר'ן שלאַכטפֿעלד בלויז; דאָ איז עס ווילד.
נעה, היים די זעלנער פֿייערען.

(אַ טרויער־מאַרש. אַלע אָב, טראָגענדיג די קערפּערס. באַלד דערויף הערט זיך דאָס שיסען פֿון קאַנאָנען.)